ס. יושקעוויטש

# אידען

## און אנדערע ערצעהלונגען

---

1928  פאריז

# דער אידישער דיכטער

פון וולאַדימיר גראַסמאַן

איך קען נישט קיין אַנדער ווערק אין דעם גרויסען שאַפען פון סעמיאָן יושקעוויטש, וואָס זאָל זיין אזוי אידיש און אַזוי פאָלקסטימליך ווי זיין ערשטע גרויסע ערצעהלונג „אידען”. אָנגעשריבען מיט איבער צוואַנציג יאָהר צוריק, פאַרכאַפּט זי נאָך היינט דעם אָטעם ביים לעזער אוּן רופט ארויס בילדער, פול מיט לעבען און ליידען פון ברייטע אידישע פאָלקסמאַסען. מען פארשטעהט פארוואָס די „אידען” האָבען געמאַכט דענסטמאָל אזא געוואַלדיגען רושם אין גאַנץ רוסלאנד. אידען און ניט־אידען זענען ערשיטערט געוואָרען, דערזעהענדיג אין וואָס פאר אַ הקדש עס לעבט די אידישע גאַס פון א גרויסער שטאָדט, וואָס פאר פערלען־נשמות געהען דאָ אויס אין זייער פאַרצווייפעלטען קאַמף פאר דעם רעכט צו לעבען נאָך איין טאָג, נאָך איין שעה. און אפשר נאָך דערפאַר, ווייל דאָס מערקווירדיגע בוך איז דורכגעווארימט מיט אמת׳ער, טיעפער מענשליכקייט און שטילער, פארבאָרגענער ליעבע צו זיינע העלדען דערזעהט מען פאַר זיך דאָס גאנצע בילד פון דעם אידישען לעבען אין אלט־רוסלאנד. די ריעזען־שטאָדט, וואָס ווייסט ניט פון רחמנות, די פאבריק, וואָס פארשלינגט ארבייטער ווי אַ אייזענגיסעריי נעמט אין זיך אריין בערג מיט רויע מאטעריאלען און ברענט אויס פון זיי אייזען און אָבפאַל, די טעכניער פון די אויסגעהונגערטע פאַמיליעס,

וואָס מוזען זיך סוף כל סוף פארקויפען, דער מאַרק מיט די ווייבער, דער ציגארעטען־מאַכער מיט דעם יונגען ווייבעל וואָס ווערט אויס־געטרוקענט פון דער טאבאק־לופט — אנ'אמת'ער גיהנום, אין וועל־כען עס איז גאָר ניטאָ קיין שיער צו די מענשען־ליידען, אַ וועלט אין וועלכער די איינציגע האָפנונג איז פארבונדען מיט דעם צעטעל פון דער לייפציגער לאָטעריע.

סעמיאָן יושקעוויטש טרעט ניט אויף אין די „אידען" אלס מוסר־זאָגער און וועג־ווייזער אויף דעם געביעט פון סאָציאלע פּראָב־לעמען, אָבער זיין דיכטונג וועקט די נשמה און דאָס געוויסען, זיין שילדערונג מוז ארויסרייסען פון שלאָף די פארשלאָפענע און רופען צו האנדלונג. ניט אלע זענען זיי דאָ דערשטיקט אין די שמאָ־לע, כמעט מיסטעריעזע אין זייער פינסטערניש הייזלאך־קעלערס. אפילו דאָ געפינען זיך ענטוזיאסטען, האָפנונגספולע בעלי חלומות, וואָס זענען ענטשלאָסען צו קעמפען ביז צום לעצטען טראָפען בלוט פאר יושר: איינגיע דאָ, אויפן אָרט, דאָ, „אין גלות", די אַנדערע — דאָרט, אין ציון. וואָס פאר הערליכע שעהנקייט עס ליעגט אין די נאַאיווע שמועסען און אין דער איינבילדונגסקראפט פון די, וואָס גלויבען, ווייל זיי מוזען גלויבען און האָפען.

סעמיאָן יושקעוויטש האָט אין זיינע „אידען" געשילדערט ניט דאָס שטעדטעל, ניט קיין ווינקעלע פון אידישען לעבען, נאָר אַ ברייט אידיש בילד מיט אַ נאָך ברייטערען הינטערגרונד. דאָס בילד וועט נאָך לאנג, לאַנג ניט פארגעסען ווערען.

***

עס איז געווען דענסטמאָל, ווען פון אלע עקען רוסלאַנד האָט זיך געלאָזט הערען דער אָנזאָג וועגען נייע, שטורעמדיגע ציי־טען. מען האָט נישט געוואוסט און אפילו ניט געשפּירט זעהר קלאָר, וואָס וועט ברענגען דער שטורם. עס האָט געדונערט און געבליצט. פּויערים־אונרוהען אין גאנצען לאנד, שטרייקען פון ארבייטער

אוי ־דורך די פאבריקען, דאָס אויפלעבען פון א ליבעראלער עפענטליכער מיינונג — און א אומרוה און אונזיכערקייט אין די רעגירונגס־ און הויף־קרייזען. עס האָט זיך דערנעהענטערט מיט גיכע שריט דאָס קאַפּיטעל פון רוסלאַנד׳ס געשיכטע, וואָס האָט אונז געזאָלט פיהרען פון איין מלחמה צו דער צווייטער און דא צושפּאלטען און צוברע־כען דעם אלטען רעזשים. דאָס לאַנד איז געוועזען קראַנק און האָט זיך געוואָרפען ווי אין פיעבער.

אויך דאָס רוסישע אידענטום האָט פארזוכט אין דער צייט צו שטאַרקען זיך, אָרגאַניזירען זיך, זאמלען זיינע כוחות, שטעהען גרייט צום קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. עס האָבען נאָך געלעבט זכרונות פון די פּאָגראָמען פון 1881, אָבער ווי שאָטענס האָבען זיי זיך אָבגערוקט אין דער פערגאַנגענהייט. מען האָט ניט גע־קאָנט גלויבען, אז אָט־אָט קומט די שחיטה פון קישינעוו און עפענט דערמיט דעם וועג פאַר א כוואַליע פּאָגראָמען, וואָס וועט אַנוואר־פען א טויט־שרעקען אויף דעם אידענטום און לאָזען אויפציטערען די גאַנצע וועלט. אָבער די הערשענדע ביוראָקראַטיע איז געוועזען גראדע פאַרנומען מיט דעם צוגרייטען דעם דאָזיגען שרעקליכען פעלד־צוג געגען דעם רוסישען אידענטום.

סעמיאָן יושקעוויטש גיט ניט אין די „אידען” קיין אָבקלאַנג פון דעם, ווי אַזוי עס האָבען זיך אויסגעבילדעט די נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע שטימונגען אין די העכערע אידישע געזעלשאַפטליכע קרייזען פון יענער צייט, ווי אזוי עס זענען געוואַקסען און האָבען זיך געענדערט די שטימונגען אויבען־אָן. אָבער דער אָבקלאַנג פון די קעלערען און פינסטערע קעמערלאַך, וואו עס האָבען געלעבט זיינע העלדען, איז אזוי האַרציג און טריי איבערגעגעבען, אז מען דערשפּירט נאָך היינט די לופט, מיט וועלכער די מענשען האָבען געאַטעמט, און דאָס אונבאַוואוסטע צאַפּלען פון דעם פאָלק. די נאַאיווע שמועסען און פּראָטעסטע, אָבער טיעפזיניגע דיסקוסיעס וועגען דער אויסלעזונג פון ציון, דער רוף צו א קאַמף פאַר די רעכט

פון דעם ארבייטער, די בליקען, מיט וועלכע די ארויסגעשטויסענע האָבען געקוקט פון דער הינטערשטאָדט אויף די רייכע גאסען פון דער גרויסער שטאָדט, וואו עס האָבען געלעבט די אויסדערוועהלטע — אלץ צוזאמען בלומרשט ווי אַ כאָאָס און אין דערווירקליכקייט אַ רייהע ברייטע בילדער, וואָס שילדערן איינע פון די וויכטיגסטע עפּאָכען אין דעם לעבען פון רוסישען אידענטום. אין די „אידען" האָט דער מחבר דערפיהלט זיין פאָלק, זיינע ליידען, זיינע חלומות און האָפנונגען, זיין דראַנג צו אַ ביסעל מענשליכקייט, זיינע געוואלדיגע אָנשטרענגונגען ארויסצוקומען אין דער פרישער לופט.

דאָס ריהרענדסטע אין די „אידען", דאָס וואָס מאַכט דאָס ווערק צו אַ נאציאָנאַלער אידישער פּאָעמע פון די געפּלאָגטע און גערודפ'טע איז די זעלטענע וואַרימקייט און די מענשליכקייט, מיט וועלכע עס איז דורכגעדרונגען. אזוי רעדט מען נאָר וועגען אייגענע, ווייל אזוי פיהלט מען נאָר אייגענע. דער דיכטער לערנט זיי ניט, ער גיט זיי ניט קיין עצות, נאָר זיין הארץ און זיינע אָרעמס זענען אָפען פאַר זיי און פאר זייערע ליידען.

איצט ווייסען מיר, אז פון די דאָזיגע „אידען" איז דער דיכטער קיין מאָל ניט אַוועקגעגאַנגען, ער האָט זיי ניט פארלאָזען ביז צום לעצטען טאָג פון זיין לעבען. דער איינדרוק איז ביי איהם געוועזען צו טיעף או צו שטאַרק איינגעקריצט אין דעם גאַנצען וועזען פון דעם שרייבער און פון דעם איינדרוק האָט ער זיך קיין מאָל ניט געוואָלט בעפרייען. מיר טרעפען איהם שפּעטער אויף אלע עקען און גאסען פון דער גרויסער שטאָדט שטענדיג צוזאמען מיט זיינע העלדען. פיעלע פון זיי האָבען זיך פאַרענדערט, פיעלע פון זיי זעהען שוין אויס גאָר אנדערש, אָבער מען דערקענט זיי באַלד. דאָס זעענן די בירגער פון יענע פאַרוואָרפענע ווינקלעך און הינטערגעסלאך פון דער גרויסער שטאָדט, וואו דער דיכטער האָט זיי מיט יאָהרען לאַנג צוריק געפונען.

ער איז אויף אייביג טריי געבליבען זיינע העלדען.

***

דער אידישער סענטימענט אין דער גאַנצער וועלט רעאַגירט זעהר שאַרף הויפטזעכליך אויף צוויי ערשיינונגען: אויף אסימי־לאַציע און אויף אַנטיסעמיטיזם. אַלץ, וואָס קאָן זיין געפעהרליך פאַר אידישער טראַדיציע און אידישער קולטור, יעדע זאַך, וואָס קאָן אָבווישען שפּורען פון אידישען גייסט רופט אַרויס ביי אידען גאַנץ אַווטאָמאַטיש אַן'אמת'ע מאָביליזאַציע. אַלץ אין דער וועלט, נאָר ניט פאַרלירען דאָס אידישע פּנים. נאָר ניט צונויפמישען זיך. וואָלט מען דאָך בעדאַרפט אין אַזא מין פאַל צופריעדען זיין דערמיט, וואָס אומעטום אין דער וועלט באַגלייט אונז — אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער פּאָרציע — אַנטיסעמיטיזם. ווייל אויב די מורא פאַר אסימילאַציע איז אַ באַגרינדעטע איז אַנטיסעמיטיזם ניט פון די ערגסטע מיטלען געגען אסימילאַציע. מען קאָן זיך ניט אַזוי גוט אסימילירען מיט דעם צווייטען, ווען יענער וויל דיך ניט אָנ־קוקען און וויל דיך ניט האָבען אין זיינע ד' אמות. ניט קוקענדיג אויף דעם פּראָטעסטירען מיר תיכף. דער איד דערשמעקט דעם ריח פון אַנטיסעמיטיזם אויף אַ מייל, אויב אפילו ער איז פאַרדעקט און באַהאַלטען. זעלטען ווען מען קאָן אָבנאַרען דעם אידישען אינסטינקט אין דעם פּרט. עס ענטשטעהט תיכף אַ מאַסען־פּראָטעסט און דערצו אַ אוניווערסאַלער: פון מאָסקווא ביז יאָהאַנעסבורג, פון פּאַריז ביז כאַרבין, פון ירושלים ביז ניו־יאָרק.

אין דער דאָזיגער סתירה איז דאָ אַ גאַנץ אייגענאַרטיגע לאָ־גיק, די לאָגיק פון דאָפּעלטער פאַרזיכערונג. אין דער סתירה ליעגט דער סוד פון אידישען זעלבסטשוץ און וואַקסען אָהן אַן'אויפהער, וואַקסען ביז צו דער מדרגה פון וועלט־אידענטום. מיר זענען פאַר־זיכערט פון אַ שרפה און פון אַ וואַסער־פאַרפלייצונג. אָהן אַן'איי־גענער טעריטאָריע און אָהן אַן'אייגענער מלוכה פאַרשטעהען מיר ווי צו האַלטען זיך. און דאָס האַלטען זיך איז מעגליך געוואָרען נאָר

א דאנק דער דאָזיגער פּערמאַנענטער מאָביליזאַציע פון אונזער גייסט, פון אונזער נאַציאָנאַלער קראַפט.

אָבער אין דער דאָזיגער ספּעציפישער אידישער ערשיינונג ליעגען זעהר אָפט די גרעסטע שוועריגקייטען פאר דעם אידישען דיכטער, אזוי ווי דאָס איז געווען מיט סעמיאָן יושקעוויטש. ער האָט געשריבען אין א פרעמדער שפּראַך, אָנגעפּיהלט געווען מיט אידישען גייסט און געדיכטעט אין דער וועלט פון אידישע בילדער און ערלעבנישען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט רעדען דירעקט צו דער אידישער מאַסע. דאָס שמעקט שוין מיט פרעמדקייט, פון פרעמד־קייט ווערט דערוויטערונג, פון דערוויטערונג — נאָהענטקייט צו דער ניט־אידישער וועלט, גאָר גאָר נאָהנט צו אסימילאַציע. ווי אזוי קאָן פאלען א שאָטען אויף דעם מחבר פון „מיזערערע" און „הונ־גער", פון „מענדעל ספּיוואַק" און „איטא היינע" — אלץ טיילען פון איין מאָנומענטאַלער אידישער עפּאָפּעע — אָבער דער שאָטען איז געפאלען, דער חשד האָט זיך איינגעוואָרצעלט און פעסט גע־שטאַנען א לענגערע צייט.

סעמיאָן יושקעוויטש האָט פארבראָכען אויך געגען דעם צוויי־טען אידישען סענטימענט: ער האָט זיך ניט גערעכענט מיט דער מורא פאר אנטיסעמיטיזם. אויסגעלאכט און צונישט געמאַכט דאָס אידישע קליינבירגערטום. אויפגעריסען איינע נאָך דער אנדערער וואונדען פון דער אידישער קליינבירגערליכער סביבה. און ארויס־גערופען דערמיט ביטערע פּאָרוואורפען ביי אידען. סטייטש, דאָס הייסט דאָך אַרויסזאָגען פון חדר. געבען וואפען אין די הענד פון אונזערע פיינד. סעמיאָן יושקעוויטש האָט באַשאַפען אונפארגעס־ליכע טיפּען פון אידישען קליינבירגערטום, וואָס רייסען זיך אָב פון אידישען בוים און וואָלטען וועלען צושטעהען צו אנדערע, גע־מאָלען לעבעדיגע שארפע פּאַראַדיען אויף דער אויבערפלעכליכער אסימילאַציע, אָבער, סטייטש, ווי קאָן מען דערלאָזען, אַז א פרעמ־דע וועלט זאָל אָבלאַכען און אָבשפּאָטען אפילו פון לעבערליכע,

אפילו פון געמיינע ערשיינונגען אין אידישען לעבען. נאָר קליינע, באַשרענקטע קרייזען האָבען געמאַכט דעם פּאָרוואורף דעם דיכטער, וואָס האָט אזוי טיעף דערפיהלט די אידישע נשמה און זי שטענדיג ליעב געהאַט און מיט אַזאַ צערטליכקייט אין זיין הארצען געטראָגען זיין גאַנץ לעבען. ער האָט שווער געליטען פון דעם דאָזיגען בייזען מיספארשטענדניש, אָבער ניט געביטען זיך, ניט אויפגעגעבען זיין וועג. ביז די שעה איז געקומען און דער וועג האָט איהם געבראכט צו די ברייטע קרייזען פון דער אידישער געזעלשאַפט.

היינט, ווען מען לייענט די „אידען" אויף אידיש און מען קוקט אריין טיעף אין דעם אור־קוואל פון דעם דיכטערס אידישער שאפונג, דערזעהט מען ערשט, ווי פעסט און שטאַרק ער איז גע־ווען צונויפגעוואַקסען מיט'ן אידישען פאָלק, ווי פיין ער האָט געפיהלט און אָבגערופען זיך אויף דער אידישער פאָלקס־נשמה. מען דערזעהט די גייסטיגע ערשיטערונג און דאָס צאַפּלדיגע זוכען פון נייע לעבענספאָרמען, מען דערזעהט פאר זיך די עקאָנאָמיק פון דער גרויסשטעדטישער אידישער צופאַלעניש, מען קומט אריין צווישען אייגענע.

דאָס איז די קראַפט פון אידישער דיכטונג.

***

די אידישע ליטעראטור איז ווי דאָס אידישע פאָלק: צוזייט און צושפּרייט איבער דער גאנצער וועלט, געשריבען אויף צעהנדליגער שפּראַכען, פאַראייביגט פון צעהנדליגער פרעמדע פעלקער. זיכער, אז מיר אליין קענען נאָך היינט ניט אונזער רייכטום. דייטשען און רוסען האָבען ענטדעקט דעם גרויסען דענישען ראָמאַניסט מאיר גאָלדשמיעדט, א אידישער דיכטער מיט אידישער דיכטונג אין דע־נישער שפּראַך, אָבער אזוי פרעמד און ווייט פאַר ברייטע אידישע

פאָלקסקרייזען. דענישע הענד האָבען איהם אויפגעריכט א דענק־מאָל אויף איינעם פון די פּלעצער פון קאָפּענהאַגען. אָבער זיין שאַ־פען, אָבער דאָס אידישע לעבען און די אידישע געשטאַלטען, וואָס ער שילדערט — פון אונזער בלוט און פלייש.

אזוי ווי דאָס פארשפּרייטען זיך פון דעם אידענטום איבער דער וועלט איז געוואָרען אַ קוואַל פאַר נייע כוחות און נייער אויפ־לעבונג פאר אונזער פאָלק אזוי באַרייכערט און פארשעהנערט האָט אונזער ליטעראַטור איהר פיעלשפּראַכיגקייט און פיעלפאַרביגקייט. עס האָט אונז ניט געשאַדט וואָס הענריך היינע האָט געשריבען דייטש. עס איז פאַר אונז ניט פארלוירען געגאַנגען דאָס וואָס ישראל זאַנגוויל האָט געשריבען אויף ענגליש, יעקב וואַסערמאַן אויף דייטש, הענרי נאַטאַנסען אויף דעניש. זיי געהערען אַלע צו אונז, וויפיעל גרעניצען זאָלען זיי ניט אָבטיילען פון אונז. עס איז דאָ אַ וועלט־אידענטום מיט אזוי פיעל היימען און שפּראַכען און עס איז פאַרהאַן אַ אידישע וועלט־ליטעראַטור אין אַלערליי שפּראַכען. מיר קענען נישט אַוועקגעהען פון איהר, ווי זי קאָן אונז נישט פאַר־לאָזען.

אָבער וועגען איין זאַך מוז מען שטענדיג זאָרגען. מען דאַרף זיי ברענגען נעהענטער צום פאָלק, כדי דאָס אייגענע פאָלק זאָל קענען פון זיי געניסען אזוי פיעל וויפיעל עס געניסען פון זיי די פרעמדע. שטענדיג און שטענדיג מוז מען איבערנעהמען זייערע ווערק אין דער שפּראַך פון אונזערע פאָלקסמאַסען. דערמיט וועט אָבגעשלאָסען ווערען דער קרייז, אַ גרויסער און אַלץ אומפאַסענ־דער, פון דער אידישער וועלט.

סעמיאָן יושקעוויטש איז שוין פון לאַנג בעקאַנט געוואָרען דעם ברייטען אידישען לעזער־קרייז, אָבער די דריי בענדער פון זיי־נע געזאַמעלטע שריפטען מיט די „אידען" אין דעם ערשטען באַנד וועלען געבען דעם אידישען לעזער די מעגליכקייט צו באַקומען א קלאָרען באַגריף וועגען דער שאַפונג פון דעם דאָזיגען גרויסאַרטיגען

אידישען דיכטער. ער קומט צוריק צו די, וואָס האָבען באַהערשט זיין הארץ און זיינע געפיהלען, צו די, וועמען ער האָט שטענדיג געטראָגען אין זיך מיט געטרייער ליעבע.

---

# אידען

איבערגעזעצט פון רוסיש

פון

רחל פייגענבערג

# I.

דער טאָג פון ארבייט האָט זיך געענדיגט. ביסלעכוויים האָט געזונקען אין שטילקייט דער גרויסער הויף מיט די קרעמערישע שפייכלערס פון אלטען אייזען. די ארבייטער האָבען זיך געלאָזט אוועקגעהען פערשטויבטע און מידע. ווי זיי וואָלטען זיך אָנגערעדט דערויף, זענען זיי אלע געגאנגען אראָבגעלאָזט די קעפּ. די קלייט־משרתים האָבען געשלאָסען די שפייכלערס מיט גרויסע שליסלען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען, ווי העקעלעך און די בעל־הבתים האָבען זיי נאָכגעקוקט. אין איילעניש האָבען זיי אָבגעגעבען זייערע באפעהלען צום קומענדיגען טאָג.

ס'איז צוגעפאלען די נאכט, אַ רוהיגע און אַ שטילע. אין שטיבעל פונ'ם הויף־שומר האָט זיך באוויזען א פייערעל און איבערן הויף איז געפאלען זיין רוהיג־שטילע שיין.

פון דער קופּע אייזען־שטיקער און געפּעק האָבען זיך אָבגעטיילט עטליכע ארבייטער און גלייך איז צוגעקומען דער בעל־הבית, א דארינקער און א נעבעכעל אָנגעטאָן אין א געלאטעטען קליין סורדוטעל. דאָס געל בערדעלע זיינס האָט איהם אַרויסגעשטעקט, ווי א צוויקעל אין דער זייט אריין. רעדענדיג מיט די ארבייטער, האָט ער זיך אָנגעהויבען צו רעכענען מיט זיי.

— וואו איז נחמן? — האָט ער יעדע ווייליע געפרעגט. — אנ'אומרוהיגער האָט ער זיך ארומגעקוקט אין די זייטען און האָט עפּעס געזוכט מיט די אויגען נעבען די שפייכלערס אין דער קופּע מיט אייזען.

ארום זענען געשטאנען די ארבייטער. און איינער פון זיי, אַ דארער און א פעסטער, האָט זיך געקלאפּט אין שטערען און איבערגערעכענט אויף די פינגער דעם באקומענעם ארבייטס־לויהן, ניט ווי

סענדיג ווי אזוי צו זיין זיכער, אז דער חשבון איז ריכטיג. דערביי האָט מען געזעהען נאָך זיין צוקען מיט די אַקסלען, ווי אַזוי ס'ערגערט איהם איצט זיין קויטיג העמד מיט'ן צעריסענעם קאָלנער.

די רעכענונגען האָבען זיך לסוף געענדיגט און די ארבייטער, בעטענדיג אומזיסט טרינק־געלד, זענען אַנגע'ברוגז'טע אוועק צום טויער, דאן האָט זיך פון ערגעץ ארויסגעוויזען נחמן. דעם מענשען מיט'ן געלען בערדעלע האָט ער איבערגעגעבען אַ גרויסען שליסעל און דערביי האָט ער געזאָגט הויך און דייטליך:

— בעל־הבית, גיט מיר אַ רעכענונג.

זיין פנים איז איצט געוואָרען ערנסט און פער'עקשנ'ט. דער בעל־הבית האָט אויף איהם א קוק געטאָן און גלייך האָט ער אָנגע־הויבען רעדען זעהר היציג... פערלעגט מיט די הענד אין די קעשענעס האָט נחמן רוהיג אויסגעהערט זיינע טענות און, ווען ס'איז געקומען צו ענטפערען דעם בעל־הבית אויף זיינער א פראגע, האָט ער פעסט איבערגע'חזר'ט דאָס זעלבע:

— גיט מיר א רעכענונג, גיט מיר א רעכענונג.

זיי זענען לאנגזאם געגאנגען צום טויער און דער בעל־הבית האָט אַלץ גערעדט דאָס זייניגע לויט פארשידענע אומשטענדען און חשבונות. דערביי האָט ער געפיהלט, אז ער איז אָהנמעכטיג און זיינע ווערטער וועלען קיין נוצען ברענגען, האָט ער דעריבער אָנ־געהויבען בעטען, נאָר נחמן האָט גערעדט מיט'ן קאָפּ און פער'עקשנ'ט געהאַלטען זיך ביי איינס:

— איך קאָן מעהר ניט. גיט מיר אַ רעכענונג.

ער האָט עס נעכטען אין אָוועגד באשלאָסען אויף געוויס. אין דער דירה, וואו ער האָט געוואוינט, האָט שוין געוואַרט אויף איהם זיין קעסטעלע מיט די צונויפגעלייגטע זאכען. ער האָט דעם בעל־הבית קוים געהערט. ס'האָט זיך איהם געטראַכט נאָר פון דעם פערגעניגען, ווי אזוי ער וועט ארויפוואַרפען זיין רענצעלע אויף די אקסלען און וועט אנטלויפען פון דער דאָזיגער גאס, וואוהין זיינע אויגען וועלען טראָגען.

דריי יאָהר זענען אוועק פון זינט ער איז אָנגעקומען אויף דער שטעלע און די דריי יאָהר, וואָס ער האָט דאָ פערבראכט צווישען די אידיישע קרעמער, זענען ביי איהם געווען יאָהרען פון אַ גרויסער לערע צו דערפיהלען די לעבענס־ליידען פון זיך אליין און אנדערע.

אויך זענען זיי איהם אַ שולע געווען אריינצודרינגען אין לעבען און אין פיין צו דערקענען די וואַקסענדע באַוואוסטזיניגקייט פון זיך אליין. איצט איז ער שוין געווען אריבער אין די יאָהרען, ווען פון די לייכטע יוגענד־געפיהלען אינ׳ם מענשען שיילען זיך ארויס זיינע באשטימטע סימפּאטיעס און שטימונגען. ס׳איז שוין די צייט, וואָס יעדער פערלאנג און טהאט מוז דערפיהלט ווערען, כאָטש צום שלעכטען פאר זיך אליין.

ער איז געוואקסען אין דער לופט פון די פּאָר־שטאָדטיגע הויפען. תמיד אין שווארצער און שווערער האָרוואניע האָט ער ביז דער שטעלע געלעבט ווי א שווארצער ארבייטער און דער טאָג איז ביי איהם אוועק אין קאמף מיט ניט קיין־לעבעדיגע זאכען און גראָב־שווערע משאות. צוליעב דעם האָט ער אָנגעשטרענגט זיינע מוס־קולען און דאָס עקשנות פון זיין ווילען, נאָר ער איז אויסגעוואקסען א פעסטער יונג, א דרייסטער און א זעלבסטשטענדיגער. איהם איז שווער געווען צו בעגרייפען, וואָס איז עס אַזוינס פחד און ער האָט פארוואונדערט געקוקט אויף די ארומיגע אידישע קרעמער, וועלכע זענען תמיד געווען דערשראָקענע און צוגעדריקטע. און ער איז צו זיי פרעמד געווען. זיין שטימונג איז געווען פון א געזונדען מענשען, וועלכער האָט זיך דערקענט צו דער שווערקייט און פעסטקייט פון זאכען און האָט זיי גובר געווען מיט זיין פיזישער קראפט. ערד, שטיינער, אייזען און יעדער שווערער משא בכלל האָבען זיך איהם אויסגעוויזען אלס בעזיגטע עלעמענטען, וועלכע זענען אונטערטעניג זיינע שטארקע רוקען־ביינער און די געהארטעוועטע מוסקולען פון הענד און פיס. און אַזוי ווי ער האָט ניט געוואוסט פון פחד, איבער וועלכען ער האָט קוים עפּעס פערשטאנען דורך דער מורא פון אנדערע. האָט ער זיך נאָך ווייניגער געשראָקען פארן לעבען. יונג און ניט ער־פארען האָט ער געטראכט וועגען לעבענס־אָנגעלעגענהייטען אזוי גרינג, ווי פון א קופּע שטיינער, וועלכע מען האָט געדארפט אריבער־שלעפּען פון איין אָרט אויף׳ן אנדערען.

אין דער פריהערדער יוגענד, ווען די היימישע האָבען נאָך ניט געדארפט זיין האָרוואניע און זיינע זאָרגען און טאטע־מאמע האָבען זיך אליין דאן געמיהט איהם צוגרייטען צום לעבען אַ בעוואָפענטען מיט כחות — דאן האָט ער פערבראכט פיער יאָהר אין דער אידישער שולע און די למודים האָבען זיך

איהם געגעבען גרינג מיט קינדערישער הנאה און רייץ. דאָ האָבען זיך איהם געוועבט זיינע ערשטע טרוימען וועגען א פריילעך און ליכטיג לעבען, און די צייט איז אוועק זעהר גיך, ווי אימעצער וואָלט פיבעריש באַפּוילען „פאָראויס, פאָראויס" און ער אליין וואָלט זיך געוואָלט וואָס גיכער איבערצוגעהען עפּעס א ליניע פון א זיכערען גורל. נאָר ער האָט עס ניט דערגרייכט און צו דרייצעהן יאָהר איז ער שוין געווען אין אנייעם און שווערען יאָך פון א פאַמיליען־פערזאָרגער. ער האָט געדאַרפט שפּייזען זיין מאַמע די אלמנה און דאָס פער׳יתומ׳ט קליין שוועסטערעל און די שולע מיט אלע איהרע פריידען, וואָס זי האָט אין איהם ערצויגען, זענען פארלוירען געגאנגען אויף אייביג. דער פאַמיליע האָט ער געדיענט מיט אלע זיינע כחות: דורך צופעליגע פערדינסטען, געווען א שיק־אינגעל, געריבען זיך נעבען די דערוואקסענע שווארצע ארבייטער און געדיענט אלס פוהרמאַן, פערבאהאלטענדיג די אינגעלשע יאָהרען זיינע אינ׳ם גרויסען פויערישען פעלץ מיט׳ן האַרט־אייזערנעם הוט. ניט געווען פאַר איהם קיין שווערע ארבייט. ס׳האָט ניט עקזיסטירט קיין אָנגעשטרענגטקייט און קיין דערנידערונג פאַר זיין היים איבערגעגעבען הארץ ס׳זאָל איהם אָבשטעלען עפּעס צו פאַרדינען. די דאָזיגע דריי יאָהר פון פריש־וואקסענדע כחות, ווען די ארומיגע וועלט איז, ווי א גרויס וואונדער־פעלז, צו וועלכען מען דערנעהנטערט זיך און ביסלעכווייז הייבט זיך עס אָן צו באווייזען מיט אלע זיינע צויבערשענקייטען ביז עס ענטפּלעקט זיך א וואונדערליך פּיראַמידען־לייטער. אויף די ברייטע טרעפּ האָבען זיך אויסגעשטעלט מענשען אין פאַרשידענע קליידער, מיט פאַרשידענע לשונות, געוואוינהייטען און פיהרונגען, און דאָס בלוט איז, ווי א יונגער וויין, וואָס שפּילענדיג, מאָלט עס זיך אויסטערלישע סודות׳פולע בילדער פון שענקייטען און פריידען. די דריי צויבער־יאָהרען זענען דורכגעלאָפען, ווי א בליץ, לעשענדיג זיך אין שווארצער ארבייט. און נאָר דאן, האָט ער עס דערזעהען ווען די דאָזיגע האָפענונגען זענען אויך נעלם געוואָרען אויף אייביג. אונטער די זעלבע קאַלטע שטיינער, וואו ס׳זענען געלעגען דער טאַטע מיט׳ן ברודער, האָט ער אויך די מאַמע און דאָס קליינע שוועסטערעל מקבר געווען. שטעהענדיג אויפ׳ן בית־עולם צווישען די עטליכע גוטע שכנים, וועלכע האָבען איהם געהאָפען בעגלייטען אין זייער אייביגער רוה זיינע נאָהנטע און ליעבסטע — האָט ער

דאַן ערשט אויף אַ רגע דערשראָקען זיך פאַר'ן לעבען מיט זיין אָפּענעם תהום... נאָר דעמאָלט, ווייל נעבען איהם זענען געשטאַנען צעבראָכענע אַלטע לייט אין זייער אַלט־אָרימע קליידער. דאָס זענען געווען לעבעדיגע מצבות פון אַמאָליגע קאַמף־פעהיגע מענשען, וועלכע האָבען זיך תמיד גראַנגעלט מיט'ן לעבען און זיי האָבען ניט געוויינט אויף זיך, נאָר אויף זיין יונגען צער און עלענדקייט. און ער האָט דערקענט אין זיי אייגענע ברידער...

— גלויב זשע מיר, נחמן. דו וועסט מיך ניט פאַרלאָזען — האָט נאָך אַלץ געזעדט דער בעל־הבית מיט אַ געבעט, קוקענדיג איהם אין די אויגען אריין און נחמן האָט זיך אָבגעקערט פון איהם — וואוהין וועסטו געהען?

איבער די גאַסען זענען געגאַנגען מענשען, ניט אומקוקענדיג זיך מאַכענדיג מיט די הענד. און דאָס, וואָס זיי האָבען געקאָנט געהען וואוהין זיי ווילען, האָט אַרויסגערופען ביי נחמנ'ען אַזאַ הייסען פערלאַנג פון באַלדיגער פרייהייט, אז ער האָט אויסגעשריען מיט בעגייסטערונג:

— בעל־הבית, איך הער אייך ניט, איהר זעהט אָט געהען מענשען וואוהין זיי ווילען. זיי געהען אוועק פון דער דאָזיגער גאַס.

דאָס לעבען איז ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. נחמן האָט אוועקגעוואָרפען דאָס פוהרמאַנישע ברויט. ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון דערנידערונג צו זיין אַ לויף־אינגעל. ער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ הויכען ברייט־פּלייציגען בחור מיט רויטע באַקען און אַ פּער'עקשנ'טען שטערען. מעהר האָט ער שוין ניט געטראַכט וועגען דער צוקונפט און ער האָט זיך אָבגעגעבען זיכער יעדען איינציגען צופאַל, אַ נייגעריגער ביז משוגעת צו וויסען וואָס ווייטער ס'וועט זיין מיט איהם. דורך די נעכט האָט איהם זיין געדאַנק געדרייצט צו וויסען וואָס מאָרגען וועט זיין. ליגענדיג אויפ'ן געלעגער, האָט ער זיך געצויגען אין תענוג און רוהע פון זיין מידען קערפּער און איז אַזוי צופרידען געווען מיט זיין פיזישען כח, וועלכער איז געווען זיין באַשיצער. אַזוי ווי אַלע שוואַרצע אַרבייטער איז ער פון פריה־מאָרגען געגאַנגען אויף דער בירזשע, ניט פיהלענדיג דערביי קיין בעליידיגונג, וואָס מען קויפט איהם, ווי אַ גוט־איינגעאָרדענטע מאַשין, וועלכע וועט פּינקטליך מאַכען פאַר עמיצען אַ שטיקעל־אַרבייט. דאָס איז געווען די ווילדע און ערגסטע צייט פון זיין לעבען, ווען

זיין אייגענער ווילען איז געווען טויט און ער האָט נאָר איינגע־זאפט אין זיך אַלערליי נייעס און אינטערעסען, וועלכע זענען איהם געגאַנגען פערביי און האָבען צו איהם קיין שייכות ניט געהאַט. און דערפאר, וואָס ער האָט בלויז געשלונגען אין זיך מיט די בליקען דאָס ארומיגע לעבען, אויף וועלכעס ער האָט געקוקט זעהר נייגעריג און אויך דערפאר, וואָס ער איז נאָך געווען זעהר יונג — זענען אַלע אומרעכטען, בעליידיגונגען און סתירות פון לעבען געגאַנגען פערביי איהם, ניט אָנריהרענדיג זיין נשמה.

— דאָס לעבען איז גרינג — האָט ער זיך געזאָגט פער׳עקשנ׳ט, ניט וועלענדיג אָנערקענען דאָס אייגענע און פרעמדע ליידען. און ווייטער האָבען זיך געדרוקט זיינע טעג, עהנליכע איינס אויף דאָס אַנ־דערע, ווי לייבליכע ברידער, נאָר צו לעבען אַזוי, איז דאָך געווען אומעגליך.

— מען דאַרף האָבען א תכלית — האָט ער בעשלאָסען.

און אז ער איז אָנגעקומען אויף דער שטעלע צום קרעמער פון אַלטען אייזען, צווישען ארימע בעל־הבתים, הענדלער, מעקלערס און פערפייניגטע קלייט־משרתים, וועלכע האָבען זיך געבויגען צו דער ערד פון שווערער אומענשליכער האָרעוואַניע — האָט ער דאָ אינ׳ם גרויסען הויף דערפיהלט א בייטש איבער זיך. אַזוי ווי ער וואָלט ביז אהער פריי פערצויגען א שטריק אויפ׳ן האלז. ס׳זענען אָנגעקומען אַזעלכע טעג, וואָס פון אינדערפריה ביז שפּעט ביי נאכט האָט מען געדארפט שלעפּען אויף זיך ווילד־שווערע שטיקער אייזען, אויסגעהען די ווייטסטע שטרעקעס צוליעב דעם קלענסטען טעות צווישען דעם בעל־הבית מיט׳ן קונה, ניט דערעסען, ניט דערשלאָפען און זיין שטענ־דיג אונטער׳ן יאָך. נאָר ניט די האָרעוואַניע האָט איהם געשראָקען. אַ וואַלדער און א צערייצטער האָט ער מיט דער גרעסטער אָנשטרענ־גונג פון זיין עקשנות זיך אונטערגעגעבען דער משונה׳דיגער מאשין פונ׳ם בעל־הבית, וועלכע האָט געגעבען ברויט, נאָר געפּייניגט מענ־שען, ווי זי וואָלט ספּעציעל צוליעב דעם בעשאפען געוואָרען. איצט האָט ער שוין פארן שלאָף ניט גע׳חלומ׳ט — וועגען די פּאַסירונגען פונ׳ם מאָרגענדיגען טאָג, ווייל דער דאָזיגער טאָג האָט איהם פאָר־אויס צוגעזאָגט די זעטיגקייט און ער האָט זיך ניט געקאָנט שטעלען געגען דעם. דעריבער האָט ער געטראכט פון איהם מיט האס און זיך אַליין האָט ער פיינד געהאַט.

מיט יעדן טאָג זענען בולט'ער געוואָרען זיינע פליכטען מיט זייער גאנצער פשוט'קייט און פערשטענדעניש. געווען איז עס א געגארטער טומעל און א פרייד פארן בעל־הבית און פאר איהם א גיהנום. פון אנפאנג האָט ער אינסטינקטיוו געזוכט זיך צו פערגרינגערען און ער האָט זיך אונטערגעגעבען, ער האָט זיך ארויגעוואָרפען אויף דער ארבייט, חלומ'ענדיג אָנצוזעטיגען די אפעטיטען פונ'ם בעל־הבית און איינמידען די איינגעפיהרטע מאשין. אזוי ארום האָט ער געטאָן מיט אמאָל זעהר פיעל איבריגע ארבייטען. ווי עפּעס א דבוק וואָלט זיך איהם אריינגעכאפּט. מיט אָנגעבלאָזענע אָדערען אויפ'ן שטערען, ניט קוקענדיג אויף קיינעם, האָט ער אָהן אָפּרוה געטראָגען איבער'ן הויף, און מיט זיין פערפיהרטער ארבייטס־משוגעת האָט ער געוועקט צו זיך די שנאה פון זיינע חברים, וועלכע האָבען געדיענט אין די שכנהת'דיגע שפּייכלערס. לאנג האָט ער זיי ניט געקאָנט פערשטערען, ניט קוקענדיג אויף קיינעם, האָט ער אָהן אָפּרוה געטראָגען צו איהם און זייער אומגעלומפּערטער קאַמף מיט'ן לעבען האָבען לסוף באהערשט זיין הארץ און זיינע געדאנקען. ניט־אין די ווילד־אָפענע ליידען איז געווען דאָס אומגליק, נאָר דאָס, וואָס עס האָט זיך געטאָן דאָ פאר זיינע אויגען אלע שעה און אַלע טאָג, האָט איהם ווי עפּעס א סכנה געצוואונגען זיך צוהערען און צוגרייטען...

פרעמדע לעבענס, שרעקליכע און פערפּייניגטע, האָבען זיך איהם ענטפּלעקט און ער האָט געדארפט דורכגעהען פערביי זיי, ווי צווישען א שטעכעדיגען שפּיזען־וואלד, וואו מען האָט זיך געדארפט אדורכרייסען מיט וואונדען און אָבגעריסענע שטיקער הארץ כדי ניט צו שרייען פון רחמנות.

ס'איז געגאנגען א קאַמף פאר א שטיקעל ברויט. פון טאָג אויף טאָג, ווי אין אנ'אייביג־פינסטערען מדבר, וועלכער האָט ניט קיין אָנהויב און קיין סוף, מיט איין אויסגעשריי: „ברויט און מעהר גאָר ניט”. ס'זענען געגאנגען מענשען און האָבען אָנגעווענדעט די גרעסטע כחות אויף צו ראטעווען זיך. זיי האָבען אויסגעזעהען, ווי פאנאטיקער, ווי משוגעים, און נישט געווען דער כח, וואָס זאָל קאָנען אָבשטעלען זייערע טריט. זיי האָבען זיך געפּייניגט, ווי פרייוויליגע מארטירער, אוועקגעבענדיג ניט געטראכט פאר א ביסען ברויט אלץ אין דער וועלט: געזונד, קראפט און פעהיגקייטען.

אזוי ווי א היישעריג רוקט זיך גלייך און פער׳עקשנ׳ט אויף דעם פעלד, וועלכעס דארף איהם אנזעטיגען, אזוי טעמפּ האָבען זיי גע־גלויבט אין גוטס און זיי זענען געגאנגען צו דעם גלייך און איינ־געשפּארט. אזוי בלינד זענען זיי אומגעקומען, ניט פערטראכטענדיג זיך קיין איין מינוט אויף זייער גורל, וואָס זיי ערוואַרטעט. זיי האָבען געגלויבט...

ס׳האָט זיי פער׳כשופ׳ט דאָס גלויבען אין דער צוקונפט.

אידען מיט אויסגעמאטערטע און משונה׳דיגע פּנים׳ער, אידען אָבגעריסענע און אָרימע מיט ברענענדיגע אויגען און טויזענדער פּלאַ־נען אין קאָפּ, בלינדע צו דער גרויסער וועלט, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט און ניט געוואָלט קענען, אידען מיט זייערע הייסע און ליי־דענשאפטליכע טענות און קריגערייען — זענען זיי אלע געגאנגען געגען דער העלער זונען־ליכט פון טאָג אינ׳ם דאָזיגען מדבר אריין, וואו ס׳איז גאָר ניט צוגעגרייט געווען פאר זיי. געזונדע און שוואכע, קבצנים־בעל־הבתים, קבצנים־הענדלער און קבצנים־מעקלערס — אליי האָבען זיי געטאָן איינס: געשאפען, געארבייט און געטומעלט זיך.

די מינדעסטע זאך, וואָס איז דורך א נס אויף עפּעס נויטיג געווען, איז פערוואנדעלט געוואָרען אין ברויט. א שטיקעל אלט אייזען, פון וועלכען ס׳האָבען זיך געשפּייזט טויזענדער משפּחות, האָט בעגייסטערט דעם געדאנק און ארויסגערופען ליכטיגע האָפּע־נונגען און אויף זיין מזבח זענען געבראכט געוואָרען מענשליכע קרבנות.

זומער אין דער ברענענדער היץ, ווען פון די אָבגע׳שרפה׳טע פּלייצעס שלאָגט א פּארע, ווינטער אין די גרויסע שנייען, ווען ס׳שטעלט זיך אָב די גאסען־באוועגונג און אינ׳ם פינסטערען, פייכט־רעגענדיגען הערבסט — די וויכטיגע ארבייט אינ׳ם גרויסען הויף איז געגאנגען כסדר. מען האָט געקלאָפּט מיט האמערס, צונויפגעהאקט פארשידענע אייזען־רעשטען, געבונדען און געדראָטעוועט אלערליי אייזען־שטויבען און אייזען־געפּעק. מיט זיפץ און וועה, האָט מען געשלעפּט שטיין־שווערע פּלאַסטען און מען האָט פאנאנדער געשמאָל־צען אַלערליי טשוגון־שטיקער און דאָס אייזן האָט הייזעריג און טעמפּ געקלינגעלט פון פריה ביז ביינאכט, ווי א בייזער הונד אויף דער קייט. ניט געווען קיין סוף צו די מאטערנישען, ס׳האָט זיך געשפּאָל־

טען אויפ׳ן רוקען די הויט, ס׳האָט געפינסטערט אין די אויגען, אָטעם האָט פארפעהלט. אלץ איז געגאַנגען אינ׳ם אייזען־שטוים אינאיינעם מיט די שטרעבונגען צו א בעסער לעבען. געזונקען ביז׳ן האַרץ אין האָרעוואניע און פארפייניגטע, אין לאנגע איינשניטיגע קאפּאָטעס, האָבען זיי אויסגעזעהן ווי א טעמפּער שקלאפען־לעגיאָן, וועלכער האָט געדינט אנ׳אומבאוואוסטען בעל־הבית. קיינער האָט אויף א רגע ניט געוואָרפען זיין ארבייט. וואָס איז זיי געווען די שענע וועלט? וואָס איז זיי געווען דאָס לעבען? ס׳איז געגאנגען א קאמף פאַר א שטיקעל ברויט.

אייביג אין זאָרגען און אין פינסטערניש האָבען זיי זיך געהאט פארגעסען דאָס ביסעל, וואָס זיי האָבען געוואוסט. זיי האָבען פיינד געהאט און אויסגעלאכט אלעמען, שטאָלץ־גלויבענדע, אז דער אמת איז נאָר ביי זיי. אין די אָברוה־שטונדען פלעגען זיי געהען אין די טראַקטירען און ניט קיין געוואשענע האָבען זיי אין איילעניש צו־געביסען עפּעס און ווידער געשמועסט וועגען פּרייזען, סחורה און קונים. זיי האָבען געטרונקען בראָנפען מיט קליינינקע גלעזעלעך. קוויקענדיג זיך, האָבען זיי געוואונקען איינס צום אנדערען און דאַן האָט מען זייערע רייד ניט געקאָנט הערען. אין די מינוטען, ווען די דאָזיגע פארגרעבטע מענשען זענען ניט בארופען געווען צו ליידען, האָבען זיי געערדט צווישען זיך מיט א משונה׳דיגען לשון, וועלכער האָט זיך ביי זיי אויסגעארבייט נעבען זייערע פרנסות. זיי האָבען זיך געוויצעלט מיט ווילד־גראָבע ווערטלעך, אָנגערופען איינס דאָס אנדערע און חוזק געמאכט. בעשיידענע אין לעבען, ווי צניעות׳דיגע יונג־פרויען, האָבען זיי זיך דאָ ערלויבט נאָך א קליין גלעזעל משקה צו כאפּען א שמועס וועגען מיידלעך און ווייבלעך. אין די ציגישע פאָרשטעלונגען, וועלכע ס׳האָט זיי געמאָלט די צעררייצטע פאנטאזיע צוליעב זייער פרישות אין לעבען, זענען געווען אזוי משונה־ווילד, אז א פרעמדען מענשען איז אין אזעלכע מאָמענטען זעהר ניט היימליך געווען מיט זיי. אמת־גרוים און אמת־מענשליך זענען זיי געווען נאָר דאַן, ווען דאָס לעבען האָט פון זייערע הערצער געריסען א ליידענדען וועה. דאַן האָבען זיי געטרייסעלט די הימלען. דאַן האָט זייער אויסגעאיידעלטע שפּראַך פון ליידען ארויסגעזונגען אזעלכע רייצענדע נשמה־קלאנגען, אז עס האָט זיך אייביג געגלוסט הערען פון זיי דעם דאָזיגען הייליג־שטראהלענדען אמת...

נחמן האָט נאָך ניט אינגאנצען פערשטאנען, וואָס עס איז גע־שעהען און וואָס מיט איהם קומט פאָר. איין פונק האָט איהם דורכאויס זיין הארץ געברענט, נאָר ס'זענען אוועק טעג און וואָכען און זיין גליהענדער צאָרען האָט זיך בּיסלעכווייז אויסגעוועבט. ער האָט זיך אָנגעהויבען צוגעוועהנען מיט'ן גורל פון דיער אומענשליכער האָרע־וואניע, וועלכע האָט איהם צעטראָטען און צעריבען. ·ערביי האָבען זיך פון אלע זייטען געריסען אין זיין נשמה פרעמדע צרות, מאָנענדיג רחמנות און מיטגעפיהל און ער איז אריין אין צוים צו טראָגען דעם יאָך רוהיג און נאָרמאל, ווי א יונג פערד, וועלכען מען האָט איינ־געשפאנט אין א צו שווערען וואָגען.

ביסלעכווייז האָט ער באקומען חברים. ביי דער ארבייט, אין א חיי־שעה ביי טאָג און פון אָוונד, אָדער אין יום־טוב, וועלכער איז געווען אזוי זעלטען — זענען זיי אלע געווען איינס, כאָטש זיי זענען אין כאראקטער און געוואוינהייטען זעהר פארשידען געווען. אלע זענען זיי בעהערשט געווען מיט איין געדאנק וועגען דעם, ווי אזוי צו קריגען א שטיקעל ברויט. גליקליכע רעיונות זענען עס געווען, ווי אזוי צו פערדינען דאָס ברויט מיט וועניגער פיין און מאטערנישען און זאָל עס זיין צו זעט. זיי האָבען געטראָגען דעם עול פון פאמיליעס, וועלכע זענען אינ'ם לעבענס־קאמף ניט פעהיג געווען. טאטע־מאמע זענען עס געווען, וועלכע זענען געפאלען אונטערען שווערען יאָך פון פרנסה און נויט, קליינע ברידער און שוועסטערלעך, וועלכע האָבען געדארפט א שפייזער און א מדריך און אלטע לייט, מידע און צעבראָכענע פון דלות און הונגער און אלע זענען זיי גע־פאלען צו לאסט אויף די יונגע פערדינער, שפאנענדיג זיי אינ'ם אייביגען גורל פון שווערער האָרעוואניע. נאָר א חוץ די דאגות וועגען ברויט, זענען נאָך ביי זיי געווען אויך אנדערע אינטערעסען. מעג־ליך, אז דערפאר, וואָס זיי זענען נאָך יונג געווען און דער עול פון דער ארבייט האָט נאָך אויף זיי די שליטה ניט געהאט צו דער־דריקען אלע זייערע חושים. זיי האָבען אלע געלעבט אונטער דער לאסט פון זייערע שווערע פערדינסטען, נאָר שמועסענדיג צווישען זיך, האָט זיך פון זיי ארויסגעוויזען עטוואָס טיף־מענשליכעס מיט שענע כאראקטער־שטריכען פון זיטליכקייט און גוטסקייט, פון וועלכע זיי האָבען אליין ניט געוואוסט. הערענדיג זייערע הייסע געשפּרעכען וועגען גאָט, וועגען לעבען און מענשליכען געוויסען מיט זייער טיפען

גלויבען אין זייער איינציגען אמת, האָט וועה געטאָן דאָס הארץ, וואָס אויך זיי וועלען אינגיכען פערוואנדעלט ווערען אין טעמפּע, גלייכגילטיגע און פערגרעבטע פּארשוינען.

וועלכע טייערע מענשען ס'זענען פארלוירען געגאנגען, וועלכע הערצער און וועלכע פאנאטיקער פון העלדען־טהאָט!

נחמנ'ען איז בעזונדערס נאָהנט געווען דער חבר נתן. ער איז געווען א בעשיידענער און א צארטער. ער האָט ליעב געהאָט ביכער און ס'איז שווער געווען צו פארשטעהען, ווי אזוי ער האָט געקאָנט אויסהאלטען זיין שווער לעבען. זיין קראפט איז געווען אין דער מילדער ווארימקייט און איבערצייגענדע באוועגונגען פון זיין טיף־מענשליכעם וועזען. זיינע שטרעבונגען אין לעבען האָט ער זיך אויס־געטרוימט און פאָרגעשטעלט האָט ער עס זיך אין דעם דמיון אלס א גרויס־שיינע שטאָדט אין א טהאָל מיט פינקטליך־אויסגעמאָסטענע גאסען, וואו אין ווייסע, נידעריגע און געראומע שטיבלעך וואוינען פאמיליעס, זעהר אידעאלע און אמת'דיגע און אלע זענען זיי געקניפּט און געבונדען אין איין גליקליכער משפחה. ער האָט גלייך בעזיגט נחמנ'ען.

ווען ס'איז צוגעפאלען די נאכט, די שפּייכלערס האָבען זיך צוגעמאכט, איבער'ן גרויסען שווייגענדיגען הויף האָט זיך אויפגע־הויבען די לבנה און דער גאנצער הימעל האָט זיך געמינעט אין א ווייסליכער בלויקייט, שפּרייטענדיג אין דער נידער די שטילקייט פון דער נאכט — דאן פלעגען זיי זיך אנידערזעצען איינס נעבען אנדערען, אזוי ווי צוויי פערליעבטע און דערפרעהטע, וואָס זיי קאָנען זיך אָהן ווערטער אויסרעדען די הערצער. זיי פלעגען פער־רויכערען און האָבען טרוימעריש געקוקט אויפ'ן בלויען רויך, ווי אזוי ער האָט זיך לאנגזאם געצויגען צו דער לבנה און זייערע בליקען האָבען זיך געטיפט אין די שטילע הימלען אריין. די שטילקייט האָט איינגעוויגט. מענשען־טריט האָבען אָבגעהילכט פון גאס, ווי א בע־וועגונג פון א פרעמדער וועלט און אזוי ווי א שלאפעדיגען ווילט זיך ניט איבערייסען זיין זיסען דרעמעל, אזוי איז זיי פיינליך־שווער געווען צו טראכטען וועגען דער טאָג־טעגליכער ווירקליכקייט פון לעבען.

— אין דער גרויסער שטאָדט — האָט געזאָגט נחמן — אויס־געוואויהנהייט הויבענדיג ביידע הענד ארויף, ווי צו א געבעט. ער האָט

געוויזען אויפ'ן גרויסען הייזער־מאסיוו, וועלכער האָט זיך גראנדיעז געהויבט אויפ'ן בארג — אין דער שטאָדט איז פאראן אזוי פיעל עשירות, אז איך שעם זיך פאר מענשען, וואָס זיי האָבען נאָך ביז איצט גאָר ניט צוגעטראכט געגען נויט און ליידען.

די לבנה האָט זיך איבערגערוקט ערגעץ רעכטס. פון הינטערן הויכען קוימען אין דער מיהל האָט די „גרויסע בערינטע" געפינקעלט מיט אלע איהרע העל־שטראהלענדע שטערען. נתן האָט שוין גערעדט אין אנ'אנדער טאָן און מיט אנדערע ווערטער, אויפגערעגט און מע־לאנכאָליש האָט ער דערצעהלט וועגען דער ריינער און ווייטער שטאָדט אין טהאָל, וועלכע שיינט מיט רחבות, זונען־ליכט און בלומען און מענשען לעבען דאָרטען אין געאייניגטע משפחה־פריידען. אָפט פלעגען זיי רעדען וועגען פרויען און דאָס גוטע און זיטליכע האָט זיך תמיד געוועבט אין נתנ'ס נשמה. די פרוי! וואָס האָט איהם נאָך געקאָנט אזוי בעגייסטערען, ווי דאָס מילדע און רייצענד־ווארימע געפיהל וועגען דער פרוי. א זונען־שטראהל האָט איהם געלייכט אין די אויגען, ווען ער האָט ארויסגעשטאמעלט איהר נאָמען. זיין ליעבע צום מענשען און זיינע זיטליכע אָנשטרענגונגען, מיט וועלכע ער איז באהערשט געווען, האָבען איהם גערופען צו די געפאלענע. ער האָט זיי ניט געקענט, און איז קיין מאָל ניט געווען ביי זיי, נאָר דער געדאנק, אז אויף דער וועלט זענען פאראן אזעלכע פרויען, האָט ביי איהם ארויסגערופען אזוי פעל מיטלייד צו זיי, ווי דאָס וואָלטען געווען זיינע אייגענע שוועסטער.

נחמן איז געווען אינגאנצען אונטער זיין ווירקונג און ער האָט איהם נאָר געזאָגט אין אויפרעגונג, ווי ער וואָלט זיך אליין און זיין חבר א שבועה געגעבען:

— נתן, איך וועל חתונה האָבען מיט א גאסען־מיידעל.

נתן איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אין דעם פרט געווירקט אויף נחמנ'ען. ער האָט איהם דער ערשטער געעפענט די אויגען אויף אלע אומרעכטען פונ'ם שלעכט־איינגעאָרדענטען לעבען, וועלכעס האָט געקאָנט זיין א גן־עדן, ווען אימצען גיט זיךאיין ווירקען אויף די מעכטיגע מענשען פון דער וועלט זיי זאָלען זיך נעמען דער־צו. און נחמן האָט אלץ מעהר געטראכט פון זיין לאגע. ער האָט זיך געמאטערט אויף דער שטעלע, וועלכע האָט איהם מעהר ניט בא־פרידיגט מיט איהר זעטיגקייט פונ'ם מאָרגענדיגען טאָג. ארום האָט

ער געזעהען אלס דאָס זעלבע און אין דעם איז קיין סוף ניט געווען. יונגע לייט זענען געשפּרונגען פון דער אייגנער הויט, ניט וויסענדיג וואו אהינצוטאָן זיך פון דער בייטש איבער זייערע רוקענס. זיי האָבען צווישען זיך געפיהרט הייסע וכוחים וועגען אמאָליגע גוטע יאָהרען, פון וועלכע עלטערע מענשען פלעגען דערצעהלען. געווען זענען נאָך דעמאָלט ווייניג מענשען אין שטאָדט און דאָס לעבען איז געווען גרינגער. און די דאָזיגע יונג־היציגע בחורים, וועלכע זענען אויסגעוואקסען אין ענגשאפט און נויט, האָבען געלעזען די אלטע שווערע פראַגען דורך קריגערייען, קלאָגענישען און אקטיוויטעט צו זוכען עפּעס בעסערעס. אייניג האָבען גע׳חלומ|ט צו עמיגרירען עבר־לים, אנדערע האָבען גערדאָהט מיט שמד צו בעקומען מענשען־רעכט אין אלע ווינקלען פון דער גרויס־רוסישער מדינה און געווען אזעלכע, וואָס האָבען געטרוימט פון אַ אידישער מלוכה אין דעם לאַנד פון די אבות און האָבען זיך איבערגעגעבען דער ציוניסטישער אידעע.

נחמן האָט זיך פארלאָרען צווישען דעם אלעמען און אז מען האָט אין גיכען צוגענומען נתנ׳ען אין מיליטער האָט זיך פארלאָשען דאָס ליכט, וואָס עס האָט פון יענעם פאר איהם ארויסגעלייכט. ס׳איז געקומען איוף איהם די שווערע צייט פון דרעסירען זיך אליין און באהערשען אלע פערפלאָנטערטע פראַגען מיט אייגענעם שכל. דאָס ווירקליכע לעבען האָט איוף איהם אלץ פעסטער געפּרעסט מיט זיין שווערער האנד און די טרוימען זענען פארלאָשען געוואָרען.

יעדער טאָג האָט געבראַכט עפּיס נייעס און עפּיס משונה׳־דיגעס. וואָס וויטער ער האָט זיך באַקענט מיט דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט, אַלץ טיפער האָט ער אָנגעהויבען צו באַגרייפען די אומאָרדענונג פון לעבען און אַלץ מעהר האָט זיך איהם געוואָלט אוועקגעהן פון דאנען. איצט האָט ער שוין קלאָר געזעהן די לעבענס־נערוועןן פון קאַמף פאַר אַ שטיקעל ברויט און ס׳איז געוואָרען אומערטרעגליך צו פערבלייבען אין דער דאָזיגער סביבה פון ליידען, וואו יעדען טאָג האָבען זיך געטראָגען צו די אויערען, וואָס ווילען נאָר הערען, די וועה־געשרייען פון צוטראָ־טענע לעבענס. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין לעבען פון אמאָל, ווען ער איז געווען אַ פרייער טאָג־אַרבייטער און ס׳האָט זיך איהם געדאַכט, אז געווען איז עס אַ העלדען־צייט.

אַלע מענשען זענען דאָן געווען שטאַרקע, געזונטע און פרעה־ליכע, און קיין צרות וואָלטען גאָר אויף דער וועלט ניט געווען און קיינער וואָלט פון קיין פיין ניט געוואוסט. ס'איז געווען שווער, נאָר קיינער האָט ניט געטראַכט, וואָס מאָרגען וועט זיין. קיינער האָט ניט געוואָלט וויסען אויב די זון וועט מאָרגען שיינען. מעג־ליך דערפאַר, ווייל ער איז נאָך געווען אַ קינד, נאָר ער האָט קיין מאָל דאָן ניט געזעהען אזעלכע אויסגעמאטערטע, שמאָל־ברוסטי־גע און צוקנייטשטע מענשען. ער האָט קיין מאָל ניט געהערט אַזעלכע דבורים מיט אַזא קראַנק־אויסגעזונגענעם וועה פון פער־באָרגענע ליידען. אויך זענען ניט געווען די שווערע פראַגען, וועל־כע קריכען תמיד אין קאָפּ אַריין און ס'האָט זיך איהם געדאכט, אַז דאָרטען אין דער קינדהייט איז געווען א פרייע ליכטיגע וועלט.

— איך וועל אנטלויפען פון דאַנען — איז איהם דורכגע־פלויגען אין קאָפּ אַ געדאַנק און ער האָט זיך געשראָקען.

נאָר די בילדער האָבען איהם ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען. גוט געווען צו ארבייטען מיט אַ חברה טאָג־ארבייטער. טולענדיג זיך מיטן קאָפּ צו אַ זאַק ווייץ, וועלכער איז איהם געלעגען אויפן נאַ־קעטען קארק, איז ער פרעהליך און טאנצענדיג געלאָפען פון די ברויט־שפייכלערס און דערביי האָט ער זיך איבערגערופען מיט די געזונטע און פרעהליכע טרעגער־יונגען, אַזעלכע ווי ער אליין. ווי אַזוי געשמאַק איז איהם דאָן געווען דאָס שווארצברויט נאָך דער ארבייט. דורכן אָבגעשפּילעטען העמד האָט זיך געזעהן זיין יונגע ברוסט, וועלכע האָט לייכט געאָטעמט. זיינע שטארקע קין־באַקען האָבען ביי איהם געארבייט און געמאָהלען מיט די ציין ווי העק און האַנד־מיהלען. און גוט זענען געווען די נעכט אינ'ם קליינעם צי־מערל, וואו ס'האָבען געשלאָפען צוואָוואָרפענערהייד צעהנדליגער מענשען מיט וואַרימע קערפּערס. ער האָט אויך געדענקט, ווען ער איז געווען אַ לויף־איינגעל, אָדער בעזונדערס יענע צייט, ווען ער האָט זיך געריבען ארום די דערוואקסענע. און זיין בעל־עגלה־דינסט אינ'ם גרויסען פּעלץ מיט דעם אייזען־הארטען הוט, ווען ער איז אומגעפאָהרען גאנצענע נעכט ביזן ווייסען טאָג אַריין, און ס'האָט זיך איהם געדאכט אז דאָס זענען אלץ קינדער־מעשה'לעך און ליד־לעך. ס'האָט געשמעקט דער ברייטער פּעלץ און דער שווערער הוט, און די קאלטע נעכט, די נאסע און די אויסגעשטערנטע מיט די

שטילע גאסען, וועלכע ווערען אויפגעטרייסעלט פון יעדען שאָראָך — דאָס אַלץ איז געווען, ווי פון אַנ׳אַנדער וועלט, וועלכע וועט זיך שוין נישט אומקעהרען. די צייט, די צייט, וואו איז עס?

— די שטאָדט איז גרויס — האָט זיך איהם אַלץ אָפטער געטראַכט — איך וועל אַנטלויפען פון דאַנען.

און וואָס מעהר ער האָט געטראַכט דערפון, אַלץ שווערער איז איהם געוואָרען צו זעהן פאַר די אויגען די אַלע אומגליקליכע פונ׳ם דאָזיגען גרויסען הויף. ער האָט אויך ניט געקאָנט אָנקוקען זיין קבצנ׳ישען בעל־הבית, וועלכער איז אַלע ווײַלע געלאָפען ערגעץ אין אַ ווינקעל, איינצובינדען זיך זיין געברויכטען בויך און גע־ הענדיג צוריק, האָט ער יעדעס מאָל געזאָגט:

— איך ווייס ניט, נחמן, צו וואָס איך לעב נאָך אויף דער וועלט. גלויב זשע מיר, נחמן...

די לעצטע טעג האָט ער עס באַשלאָסען פעסט, אויף געוויס און אַלדינג איז געווען גרייט צום אַנטלויפען פון דער דאָזיגער גאַס.

— ווען דו, נחמן, וואָלסט כאָטש געוואָלט אַ ביסעל רחמנות האָבען אויף מיר — האָט שעמעוודיג געזאָגט דער בעל־הבית.

— איך געה אַוועק, בעל־הבית — האָט נחמן רוהיג געענטפערט.

אין דער פינסטער האָבען זיך אָבגערופען זיינע זיכערע טריט. לאַנג האָט איהם נאָכגעקוקט דער בעל־הבית אַ פערטראַכטער.

## II.

די שטאָדט האָט געשלאָפען.

פון רעכטס ביים ערשטען ראנד פון דער פאָרשטאָדט, וואו ס׳הויבען זיך אָן די אידישע גאסען מיט זייערע אָרימע, אַלט־קויטיגע און ניט־איינגעאָרדענטע הייזער האָט זיך שוין געטראָגען אַ לאנגער טומעלדיגער גערויש.

דער גרויסער פּלאַץ מיט זיינע דרייסיג טויזענד אביונים אין די ווינקלען האָט זיך אומרוהיג געטומעלט. ס׳איז ווידער אָנגעשטאַנען דער פריהמאָרגען פון האָרעוואניע צו באדינען די גרויסע שטאָדט, וועלכע איז אין שלאָף געווען דער זעלבער האַר און באַפעהלער.

די שטאָדט האָט געשלאָפען, נאָר אין די גאסען פון דער פאָר־שטאָדט איז שוין יעדערער געווען אויפן פּאָסטען. מיטן זונען־אויפגאַנג האָבען זיי גענומען האָרעווען, בייזע, מידע, פערשלאָפענע און געיאָגטע צו ראטעווען זיך פון הונגער. נאָר זייערע געדאנקען, כחות און דאָס ביסעל שלעכטע לופט, וואָס זיי האָבען דאָ איינגע־אָטעמט אין זיך, איז ביי זיי דורכאוים פערוועגדעט געוואָרען צום דינסט פון דער גרויסער שטאָדט מיט איהרע פערגעניגענס, קול־טור און אָרדנונג. אזוי ווי א קונציג־איינגעאָרדענטע פּאמפּע־מאשין האָט די שטאָדט כסדר געצאפּט פון די פאָרשטעדט אלסדינג, וואָס מען קאָן נאָר ארויספּרעסען פון מענשען. כח און קראפט, דעם לעבע־דיגען געדאנק, דעם ציטער פון דער נשמה און די ליעבע פונ׳ם הארצען — האָט עס די שטאָדט אלסדינג פערוועגדעט צו דער אויפ־בליהונג און שענקייט פון איהרע גאסען, שפּאציר־גערטענער, טע־אטערם און פּאלאצען, מיט וועלכע דאָס שטאָדטיגע לעבען האָט זיך געזעטיגט, געוויילט און געצירט.

אנ׳אומבאזיגטע האָט די שטאָדט מיט איהר גאנצער מאכט קראפט אויפגעהאלטען די שטארקע פּאָזיציע, וואָס שקלאפען אין די צעהנדליגער טויזענדער פון די פאָרשטעדט און די טויזענדער, וואָס די שטאָדט האָט צוגעטוליעט אין איהר אייגענעם גבול, האָבען זיך געריסען איינער מיט׳ן אנדערען פאָלק פאר׳ן גליק אוועקצוגעבען אלסדינג דער שטאָדט. אלץ האָבען זיי אוועקגעגעבען: די געזונד־בליהענדע יונגעלייט צו שטיין־שווערער האָרעוואניע און די יונג־צארטע מיידלעך פאר דינסטען און הפקר־ווייבער צו זעטיגען די ליידענשאפטען פון שטאָדט.

די שטאָדט האָט שטיל געשלאָפען, א גראנדיעזע מיט איהרע היימליך־געבויטע הייזער און מאָנומענט־געטאָקטע מויערען, מו־זעאומס, קונסט־פאלאצען, קלויסטערס, סינאגאָגען און טעמפּלען. די שטאָדט האָט גערוהט צווישען איהרע שעהנע גאסען, לוקסוס־קלייטען און פּרעכטיגע פערוויילונגס־פלעצער פאַר אַלע זאטע און רייכע. מיט פער׳חלומ׳טע אויגען האָבען די שטאָדטיגע פענסטער געקוקט אויף די פאָרשטעדט, וואו איבער די הייזער האָט זיך שוין געצויגען א רויך פון די באק־אויוועגס און אין די גאסען האָט שוין געהערשט א מענשען־קאמף פאר און צוליעב דער שטאָדט.

די אידישע פאָרשטאָדט איז געשטאנען רעכטס און דריי מערק האָבען זי פעראייניגט מיט דער שטאָדט. ביי דער זייט האָט זיך געצויגען דער אלטער דריי־עקיגער מארק פון אלטווארג. געוועז איז עס אנ׳אלטע ירושה־נעסט פון דלות און שמוץ. דאָ האָבען זיך צוגעטולעט אלערליי קלייטלעך פון אלט מעבעל און פון אלטע קליידער און צווישען זיי ביידלעך פון שערער פארן פשוט׳ען המון. פון פריה ביז נאכט האָבען זיך דאָ געשטויסען און געטומעלט הענדלער מיט אלטווארג, זעלנער, באָרפוסע הפקר־פאָרשוינען, ווייבער, פויערים אין זייערע היימיש־דאָרפישע פעלצען און צווישען די אלע האָבען גענישטערט אלערליי קליינע און גרויסע גנבים. דאָ האָבען זיך פארקויפט אלערליי אָבגעניצטע זאכען און דערביי האָט מען אויך די קונים אָנגעבאָטען ליעבע פון קויטיגע, שכור׳ע און קראנקע באשעפענישען. א גאנצען טאָג האָט זיך דאָ געטראָגען א גערויש פון פארשידענע קולות צווישען די הענדלער און קונים, געשלאָגענע שכורים און אָבגענארטע תמימים, וועלכע פלעגען אהער קומען קויפען מציאות. און דער דאָזיגער מארק האָט געשטאָכען

די אויגען און געשריען אין די אויערן וועגען דער אָהנמעכטיגקייט פון דער מענשהייט. אַלץ, וואָס דער שווערער מזל האָט צוגע־דריקט, אַלץ, וואָס איז פרעמד געווען פון קולטור און פאַרדאָרבען פון סביבה און נויט — האָט זיך עס דאָ צוזאַמענגעטראָפען. ס'איז געגנוג געווען איין שעה צו זיין אין דעם דאָזיגען תהום פון דלות מיט די אומגליקליכע פערדאָרבענע בעשעפענישען, האָט עס דעם מענשליכען גלויבען צוגעדריקט צו דער ערד.

רויבערייען אין מיטען העלען טאָג, געפעלשטער מסחר, באַר־באַרישע רמאות־שפּיצלעך און חוזק, פּחדנות, נידערטרעכטיגע דרייסטקייטען און דערביי אונענדליכע ליידען פאַר יעדען גראָשען — ווער האָט געקאָנט אויפהויבען די דאָזיגע קרבנות און מיט וועל־כען הייליגען פייער האָט מען זיי געקאָנט אויסהיילען?

לינקס האָבען ארויסגעקוקט די דעכער פונ'ם גרויסען מארק מיטן שטאָדטיגען זייגער אין דער מיט. די גאס האָט געטיילט דאָס פּלאַץ אויף צוויי העלפט. ארומגערינגעלט מיט נידעריגע הייזער, וואו ס'האָבען געוואוינט גאַנץ־געמיינע מענשען, האָט ער זיך גע־איינינגט, ווי דורך א בריק, מיטן אידישען מארק, דעם דריטען שפּיי־זער און באַדינער פון דער שטאָדט. געווען איז עס אַנ'אויסשטעלונג פון דלות און נויט. דער דאָזיגער ברייטער און צואוואָרפענער מארק האָט זיך, ווי אַ גראָבע שלאַנג, געוויקעלט האַלב־ראָנד און גע־טוליעט זיך צו דער אידישער פאָרשטאָדט. פערזונקען ביידע גלייך אין אָרעמקייט און שמוץ האָבען זיי געשלעפּט זייער לעבען אין האָרעוואניע און דערנידערונג. וואָס פאַר א משונה'דיגע מענשען ס'פלעגען זיך דאָ צונויפקלייבען. אַלע לעבענס־אָבגעשטאַנענע און אַלע לעבענס־פערשטויסענע. קראַנקע אַלטע ווייבער און געבויגענע זקנים זענען געזעסען אין לאַנגע שורות נעבען זייערע קוישען און צווישען די דאָזיגע המונים טרויער־געשטאַלטען האָבען געבלאָנדזעט פארשידענע בעטלער און האָבען אויסגעזונגען זייערע קלאָג־פּזמונים, ווי זיי וואָלטען דאָ געווילט דעם עולם. טיף אין די הויפען זענען געווען קלייטען און שטעלעכלעך. דאָרטען זענען אונטער די אָנגע־רוקטע דעכער געשטאַנען קרעמער אין זייערע געוועלבען פון פלייש, באַקאַליי און גרינסען. אין דער שורה פונ'ם פיש־פערקויף און ביי די וועגלעך מיט די קוישען פון לעבעדיגע און געקוילעטע עופות זענען געזעסען די הענדלערינס. מיט זויג־קינדער אויף די הענד

האָבען זיי אין פארשידענע שטימען אויסגערופען זייערע סחורות. און ווייטער פון די הויפען ארויס האָבען זיך אָנגעהויבען די אלע אָבגעלאָזענע הייזער פון דער פאָרשטאָדט, וואו ס'האָבען זיך אין זייערע ענגע לעכער געטולעט אלערליי מארק־לייט, ארבייטער און ארבייטערינס פון די נאָהנטע פאבריקען, בעלי־מלאכות און לופט־מענשען. און דערביי האָבען אין פארשידענע ערטער, ווי מגפה־נעסטען, געשטאָכען אין די אויגען אלערליי קאָליר־לאמטערנעס פון די שאנד־הייזער, וואו דער געפייניגטער המון האָט געזוכט פער־געסענהייט פון זייער שווערען לעבען.

שוין געווען אין שפּעטען פריהמאָרגען. אין יענעם טומעלדיגען פיערטעל, וועלכער האָט פעראייניגט דעם גרויסען שטאָדט־מארק מיטן אידישען מארק פון דער פאָרשטאָדט, האָט זיך שוין פון לאנג אָנגעהויבען דער טאָג און די גאס איז געווען באלעגערט פון מענ־שען, מייסטענטייל פויערים פון די נאָהנטע דערפער און דייטשישע קאָלאָניסטען מיט זייערע פוהרען. ס'איז געווען א מארק־טאָג. די גרויסע קלייטען זענען פול געווען מיט קונים, וועלכע זענען אריין און ארויס און דערנאָך ווידער געקומען. ווי פערד־מעקלערס האָבען זיי יעדערער אויף זיין שטייגער איינגעקויפט פארשידענע זאכען. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט נאס־פערלעגענע שטרוי און מיסט פון בהמות. אין דער לענג פון די טראָטוארען האָבען פון איין עק גאס ביזן אנדערען אויסגעליידיגט זייערע סחורות די אידישע קליין־הענדלער, וועלכע האָבען מיט ווילדע קולות און תחנונים גע־בעטען און אָבגעשטעלט יעדען פויער. פונ'ם אלטען שטאָדט־מארק האָט זיך יעדע ווייל געהערט א גערויש פון געמישטע שטימען. ס'האָבען געקראקעט געבונדענע ענטלעך, פון שטייגען האָבען העה־נער ארויסגעקרעהט. צוגעבונדענע נעבען די וועגען האָבען געשריען בהמות, אויסגעצויגען און שניידענדיג־טעמפּ, ווי זיי וואָלטען גע־רופען פון דאנען צום פעלד און פריש־גרינע גראָזען.

פון לינקס האָט גערוישט דער אידישער מארק מיט די קולות פון זיינע הענדלערינס און אויף דעם דאָזיגען גרויסען פלאץ האָט דאָס לעבען געשלאָגען, ווי א קוואל.

אָנגעשפּארט הארט צו דער וואנד האָט דער אלטער שלמה פערענדיגט זיין איילענדיגע ארבייט, וועלכע ער האָט געדארפט אויספארטיגען ביז ניין א זייגער. ער איז געווען א הויכער מיט

א לאנגער ברייט־גראָהער באָרד. א גרויסע נאָז האָט ער געהאט און היבש־בולט'ע געזיכט־שטריכען. זיצענדיג אָהן א היטעל און אָהן א קאפּאָטע האָט זיך איהם יעדעס מאָל דורך דער אויפגעהוי־בענער האנד געעפענט דאָס צושפּילעט העמד און ס'האָט זיך איהם ארויסגעזעהן זיין דארע און געדיכט־בעוואקסענע ברוסט. פערבוי־גען צו דער ערד די כאָליעווע פון'ם שטיוועל האָט ער פּינקטליך געקלאפּט די האָלצערנע צוועקלעך אין דער פּאדעשווע אריין און יעדעס מאָל האָט ער געהויבען די אויגען אריבער די ברילען ארויף צו דער זון.

— גוט מאָרגען, שלמה — האָט זיך דערהערט נעבען איהם א ווייבערשער קול.

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען און גלייך האָט ער זיי אראָב־געלאָזט צו דער ערד.

— דאָס זענט איהר, סימע? גוט מאָרגען.

די אידינע איז אוועק ווייטער. נאָר דערמאָנענדיג זיך אָן עפּיס האָט זי זיך גלייך אומגעקעהרט צוריק. זי איז געווען א דארע מיט זעהר א גרויסען בויך. תמיד האָט זי זיך געקורירט און, מורא האָ־בענדיג דורכצולאָזען דעם דאָקטאָר פאר אָרימע לייט, האָט זי גע־ווארט אין די הייל־אנשטאלטען יעדען שבת פון באגינען ביז צוויי א זייגער בייטאָג, ווען ער פלעגט אלע מאָל קומען צופאָהרען. א געבויגענע אונטערן יאָך פון די שווערע צוויי קוישען, וועלכע זי האָט געטראָגען אויף די הענד, האָט זי ארויסשטעלענדיג איהר גרוי־סען בויך, קוים געכאפּט דעם אָטעם און דערצעהלט שלמה'ן עפּיס א לאנגע געשיכטע וועגען איהר אינגעל. ארום איז געווען א טומעל, וועלכער האָט געשניטען אין די אויערן, ווי א גלאָק. זי האָט קוים געהערט איהרע אייגענע ווערטער און דערביי האָט זי געשריען צו שלמה'ן, ווי ער וואָלט טויב געווען.

— ווי געפעלט עס אייך? — האָט זי אייניגע מאָל אָנגע־הויבען און זיך אליין אָבגעשטעלט — שוין גאָר קיין משפּט נישטאָ? אין שטאָדט דארף דאָך זיין עפּים אנ'עלטערער. א שטאָדט קאָן נישט זיין אָהן קיין עלטערען, אָהן קיין בעל־הבית...

— רעדט קלאָרע דבורים — האָט איהר שלמה איבערגעשלאָגען מיט זיין הארטען קול — איהר וועט פערלירען דעם טאָג.

— א, איך האָב זי געפונען! — האָט מיט אמאָל א זאָג גע־

טהון עפּיס א ווייבעל, וועלכע איז שטעהן געבליבען נעבען סימען און האָט ווייטער גערעדט צו איהר, ווי יענע וואָלט באמת צייט געהאט זי אויסצוהערען — וואו זענט איהר אהינגעקומען? איהר האָט זיך פאררעדט מיט שלמה'ן? לאָזט דעם אידען צורוה. גוט מאָרגען, שלמה. וואָס איז מיט אייער טאָכטער?

א פרעהליכע און א לעבעדיגע מיט גלאנציג־לאכענדיגע אייגעלעך, האָט זי, אזוי ווי געאָטעמט מיטן שטויב פונ'ם דאָזיגען טומעל, וועלכער האָט זי גע'שכור'ט. די המונים מענשען, וואָס זענען דאָ געשטאנען, געזעסען און געגאנגען, האָבען זי געררייצט און איהר האָט זיך געוואָלט אומעטום און אלעמען צוואווארפען א גוט וואָרט, דערצעהלענדיג יעדען איינציגען, וואָס זי האָט באגעגענט, ווי אזוי אָנגענעהם און פרעהליך ס'איז איהר מיט די ארומיגע מענשען אונטער דער ליכטיגער זון פונ'ם העל־אויפגעשיינטען טאָג. זי האָט גערעדט, געפלאפּעלט און געשלונגען מיט די אויגען די גאנצע גאס מיטן גאנצען ארומיגען טומעל. אויפכאפּענדיג אין דער לופט פרעמדע דבורים, האָט זי אליין געוואָרפען מיט ווערטער און געזוכט אָבצושטעלען וואָס מעהר מענשען נעבען זיך.

— קום, קום — האָט זי געזאָגט, שלעפּענדיג סימען פארן האנד — זעהט, ווי אזוי פרעהליך ס'איז דאָ היינט. איך וואָלט געזאָגט — ס'איז א חתונה. און וואָס איז דאָרטען? מען קריגט זיך — ניין, דאכט זיך — א געשלעג. גאָט מיינער, וואָס זשע שטעהט איהר? איהר זענט א הילצערנע? — זי איז אנטלאָפען מיט איהרע קוישען, שרייענדיג — "זעהט זשע, פערלירט מיך ניט". און סימע האָט קוים געהויבען די פּלייצעס און, דרעהענדיג מיטן קאָפּ, האָט זי געזאָגט:

— דאָס איז, שלמה, א אידענע — א קאָזאק. ס'איז שוין א ווייבעל. און פרעגט איהר וואָס פרעהט זי זיך אזוי. א שטיין וועט אייך גיכער ענטפערען, איידער זי. א פרעהליך ווייבעל. דעם עלטסטען זוהנדעל האָט מען די טעג געכאפּט ביי א גנבה....

— די צייט שטעהט ניט — האָט שלמה געזאָגט, ניט קוקענדיג אויף איהר.

— מיין גאנץ לעבען, שלמה, האָב איך פארלאָרען, וואָס איז מיר א טאָג. שוין פופצעהן יאָהר, אז איך האלט מלחמה מיט די קוישען, וואָס ווילען מיך נאָר ציהען צו דער ערד — וואָס איז ביי

מיר אנ׳איבריגער טאָג. האָט כאָטש א ביסעל געדולד. איך האָב פיער טעכטער און איין זוהן — א נארעלע. ווער איז מיין גאָט? אָט די צוויי קוישען. נאָר איך טראָג זיי, ניט זיי — מיך. איך דארף, שלמה, שפּייזען מיינע קינדער, שוין דערוואקסענע, נאָר קינדער, דאָך זענען זיי קינדער. איצט האָט דער סטאָליאר ארויסגעטריבען מיין זיהנדעל. איך וויים. מיין מיכעלע כאַפּט ניט קיין שטערען פון הימעל, נאָר א געהובעלטע שאפע און א געפארבטער טיש זענען אויך ניט קיין שטערען. פארפאלען ביי מיין זיהנדעל א יאָהר ארבייט...

— געהט צום סטאָליאר און דראַפּעט איהם אוים די אויגען — האָט שלמה געזאָגט, קוקענדיג אויף איהר אריבער זיינע ברילען.

— איצט זענען געשלעגען אין שטוב — האָט סימע ווידער גע־רעדט מיט אינ׳אימה־ציטער אין קול — דאָס זיהנדעל האָט ניט וואו צו שלאָפען. די מיידלעך שלאָגען איהם און ער וויינט... זאָגט נאָר, איך בעט אייך, מיט א ברודער איז א בושה צו שלאָפען? שלאָף איך מיט איהם. און די עלטערע מיינע איז, דאכט זיך, מעוברת פונ׳ם היטעל־מאכער.

ביי איהר זענען מיט אמאָל די אויגען פערלאָפען געוואָרען מיט טרערען, וועלכע האָבען זיך איהר ארויסגעקייקעלט אין די קנייטשען אריין. פערבייגעהענדע האָבען זי כסדר געשטופּט און געשטויסען, נאָר זי איז ניט אומגעפאלען און האָט זיך יעדעס מאָל איבערגערוקט מיט די קוישען אויף די הענד, ווי זיי וואָלטען איהר אלס צוויי קוליעס געדיענט אויף אָנצושפארען זיך און אָברוהען א ביסעל...

— זעהט וויפיעל מענשען ס׳זענען דאָ פארהאן — האָט זי געזאָגט מיט ציטערענדע ליפּען — און קיינער קאָן מיר ניט העלפען. אָט לויפען זיי און טומלען זיך. איך בין אויך צווישען זיי און ס׳ארט זיי קיינעם ניט פאר מיר.

— געהט שוין, געהט, אידענע — האָט שלמה געשטאמעלט, קוקענדיג אויף איהר נאָך אמאָל אריבער זיינע ברילען — איהר זענט, איינע אזעלכע? איינע אין שטאָדט? ס׳וואָלט געווען צום לאכען, ווען איהר האָט ניט קיין גרויסען בויך און אייערע מיידלעך וואָלטען געגאנגען צו דער חופה, ווי אנדערע אידישע טעכטער. נו, זאָל זיי חתונה מאכען די בלינדע נאכט. געהט, נארישע אידענע, און מאטערט מיך ניט מיט אייערע מעשות. א גרויסער טאָג, אדער א קליינער.

אלץ איינס. שרייט צו גאָט, אפשר וועט ער אייך דערהערען. זאָגט איהם: גאָטעניו, נעהם אראָב פונ׳ם מענשען די שטראָף פון דלות,

ער האָט אָנגעהויבען צו קלאפּען מיט׳ן האמער און סימע, שטעהענדיג א ווײַלע אין ערוואַרטונג שלמה זאָל נאָך עפּעס זאָגען, האָט זי אוועקגעשפּאנט, טרעטענדיג זיך אויף די אייגענע פיס.

דער טאָג איז שוין געווען אין זיין פולער הערשאפט. מענשען, שווייסיגע און פערזאָרגטע, זענען געגאנגען אין אומאָרדנונג, גע־שטופּטע פון ערגעץ אין א זייט. די קליין־הענדלער זענען שוין היי־זעריג געווען, שרייענידג. אויף זעק און פּעקלעך האָבען זיך אויס־געזעצט די הענדלערינס עפּעס איבערצובייסען. דער גערויש פון די גרויסע קלייטען איז אריבער אין מארק אריין. פּערביי זענען געלאָפען טראמווייען, איבערפולטע מיט בעאמטע,, גימנאזיסטען און קאָנטאָר־אנגעשטעלטע און אונטער די קנאה־בליקען פון דער גאס זענען געפאָהרען מענשען צעלייגט אין עלעגאנט־שטאָדטיגע פוהרלעך. אלע זענען שוין מיד געווען, די קונים מיט די הענדלער ביי־גלייך. פון די הויפען האָבען זיך געהערט די טרויעריגע לידעלעך פון גאסען־בעטלער, וועלכע האָבען מיט זייער ריהרענד־ציטערענדע שטימען באַ־וויינט דאָס אידישע לעבען. זיי האָבען ארויסגערופען מיטלייד אין הארץ, ווי דאָס געוויין פון א קליין אומבאהאָלפען קינד.

— זאָגט איהם — האָט שלמה האפערדיג ביי זיך געטראכט — זאָג איהם ער זאָל אראָבנעהמען פונ׳ם מענשען די קללה פון דלות.

אימעצער האָט איהם אָנגעריהרט ביים אקסעל.

— א, נאָך עפּעס — האָט ער ארויסגעשטאמעלט ניט קיין צופרידענער.

— זעהר גוט — האָט געזאָגט מיט א ווייכליכער שטים א מאָגער מענשעל מיט פערשפּיצטע אקסלען, אריינשטעקענדיג שלמה׳ן איין פינגער פון דער האנד און יענער האָט איהם אָנגעריהרט מיט זיינעם אנ׳איינציגען פינגער — איך זוך אייך טאקע. אָט זעהט איהר דעם מענשען, איז צוליעב איהם דארף איך אייך האָבען. גוט מאָרגען, שלמה, איהר קלאפּט זיך מיט׳ן האמער און שוין. קלאפּט, קלאפּט. דאָ איז דאָך אזוי שטיל.

ער האָט זיך צעלאכט און שלעכט פערהוסט זיך, ווי א דעריגער

און נעבען איהם האָט אימעצער געזאָגט מיט א פעסט קול, רייבענדיג זיך די הענט דערביי:

— א פרעהליכער טאָג, כ׳לעבען. איך וואָלט געוואָלט האָבען האלב דערפון, וואָס מען וועט דאָ היינט צו׳גנב׳ענען.

— וואוהין איז, חיים? ביזט טאקע געקומען צו מיר? — האָט שלמה געפרעגט, ווען דער דעריגער האָט זיך בערוהיגט — ווער איז עס דאָ מיט דיר?

— לאָזט, שלמה, כאָטש כאפען דעם אָטעם. צו דעם מענשען זאָלט איהר זיך גוט צוקוקען. מען רופט איהם נחמן. די טעג האָט ער געוואָרפען א שטעלע און ווען איהר ווייסט צוליעב וואָס, וואָלט אייך אפילו אייער העמערעל רויט געוואָרען. איצט וויל ער זיך שטעלען דאָ אין מארק און ער זוכט א שותף. אפשר ווייסט איהר אימעצען?

נחמן איז געשטאנען מיט א געבויגענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט עפּעס דערפיהלט, א בושה פאר זיך אליין. שלמה האָט אויפמערקזאם אויף איהם א קוק געטאָן.

—זעהט אוים צו זיין א פיין אינגעל.

— נו, שלמה? — האָט דער דעריגער אומגעדולדיג ווייטער געפרעגט.

— ט׳זיך געפינען עפּעס א מענשעל. קום אריין מיט איהם אויף דער נאכט, וועלען מיר איבעריידען. וואָס הערט זיך ביי דיר? דו אליין וואוהין לויפסטו?

— איך לויף — האָט איבערגע׳חזר׳ט דער דעריגער — ווען ניט דער פינף, וואָלט איך איצט געפלויגען. איהר האָט ניט געהערט פון מיין גליק? ניין? ס׳קאָן ניט זיין. מיין לייפּציגער צעטעל האָט דאָך געוואונען פיער און צוואנציג רובעל! וואָס זאָגט איהר, שלמה? איין פינף האָט נאָר קאליע געמאכט. וואָלט אנשטאָט דעם פינף געווען א זעקס, און אין דער קעשענע וואָלט איצט געלעגען צעהן טויזענד מארק. שטעלט אייך פאָר אזא הארץ־וועהטאָג. איך האָב א גאנצע נאכט ניט געשלאָפען. נאָר ס׳האָט זיך דאָך שוין אָנגעהויבען, ס׳האָט זיך אָנגעהויבען. איך זאָג אייך.

— נו, און וואָס הערט זיך אויף דער פאבריק? — האָט שלמה געפרעגט.

— די פאבריק שטעהט. וואָס זאָל זיך הערען.

— און די חברה?

— די חברה? עפּעס פרעגט איהר ווי א קינד. די חברה הונגערען, ס׳הונגערען די קינדער. ס׳הונגערען די ווייבער...

— און דו אליין? ביזט ניט געווען אין דער קאשע?...

— איך בין ניט אזא נאר— האָט ער טרוקען געענטפערט — איך גלויב נאָר אינ׳ם לייפּציגער צעטעל. איך האָב די דאָר און פון דעם פערשאָלטענעם טיטון איז מיין ווייב אויך געוואָרען א דעריגע. און איצט איז שוין אונז אלץ איינס, איהר הערט — אלץ איינס. אפילו די גאנצע שטאָדט זאָל איינגעזונקען ווערען. איך מיש זיך ניט אין קיין זאך. זיי זענען געזונדע, יונגע, געוואגטע און איך האָב מורא.. פון פּחד האָב איך שוין אָנגעהויבען שפּייען מיט בלוט. איך וויל ארבייטען, אזוי ווי איהר. פּשוט, לעבען נאָך א ביסעל, נאָר די חברה לאָזען מיך ניט. געה איך ניט. און מעהר גאָר ניט.

— נאָר די חברה זענען דאָך גערעכט.

— אודאי. דער אָרימאן איז אלעמאָל גערעכט. אָט איך מיט מיין ווייב ארבייטען מיר אוים די זיבציג־אכציג קאָפּיקעס א וואָך. קיין קינדער נישטאָ, האָבען מיר זיך גוט אויסגעלערענט הונגערען. געקומען דערצו, אז מען האָט פאָרגעלייגט דרייסיג קאָפּיקעס פאר טויזענד סיגאַרען. נאָר ס׳וועט גאָר ניט העלפען — מיר וועלען זיך אונטערגעבען!

די לעצטע ווערטער האָט ער אויסגעשריען און די הענדלעך, וועלכע איז געזעסען איינקעגען, האָט זיך איבערגעשראָקען, ווי מען וואָלט אויסגעשאָסען אין איהר. זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו׳איהם.

— איהר רעדט דאָ וועגען די סיגארען ־ מאכער? וועגען די שארלאטאנעס, וועגען די באנדיטען? ....האָט זי אָנגעהויבען שיטען אין גרויס אויפרעגונג — דאָך מיין זיהנדעל אויך מיט זיי. א קרענק אין איהם. א מאַמע טאָר ניט רעדען. איהר מיינט, אַז איך וואָלט ניט געגאנגען דערצעהלען, וואו מען בעדאַרף, נאָר איך האָב פּשוט מורא פאר איהם. מען צאָהלט אויף דער פאבריק גוט, צי שלעכט — נאָר מען צאָהלט. און מיר איז דען גוט? פאר א גאנצען טאָג פערדין איך אין גאס קוים פיערציג קאָפּיקעס — און פאר ווענען זאָל איך זיך קלאָגען? אויפהויבען דאָס קול קעגען אזעלכע מענשען. די גרעסטע גבירים פון שטאָדט. אזעלכע שארלאטאנעס. מיט ווענען געהען זיי עס אויף א מלחמה?...

— אודאי, אודאי — האָט איהר נאָכגעזאָגט פון'ם פּלאַץ אנ'אלטע אָנגעגאָסענע אידענע — מען דארף דאָך לעבען אויף דער וועלט. א, דאָס היטעל דארף מען האלטען אין די הענד...

— מיר זענען דאָך דאָ ביי זיך אין דער היים — האָט זיך אָבגערופען נחמן אין זיין טאָן פון עקשנות, ווי תמיד.

— און ווער ביזטו? — איז די אידענע אין כעס געוואָרען — מיר? ווער איז עס מיר? וואו איז עס ביי אונז? מיינסט איך פערשטעה ניט. אז איך האנדעל אין מארק, פערשטעה איך שוין גאָר ניט... מען דארף זיצען שטיל, רעדען שטיל און טראכטען שטיל. קיינער זאָל אונז ניט הערען און ניט זעהען. פערקלענערט די פריידען פאר דער ארבייט — בעט. שארלאטאנעס! שטעלט זיך אויף די קניה און שטעהט ניט אויף. שטעהט אזוי לאנג, ביז וואנען איהר וועט עפּעס אויסבעטען. אין דער היים מאטערט מען זיך מיט קליינע און גרויסע קינדער. דאָס הארץ זאָל זיין פון אייזען, קאָן עס צעפּלאצט ווערען, קוקענדיג אויף זיי. געהט זיך דורך, וועט איהר זעהען. מען האלט אין איין וויינען.

נעבען איהר האָבען זיך אָנגעהויבען קלייבען אלערליי מארק־וויבער. אָנגעטהון ווי בעטלערינס קעגען דעם העלען ליכט פון דער זון האָט פון זיי איצט ארויסגעקוקט דאָס גאנצע העסליכקייט פון דלות און צעשטערטער קערפּער־פערנידערונג. אלע זענען זיי גע־שטאנען, ווי בלינדע דערשראָקענע שאָף. וואָס מעהר ס'האָט גערעדט די ערשטע הענדלערין, אלץ ענגער האָבען זיי זיך געפּרעסט צוזאמען. אויפגעטרייסעלטע מיט'ן אמת פון איהרע ווערטער, וועלכע זענען ביי יעדערע פון זיי, געלעגען ווי שטיינער אויף'ן הארצען. פערזונקען אין זייערע געוואוינהייטען, פערגרעבטע און חסר־דעה'דיגע, אָבער גלויבענדע און אָבגעריסענע פון דער ליכטיגער וועלט — האָט זיך זיי געוואָלט שרייען פון פּחד און שילטען אהן א סוף די יונגע און איינגעשפּארטע, וועלכע האָבען זיך קיינעם ניט געוואָלט אונטער־געבען. יעדער איינציגע פון זיי האָט אויף זיין שטייגער פיינד גע־האַט די געוואגטע טענדענצען פון דער יוגענד, און זיי פּלעגען מסר'ען און ארויסגעבען זייערע אייגענע זיהן. פער'עקשנ'ט און טעמפּ האָבען זיי געהיט די הכנעה'דיגע מדות־טובות פון'ם אלט־גוטען לעבענס־שטייגער, גלויבענדיג, אז דאָס איז הייליג און טייער. פאר זייערע אויגען האָט זיך געענדערט דאָס גאנצע מענשליכע לעבען. ס'האָבען

זיך געבראָכען די פעסטע יסודות פון תקופות און צייטען און זיי זענען געבליבען פערשטיינערט. די צייט האָט אויף זיי קיין שליטה ניט געהאט...

— איך זאָגט — האָט געשטאַמעלט און איבערגע׳חזר׳ט זיך אליין, אנ׳אלטינקער איד, וועלכער האָט ארומגעטראָגען ליכט צו פער־קויפען. ער האָט זיך יעדעס מאָל געווענדעט דאָ צו שלמה׳ן, דאָ צו די ווייבער און איהם האָט אונטערגעהאלטען דער נאפט־איד — איך זאָג, אז מען דארף אָנעהמען וואסער אין מויל און שווייגען. וואָס זשע ס׳איז עפּעס משיח׳ס צייטען? אז מיר וועלען זוכה זיין צו קומען אהין, קיין ארץ־ישראל, דאָרטען וועלען מיר זאָגען. מיר וועלען דאָרט אלסדינג געדענקען...

די רעדערייען האָבען זיך אָבגעשטעלט מיט אמאָל. ווי א בליץ האָט עפּעס גרויעס און ליכטיגעס אויפגעשיינט פאר אלעמען. די גאס האָט געררוישט, מען האָט געשריגען, געהאַנדעלט, געשוואוירען זיך, נאָר צווישען די עטליכע מענשען איז פאָרגעקומען עפּעס ריהרענדעס, וואָס האָט ביי זיי אלעמען ארויסגערופען טרערען אין די אויגען. קיינער האָט מעהר ניט גערעדט. דאָס הייליגע וואָרט ארץ־ישראל האָט אָבגעשטעלט אלע דבורים. ס׳האָט זיך פארלאָרען פון די אויגען דער מארק מיט זיין טומעל, וואו מענשען האָבען דור־דורות גע־וואָרט אויף די גליקליכע משיח׳ס צייטען און דאָס שווער־געשאַפענע לעבען זייערס איז ביי זיי געווען בלויז אויף דערווייל, ביי יעדער גוטער געלעגענהייט האָט ביי זיי אויפגעבליצט דער דאָזיגער חלום פונ׳ם גאָט־געבענשטען לאנד, וועלכעס האָט געפליסט מיט מילך און האָניג און יעדער איד האָט עס געזעהען מיט די אויגען לויט די הערליכע בילדער פון דער ביבעל, בעצוייבערטע מיט דער היים־אידי־ישער בענקעניש נאָך א היים, ווי יתומים בענקען נאָך דער מוטער, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט. און שלמה נאָר האָט זיך ניט אונטער־געגעבען דער דאָזיגער שטימונג און ער האָט זיך יעדעס מאָל געריסען עפּעס צו ענטפערען.

— ארץ־ישראל — האָט נחמן געזאָגט פערטראַכט א׳ן חיים האָט איבערגע׳חזר׳ט דאָס זעלבע.

— איך קוק זיך צו, ווי אזוי מענשען לעבען — האָט שלמה מיט אמאָל ארויסגערעדט, אוועקוואַרפענדיג דאָס העמערעל זיך צו די פיס — און איך פרעג: וואו איז דער ווילען און וואו איז דער כח

פונ׳ם מענשען? זאָגט מיר ניט "זיי" און זאָגט ניט "מיר." דאָס זענען אַלטע בייקעס פאַר ווייבער און קליינע קינדער. זיי און מיר, מיר און זיי — ס׳איז אַלץ איינס. וואסער אין טייך און וואסער אונטער דער ערד. אַלץ איינס.

ארום האָט מען אָנגעהויבען זיפצען. אימעצער האָט שעמעוודיג עפּעס אנ׳אנדער מיינונג ארויסגעזאָגט און די ערשטע הענדלערין האָט מיט אמאָל א פּאטש געטאָן מיט די הענט, אויפגעהויבען דעם בליק צו די לייכטערע הימעל, און איז אַוועק צוריק אויף איהר פּלאַץ.

— איהר קריצט מיט די ציין — האָט שלמה איראָניש גערעדט, בעטראכטענדיג דעם ארומיגען עולם — און איך האָב שוין מיינע ציין צעבראָכען פון כעס. איהר, אַלטע, קראנקע און צעוואונדעטע, אין אייך זענען פאראן גאנצע ברונימער פון פיין און צו אייך רעד איך. אָט ווערט געבוירען א מענש. ער דארף האָבען אַלס. ער דארף האָבען די גאנצע וועלט. און איהר ווילט אויך — נאָר איהר קאָנט ניט. איהר שטעהט ביי די טישען מיט די טייערסטע מאכלים. ביי די טירען פון שענע הייזער שטעהט איהר — און הונגעריגע, גע־וואלגערטע, נישטאָ, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּארען. און איהר וויינט, נו, פרעג איך: וואו איז אייער ווילען און וואו זענען אייערע כחות?

ער האָט אראָבגעוואָרפען פון די קניען דעם שטיוועל און אין אויפערגונג האָט ער זיך אויפגעהויבען פונ׳ם אָרט. זיין קול איז וואָס ווייטער קרעפטיגער געוואָרען:

— קיין דלות טאָר ניט זיין!... קיין דלות טאָר ניט זיין!... יעדערער פון אייך איז עלענד און יעדערער טראכט אויף זיין שטייגער. איינער זאָגט: מיר דארפען ליידען פאר די זינד פון די אמאָליגע דורות. דער אנדערער הייסט זיין אונטערטעניג, ווי בלינדע שאָף און דער דריטער זאָגט צו א לעקעבעל. מיר ווען אמאָל געהען קיין ציון... נאָר קיינער זאָגט ניט, אז עס דארף ניט זיין קיין דלות...

— ער איז א משוגענער! — האָט אימעצער א געשריי געטהון פונ׳ם עולם.

— אמאָל פלעגט מען אזעלכען פערווארפען מיט שטיינער. און איצט פער׳סמ׳ט ער די וועלט. זיינע רייד זענען דאָך סם־המות. נ׳מיך געהן, מיינע אויערען זאָלען דאָס ניט הערען. און נאָך אנ־

עלטערער מענש, א איד מיט א באָרד. אָט פאר וואָס מען האָט אונז פיינד, אָט פאר וואָס מען שלאָגט אונז.

און דער דאָזיגער מענש האָט זיך, שטויסענדיג ערגעץ אין דער קרום, געמאכט פאר זיך א וועג צווישען דעם מענשען־געזועמעל. וואָ סהאָט איהם ארומגערינגעלט. ער איז א ווײלע שטעהען געבליבען נעבען שלמה'ן און בײז איהם אָנגעקוקט א רגע. דערנאָך האָט ער געגעבען א שפּײ און שאָקלענדיג זיך ווידער אין דער קרום, איז ער אזוי אוועק אין גאס אריין. פון ווײטען האָט מען געזעהען, ווי אזוי ער דרעהט מיט'ן קאָפּ און מאכט מיט די הענד, נאָר קײנער האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. דער עולם האָט בײז געמורמעלט און איז זיך לאנגזאם פאנאנדערגעגאנגען, ניט קײן צופרידענער. נעבען של־מה'ן איז נאָר שטעהען געבליבען א קלײן מײדעלע, וועלכע האָט געהאלטען אין די הענט א קלײן קארטאָנען קערבעל מיט דאמען־היט...

נחמן מיט חיימ'ען זענען שוין געגאנגען זײער וועג און דער ערשטער האָט גערעדט אין אויפרעגונג:

— ס'אָטעמט זיך מיר אזוי גרינג, חיים, נעבען שלמה'ן זענען מיר אויסגעוואקסען פליגעל. דאָ איז אזוי גוט!... איהר וועט מיר גלויבען, מיר וואָלט זיך געוואָלט איצט לויפען, זינגען, שפּרינגען. איך ווײס אלײן ניט וואָס עס איז מיט מיר.

ער איז געווען אין אזא ריהרענד־גליקליכער שטימונג, וואָס טרערען זענען איהם געשטאנען אין די אויגען. אין גאס האָט עס ווי־דער געקאָכט און גערוישט פון מענשען־באוועגונג און, אזוי ווי פײער־שפּריצען, האָבען זיך יעדעס מאָל ארויסגעריסען אײנציגע קולות פונ'ם שטימען־געמיש צווישען המון. אין זײנע אויערען האָבען זיך אָבגערופען, ווי א זיסע מוזיק די אויסגעשרײען פון די קלײן־הענדלער אויף די טראָטוארען, ער האָט זיך ניט געקאָנט אָנקוקען צו זעט אויף זײערע קונציג־פאנאנדערגעלײגטע סחורות, וועלכע זײ האָבען פונקט אזוי קונציג פערקויפט צו אלערלײ פּרמדע מענשען. און געווען איז דאָ פון כל־טוב! אזוי ווי אויף א יריד האָבען זיך פּשוט אויף דער ערד געוואלגערט אלערלײ שטיקער שניט־סחורה, געמאָלטע אין אלערלײ פרעהליך־פארביגע קאָלירען און בלומען. און גאַרדינען, זײד און אטלאס־בענדער, טעבלעך, ליאלקעס און שפּיעלצײג — אלס דאָס גוטס. געווען זענען עס דורכאוים בילינע סחורות, וועלכע האָבען

גערייצט דאָס אויג פון יעדען פערבייגעהער מיט זייערע פערשידענע העל־רעשיגע פארבען. און נחמנ׳ען האָט זיך אויך געוואָלט זיין צוויי־שען זיי, די הענדלער און קרעמער פונ׳ם מארק, וועלכע האָבען דאָ פריי פערקויפט אלערליי שענע און ביליגע זאכען און מיט זיין יונג־שטארקען קול וואָלט ער אויך גערופען קונים צו זיך. אָנגענעהם וואָלט איהם געוועז צו רעדען מיט די פערבייגעהענדע מיידלעך און ווייבלעך און ארייקוקען אין זייערע ליידענשאפטליכע בליקען, גע־וואָנדעטע אויף יעדען שטיקעל סחורה, וועלכעס פאנגט זיי מיט׳ן שענקייט און ביליגקייט און צווינגט זיי אין אויפרעגונג אָנצוריהרען עס מיט דער האנד איין מאָל און דאָס אנדערע מאָל ביז דאָס הארץ פונ׳ם קונה קאָן נישט ביישטעהען דעם נסיון. ס׳האָט זיך איהם אויך געוואָלט קושען און בעשענקען מיט מתנות די קליינע קינדער־לעך, וועלכע האָבען זיך נאָכגעשלעפט די אָרימע מאמעס מיט זייערע פערבענקט־אויפגעפלאמטע קינדער־אויגעלעך צו אלע שפיעלערייען פון ארום.

— איך זאָג דיר, חיים, עפּעס איז מיט מיר אזוינס — האָט ער ווידער געזאָגט, וואונדערענדיג זיך איבער זיך אליין און חיים האָט געענטפערט שמייכלענד:

—איילט זיך ניט, נחמן. קיין פליגלען האָט מען דאָ ניט ליעב. מען האקט זיי דאָ אונטער, ווי ביי שטוביגע היהנער...

און די גאס האָט אלץ גע׳רעש׳ט און געשריען.

די קונים האָבען ניט געאיילט און אוידאין איילעניש געקויפט אלערליי זאכען, דראָהענדיג יעדעס מאָל אוועקצוגעהען. די קרעמער האָבען זיך געשראָקען און זענען אויך נאָכגעביגער געוואָרען. שרייענ־דיג און שווערענדיג זענען זיי נאָכגעלאָפן יעדען קונה און דערביי האָ־בען זיי גע׳כעס׳ט און געשאָלטען זיך אליין בייגלייך מיט זייער ביטער שטיקעל ברויט. אין ערגערניש און פיין האָבען זיי געטהון העסליכע זאכען. אזעלכעס איז געווען זייער לעבען.

## III.

זונטאָג האָט זיך נחמן דערוואַרט דעם אָווענד און איז אוועק־געגאַנגען צו שלמה'ן. פאַרבײַגייענדיג דעם מאַרק פון אַלטוואַרג, איז ער אַרײַן אין די גאַסען פון דער פאָרשטאָדט און ער האָט זיך באַלד דערפיהלט אין אַן'אַנדער וועלט. דאָרטען, פון וואַנען ער איז געקומען, האָט זיך דאָס שטאָדטיגע נאַכט־לעבען ערשט אָנגעהויבען און אין דעם העלען זילבער־גלאַנץ פון די עלעקטרישע זונען־לאַמפּען האָבען מענשען אויסגעזעהען, ווי מלאכים פון פרייד און ליכטיגקייט. מיט אַ זיגעס־קלאַנג זענען געפאָהרען די גאַסען־וואַגאָנעטקעס און די פערד האָבען דייטליך געקלאַפּט מיט די פּאָדקאָוועס איבער'ן ברוק, אַ געשמידעטען אין שטיין און צעמענט. ס'זענען געפלויגען קאַרעטעס אויף גומענע רעדער און בילד־שעהנע פרויען זענען אומעטום גע־גאַנגען אנקעגען.

אַלע האָבען געשמייכעלט. די הויכע און עלעגאַנט־גע־צירטע מאַסיוועז פון די הייזער האָבען זיך אין גלײַכע שורות גע־צויגען מיט די בעלויכטענע פענסטער, אין וועלכע ס'האָבען זיך באַ־וועגט מעכטיג, פרייע און גליקליכע מענשען. אַלץ האָט אויסגעזעהען שעהן און הערליך און די שפּאַצירענדע האָבען העפליך אָבגעטראָטען דעם וועג איינס פאַרן אַנדערן, ווי זיי וואָלטען סאַלוטירט זיך אַליין — די געסט פונ'ם דאָזיגען יום־טוב מיט זיין פּראַכט און העל־זילבערנער פייער־ליכטיגקייט.

אין דער פאָרשטאָדט האָט געהערשט אַ בלינדע פינסטערניש. ס'האָבען זיך געהערט צוגעשלאָגענע און טעמפּ־הייזעריגע שטימען פון מענשען, וועלכע האָבען זיך געשאַרט איבער די קרומע און ניט־ברוקירטע גאַסען. ערטערווייז האָבען זיך געשפּילט קינדער אין גרופּען און איינציגע, העלכענדיג מיט זייערע קינדערישע פרעהליכ־

קייטען און געשרייען אין דער ארומיגער פינסטערניש. די ווייבער האָבען געמיטליך געפּלאַפּעלט נעבען די טויערען און מיט יעדען מיידעל איז א בחור געגאנגען.

די פאַרשטאָדט האָט אויסגעזעהן אונענדליך. א גאס און א געסעלע און אַ געסעלע אין אַ גאס. ווי א צויבער־שפּילעכעל, האָט זי זיך מיט אמאָל געענדיגט און באלד אויסגעוואקסען ווידער און ס'איז ניט געווען צו וויסען קיין גבול און קיין סוף. וואָס ווייטער פון שטאָדט זענען די הייזער אַלץ נידעריגער געוואָרען. אַלץ טיפער זענען זיי געוואקסען אין דער ערד און די איינציגע גאסען־לאמטער־נעם זענען ביסלעכווייז איינגאנצען פערשוואונדען. די לופט איז גע־ווען אָנגעזאפּט מיטן פוילען ריח פון גאסען־מיסט און פארדומפּט־שטעהענדיגע וואסערען.

א גוט געפיהל האָט באהערשט נחמנ'ען, ווען ער איז אריין אין דעם הויף, וואו שלמה האָט געוואוינט. אין איין שטאָק די הויך, מיט לאַנגע פּליגלען, האָט ער זיך געשפּרייט אויף פיער גאסען, אריינגעהמענדיג אין זיינע אָרימע דירה'לעך הונדערטער מענשען. דער הויף איז געווען ברייט, גרויס און קויטיג אין אלע צייטען פון יאָהר. געזונקען מיט די רעדער אין דער בלאָטע זענען דאָרטען תמיד געשטאנען פוהרלעך און וועגען, וועלכע האָבען אין דער פינסטער אויסגעזעהן ווי שווארצע שטיינער. פון די שטאהלען האָבען זיך געהערט דאָס הירזשען פון פערד און דעם לאנג־אויסגעצויגענעם מוה־געשריי פון בהמות.

— וואו וואוינט דאָ שלמה? האָט נחמן געפרעגט א אינגעל, וועלכער איז איהם אָנגעקומען אנקעגען מיט אנ'עמער אין האנד.

— שלמה? — האָט יענער איבערגעפרעגט און איז שטעהען געבליבען — וועלכער? דאָ איז פערהאן א סך שלמה'ס. ס'איז דאָ ביי אונז "אונזער שלמה". פאַרהאן שלמה בויז, שלמה כאלאַט, שלמה דער קאָרטען־שפּילער...

— איך דאַרף שלמה דעם שוסטער — האָט איהם נחמן אי־בערגעשלאָגען מיט א שמייכעל.

— אַ, "אונזער שלמה". איך האָב באלד פארשטאנען. געהט גלייך. ביי דער טהיר וועט איהר זעהן א פּאַס וואַסער.

נחמן איז אוועק פערביי דעם לינקען פּליגעל און דאָ האָט מען איהם נעבען יעדער טהיר געפרעגט: איהר דארפט צו "אונזער

שלמה׳ן״? גלייך, גלייך. ביי דער טהיר שטעהט דאָרטען אַ פּאַס, נאָר ער איז, דאַכט זיך, נישטאָ אין דער היים.

ביז נחמן איז צוגעקומען צום פּאַס איז ער שוין אינגאנצען געווען איינגעטונקט אין בלאָטע. דורך דער אָפּענער טהיר האָט זיך פונ׳ם צווייטען חדר׳ל געזעהן פייער. נחמן איז אריינגעגאנגען שטיל. אין אַ נידעריג שטיבעל מיט א פענסטערל אין גאס אריין זענען געזעסען דריי פרויען. צוויי פון זיי האָבען הויך גערעדט צווישען זיך און די דריטע האָט נאָר געהערט, אָנשפּארענדיג אַ פּער׳חלומ׳טע דעם קאָפּ צו דער וואנד. דערזעהענדיג אריינקומען א מאנסביל האָט די שווייגענדע מיט אמאָל א געשריי געטהון און האָט זיך צוגעדעקט מיט די הענד דאָס פּנים.

— ווער איז דאָרטען? — האָט אומרוהיג געפרעגט די צווייטע פרוי, אויפשטעהענדיג פונ׳ם פּלאַץ.

— וואָס האָט איהר זיך דערשראָקען? — האָט זיך נחמן געוואונדערט.

— איהר זענט געקומען צו אונזער שלמה׳ן? — האָט זי ווי־דער געפרעגט — זעצט זיך. ער דארף באַלד קומען צו געהן.

זי איז צוגעגאנגען צו יענער, וועלכע איז געזעסען מיט די הענד פערדעקט דאָס פּנים און האָט זיך אָנגעהויבען סוד׳ען מיט איהר, ווייזענדיג יעדעס מאָל אויף נחמנ׳ען און, ווען יענע האָט א שמייכעל געטהון, האָט זי געזאָגט הויך:

— זעהט איהר, ווי אזוי גרינג איך האָב זי בארוהיגט... א, איך קאָן מיט איהר רעדען... אָט נעמי קאָן ניט.

נחמן האָט א קוק געטהון אויפן מיידעל, וועלכע איז געזעסען ביי דער זייט נעבען וואנד און ער איז רויט געוואָרען. זי איז אלט געווען אפשר ניט מעהר ווי זיבעצעהן יאָהר, נאָר עפּיס ארויסרוי־פענד־רייצענדעס און זעהר אָנגענעמעס איז געווען אין יעדען בליק און יעדער באוועגונג איהרס.

— איך וויל נישט קאָנען — האָט זי געזאָגט פער׳עקשנ׳ט — זאָלען דאָס אנדערע טהון.

— פארוואָס זשע האָט זי זיך דערשראָקען? — האָט זיך נחמן געוואונדערט, קוקענדיג אויפן מיידעל, וועלכע האָט אויף איהם אַזאַ שטארקען איינדרוק געמאכט. דערביי איז ער בייז געוואָרען אויף זיך אליין.

נעסי, דערפיהלענדיג אז זי געפעלט, האָט זיך מיט א כיון אָבגעקערט און די צווייטע, די שווארצאויגיגע, האָט זיך ארויס־געכאפּט:

לאה האָט מורא פאר פרעמדע מענשען, זי איז א דערשראָקענע.

— אָט וואָס — האָט געזאָגט נחמן, אומקוקענדיג זיך צו נעסין — ווער זשע האָט זי איבערגעשראָקען?

— א, און דער פרעגט אויך — האָט נעסי איבערגערעדט מיט פערדרוס און האָט זיך אָנגעבלאָזען.

— פארוואָס זאָל מען ניט טאָרען פרעגען? — האָט זי איבער־געשלאָגען די שווארצאויגיגע — איך וואָלט אויך געפרעגט. נו, איך וועל אייך זאָגען. לאה האָט זיך פערליעבט און האָט חתונה גע־האט און אין א יאָהר ארום איז דער מאן איהרער געשטאָרבען אין גאַס. ער האָט געהאט די "פאַליגע", און דעמאָלט האָט זיך עס ביי איהר אָנגעהויבען. א, וויפיעל צרות אונזער שלמה האָט זיך שוין פון איהר אָנגעליטען. פרעגט ביי די שכנים. אלע האלטען איהם דאָ פשוט פאר א הייליגען מענשען.

— דאָס איז זיין טאָכטער? — האָט זיך נחמן אינטערעסירט צו פרעגען.

— איהר דארפט זיך שוין אָנשטויסען אליין. נאָכן מאנס טויט איז ביי לאה'ן געבליבען א קינד, א מיידעלע...

— איך וואָלט געוואָלט זיין די — האָט לאה געזאָגט מע־לאנכאָליש.

— איהר הערט — אלע מאָל זאָגט זי אזוי... דאָס מיידעלע איהרס איז געווען א גוטינקע, א שטילינקע און אז זי איז אונ־טערגעוואקסען האָט לאה אָנגעהויבען געהן ארבייטען אויף דער פאבריק און שלמה פלעגט אויך אוועקגעהען. דאָס מיידעלע האָט מען אלע מאָל איבערגעלאָזען ביי דער שכנה. דערנאָך... — זי האָט א ביסעל צוגעשוויגען — דער שכנה'ס אינגעל האָט זי דער'הרג'עט. א קליין אינגעלע פון פינף יאָהר.

— דער'הרג'עט... — האָט נחמן ארויסגעשטאמעלט. ער איז בלאס געוואָרען און זיין גוטע שטימונג איז אוועק.

— אָ — האָט זי געזאָגט אין א לאכענד־וויינענדיגען טאָן — וואָס האָט איהר זיך אזוי איבערגעשראָקען. פארהאן דאָ נאָך ער־גערע צרות. פאראיאָהרען האָט דאָ א חזיר אויפגעפרעסען א

קינד פון ניין חדשים, וואָס איז געשלאָפֿען אין א מולטער... וואו איז געוועזן די מאמע? געגאַנגען ארבייטען.

זי האָט נאָך אמאָל אזוי ווי א כליפּע געטהון, געפּרובט זיך צולאכען און מיטאמאָל האָט זי געפרעגט זעהר טיכטיג!

— איהר דארפט צו שלמה'ן וועגען עפּיס א אינטערעס?

— איך וואָלט אויך געוואָלט זיין א אינטערעס — האָט לאה ארייַנגעזאָגט פער'עקשנ'ט.

נחמן איז געשטאנען א פערטראכטער:

— יאָ, א אינטערעס.

— וואָס טהוט איהר? איהר ארבייט אין א פאבריק?

— ניין, ניין, איך האָב געדינט ביי א בעל־הבית, אָנגעקליבען א ביסעל געלד זוך איך איצט א שותף. איך וויל זיך שטעלען אין מארק מיט סחורה.

— אהאָ! האָט מיטפיחלענד, אויפגעפלאַמט די שוואַרצאויגיגע — ביי אייך האָט זיך שוין עס אויך אָנגעהויבען. אלע ווילען אויף דער פרייער וועלט. דאכט זיך ווי אזוי שלעכט אונז איז שוין דאָ און מיר טראכטען נאָך אויך פון עפּיס.

— איהר טראכט אויך דערפון? — האָט זיך נחמן געוואונדערט, אויסמיידענדיג צו קוקען אויף נעסין, וועלכע האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים איהר'ס גלייך צו איהם.

— איצט זעה איך, אז איהר זענט נישט קיין היגער. מיר טראכטען און מיר האָפען. מיר שפּילען און דאָס איז אונזער האָפענונג. אויב ניט דאָס צעטעל, ווער זשע? ווען איהר געהט זיך דורך דאָ אין גאס, וואָלט איהר אין יעדער שטוב געפונען א לייפּציגער צעטעל. מיר ווערען פּשוט בדלות, נאָר פארהאן א האָפענונג.

נחמן האָט זי אויסגעהערט מיט א פערכאפּטען אָטעם. פון דעם צווייטען צימער האָבען זיך דערהערט שווערע טריט. די שוואַרצאויגיגע איז געוואָרען אויפמערקזאם.

— דאָס איז מיין מאן — האָט זי געזאָגט און דאָס קול איז איהר מיט אמאָל, אזוי ווי איינגעפאלען און שטיל געוואָרען — ער איז, דאכט זיך, שכור. ווייטער, הייסט עס, גאָר ניט פערדינט.

זי איז ארויסגעלאָפען, ווי א פייל אויסען בויגען, ניט געזעגענענדיג זיך און באלד האָט זיך דערהערט א גראָב זידלעריי און איהר שטיל־בעטענדער קול.

— א לעבען — האָט נחמן ארויסגערעדט אין אומעט.

— אָנקוקען קאָן איך ניט אזעלכע מענשען! — האָט זיך אָב־גערופען נעסי — אלע גוט. שכורים, גראָבע יונגען און מען קאָן זיי קיין מאָל, מיט גאָר ניט אָנזעטיגען... אמאָל זיץ איך מיר און טראכט: ווי אזוי קאָן איך ווערען אזעלכע? איך וועל האָפען אויף אַ גראָשען און מיין מאַן וועט זיין א קראנקער, אנ׳אויסגע־מאטערטער און נאָך אפשר א שכור אויך, מיט אָט אזא לאנגער באָרד און פון איהם וועט שמעקען, ווי פון א רינשטאָק.

— יאָ, אזוי איז עס — האָט נחמן געשטאמעלט, א צופריי־דענער פון איהר אויפגערעגט־בייזען טאָן.

— דאָס וועט ניט זיין — האָט זי געטאָקט אין עקשנות איהר יעדעס וואָרט — איך האָב געשוואוירען.

אין שטוב איז אריינגעקומען א פרעמד מיידעל, ניט קיין שעהנע מיט א קלייענדיג פנים און דערשראָקענע אויגען. איינגאנ־צען איז זי עפּיס געווען א געלינקע. זי האָט געטראָגען א געל קליידעל מיט געלע שיך און א געל בענדעל אין די האָהר. ס׳האָט פון איהר געוועהט מיט אומעט און טעמפּער מבולבל׳קייט, ווי זי וואָלט זיך געוואונדערט, וואָס אויך זי עקזעסטירט אויף דער וועלט. דער־זעהענדיג אנ׳אומבעקאנטען מענשען, איז זי, ווי אַ פארשטארטע, שטעהן געבליבען אויף דער שוועל און האָט א וואונק געטהון צו נעסין מיטן פינגער.

— דו זיצסט דאָ — האָט זי געמורמעלט אין דער שטיל — און דאָרטען אין גאס וואָרט אויף דיר אברהם. ער וויינט מיט טרעה־רען. וואָס מאטערסטו א מענשען?

זי האָט עס ארויסגערעדט מיט היץ און דערנאָך האָט זי צו־געגעבען מיט א געבעט:

— קום, קום, איך בעט דיך!

— נאָך וואָס וועל איך געהן — האָט נעסי געזאָגט הויך און נחמנ׳ען האָט זיך געדאכט, אז זי ווענדעט זיך דורכאויס צו איהם — איך האָב פיינד מאָלערס. געה אליין צו איהם. ער געפעלט דאָך דיר.

זי האָט אויפמערקזאם זי אָנגעקוקט און איהר קול איז מיט אמאָל הארט געוואָרען:

— אפשר וועט ער זיך אין דיר פערליבען...

— דו לאכסט — האָט, בלאסווערענדיג, געענטפערט דאָס מיידעל — און איך זאָג דיר. ווען ער קאָן, וואָלט ער זיך פערליבט. נעסי, צוליעב איהם וואָלט איך די שטוב אויפגעהויבען פונ'ם אָרט. איך שטארב נאָך איהם. ער ווייס עס, נאָר איך קאָן ניט... אָט האָב איך צוליעב איהם אָנגעטהון א שטענגעלע. די געלע שיך האָב איך אויך צוליעב איהם געקויפט. און דאָס נייע שפּיגעלע. ער זעהט עס, נאָר ער קאָן ניט. נעסי, איך האָב איהם ליעב. געה אַרויס צו איהם.

— איך וועל נישט געהען — איז נעסי אין כעס געוואָרען — איך האָב פיינד קבצנים. איך וואָלט, דאכט זיך, מיר א מיתה אָנגעטהון, ווען איך פערליעב זיך אין אנ'ארבייטער.

— פאר וואָס זשע ביזטו מיט איהם ארומגעגאנגען? האָט איהר פאָרגעוואָרפען דאָס קלייענדיגע מיידעל, ארויסגעהענדיג מיט נעסי'ן אינ'ם ערשטען צימער.

— איך בין ניט שולדיג, וואָס איך געפעל אלעמען — האָט זיך געהערט נעסי'ס קול.

זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו סוד'ען און זענען ביידע ארויס פון שטוב. נחמן איז געבליבען מיט לאה'ן אליין. ער האָט זי אָנ־געקוקט מיט א שווער געפיהל און זי איז געזעסען איינקעגען א שמייכ־לענדע און א צופרידענע, ווי זי וואָלט זיך געשפּיגעלט אין איהם. ער האָט געזעהען, ווי אזוי זי קאָפּירט אלע זיינע באוועגונגען. די צייט האָט זיך געצויגען זעהר ניט היימליך.

—וואָס זעהט זי עס אזוינס אין מיר? — האָט נחמן זיך אליין געפרעגט, איינגאנצען א בעזיגטער דורך איהרע בליקען, וועלכע האָבען איהם געוואָרעמט ווי זונען־שטראהלען. ווייך און צארט האָט ער זיי געפיהלט אויפ'ן שטערען און איבער'ן גאנצען פּנים נאָר געשטויסען האָט איהם איהר בליק, ווען זי האָט איהם מיט־ארייגעקוקט אין די אויגען אריין.

— שוין שפּעט — האָט נחמן געזאָגט שטיל. אין אנשטרענגונג האָט ער, אויסגערעדט דעם קאָפּ צום פענסטער און זיין קול איז נאָך שטילער געוואָרען — א פינסטערע נאכט.

—איך וואָלט געוואָלט זיין די נאכט — האָט לאה געזאָגט געהיימניספול.

נחמן איז געזעסען א פערטראכטער און א פערלוירענער.

—וואָס פאר א לעבען איז עס דאָ.

נאָר עפּעס נייע כחות זענען איהם צוגעקומען און פון אומעדום האָט ער זיי געפּ הלט. פון׳ם נידריגען שטיבעל און פון׳ם גרויסען הויף, וואוהין ער האָט געקאָנט אריינקוקען דורך פיער פערשידענע גאסען, וועלכע האָבען דאָס נידריגע הויפעל בעוואכט. דאָרטען, וואו ער האָט געדינט אויף דער שטעלע, האָט ער געזעהען זעהר פיל מענשען אין אומגליק און פיין פון האָרוואניע און דאגות. נאָר עפּעס איז ביי זיי געווען אזעלכעס, וואָס האָט זיי צוגעבונדען צום לעבען און געטריבען זיי צו לעבענס־אינטערעסען. און דאָ איז ער, אזוי ווי אין א זומפּ אריינגעפאלען. דאָס קאָכענדיגע לעבען האָט דאָ אויסגעזעהען, ווי א קויטיגער שטראָם און מענשען האָבען זיך געהאלטען אויפ׳ן אויבערפלעך פון זיינע וואסערען, ווי אוועקגעוואָרפענע אומנוציגע שאלעכצער, טראָגענדיג זיך ערגעץ אין אימפּעט, ניט וויסענדיג אליין וואוהין.

— איהר האָט ליעב קינדער? — האָט זיך פּלוצלינג דערהערט לאה׳ס שטים.

זי האָט שוין דאן געקוקט ערגעץ אין דער זייט אריין און געקוקט האָט זי פער׳עקשנ׳ט, ווי דאָרטען אין דער זייט וואָלט געשטאנען און ס׳וואָלט זי גערופען צו זיך עפּעס אזוינס, וואָס זי אליין האָט נאָר געוואוסט דערפון.

— איך האָב ליעב — האָט נחמן געענטפערט, ניט דערקענענדיג זיין אייגענעם קול.

— איך האָב געהאט זעהר א טייער מיידעלע. א גאָלדענע, א שטילינקע און א וואוילינקע. דאָס פנימ׳על האָט איהר געלויכטען, ווי די זון. די הערעלעך זענען איהר געווען גאָלדענע, איטלעכס הערעלע פון גאָלד. און אז איך פלעג קומען פון דער ארבייט, האָט זי מיך דערקענט. געצויגען זיך צו מיר מיט די הענדטעלעך און זי האָט געלאכט. און דער דלות האָט ביי מיר אוועקגענומען מיין גאָלדען מיידעלע — איז זי מיט אמאָל ברוגז געוואָרען — זיי זאָגען אלע, אז א קינד האָט זי דער׳הרג׳עט. נאָר איך וויים, אַז דאָס איז אַ ליגען. דער דלות האָט זיך פערשטעלט פאר א קינד און ער האָט דער׳הרג׳עט מיין גאָלדען מיידעלע. דער דלות האָט זי צוגע׳גנב׳עט. מיין הארץ האָט ער אוועקגענומען... פריהער האָט ער מיר געגעבען איך זאָל זיך אָנשפּיגלען אין איהר און דערנאָך האָט ער גע׳הרג׳עט מיין גאָלדען מיידעלע. ער האָט מיך צוליעב דעם געשיקט ארבייטען ער זאָל דאָ

קאָנען דערוווייל הרג׳ענען מיין גאָלדען מיידעלע. אזוי ווי מען פער־טרייבט א פויגעל פון זיין נעסט, אזוי האָט דער דלות מיך פערטריבען צו דער ארבייט און ער האָט זי דאָ דער׳הרג׳עט, מיין גאָלדען מיידע־לע.

זי האָט גערעדט מיט א שטיל געזאָגעריי אין טרויעריג־זינ־גענדע טענער, ווי פון א תחינה ארוים. נחמן האָט זי אויסגעהערט און דאָס הארץ האָט איהם געדריקט פון רחמנות. זיין ביסעל צער, וואָס ער האָט איבערגעלעבט די לעצטע חדשים נאָך זיין צושיידען זיך מיט נתנ׳ען, האָט איהם איצט אויסגעזעהען אזוי קליין און נישטיג. נעבען איהם איז דאָ געזעסען א האלב־משוגען ווייבעל און האָט געזונ־גען דאָס גרויזאמע ליעד פון נויט מיט איהר טייוועלשער שליטה איבער׳ן ליידענדען פאָלק... ווי א שטיין האָט זיך איהם דאָס ליעד געלייגט אויפ׳ן הארצען.

— אָט בין איך ווידער דאָ — האָט זיך אָבגערופען נעסי, שטעהענדיג אויף דער שוועל. זי איז אריינגעקומען און ארום איז ליכטיג געוואָרען, ווי זי וואָלט א זונען־שטראהל אריינגעבראכט מיט זיך.

— דאנקען גאָט — האָט נחמן געטראכט א דערפרעהטער.

— איך בין ניט שולדיג, וואָס איך געפעל אלעמען — האָט זי ווידער אמאָל געזאָגט מיט תמימות און חן — מיט קיין שוועבעל וועל איך זיך דאָס פנים ניט אָבגיסען צוליעב קיינעם. שלמה, דאָ וואַרט אויף אייך א מענש, האָט זי אריינגעשריען אין דער פינסטער־ניש פונ׳ם ערשטען צימער, וואו אימעצער האָט זיך באוועגט און גע־זוכט דאָרטען עפּעס.

— איך וועל באלד אריינקומען — האָט זיך דערהערט זיין קול — איך וועל נאָר אוועקשטעלען דאָס קעסטעל.

נחמן האָט געקוקט אויף נעסי׳ס אויפגערעגט שעהן פנים. איצט איז ווידער געווען עפּעס א ווילדקייט אין אלע איהרע באוועגונגען. פון צייט צו צייט האָט זי זיך אומגעקוקט צו נחמנ׳ען, ווארפענדיג אויף איהם אין איילעניש איהרע הייס־גליהענדע בליקען.

— איך וועל שוין געהען אהיים — האָט זי געזאָגט הויך, ווי זי וואָלט א וויכטיגען נייעס דערצעהלט — איך וועל ווארטען ביז אלע וועלען אנשלאָפען ווערען. דערנאָך וועל איך ארויסגעהען פאר׳ן

טויער, און וועל קוקען אין גאס אריין. איך וועל קוקען אויף דער שטאָדט...

— איך וואָלט געוואָלט זיין די שטאָדט — האָט לאה געמורמעלט אין דער שטיל...

— די שטאָדט — האָט נעסי ווידער דערצעהלט — און דאָס מאָל האָט עס שוין אויסגעזעהען, ווי א צויבער־מעשה׳לע — אזא ליכטיגע איז די שטאָדט. ביי נאכט איז דאָרטען אזוי ליכטיג, אז ס׳דאכט זיך, אלסדינג ברענט דאָרטען אין פלאמען. איך וועל ארויס־געהען און קיינער וועט מיך ניט זעהען, איך וועל קוקען אויף די פייערען פון דער שטאָדט און איך וועל מיר טראכטען... פון מיין לעבען וועל איך טראכטען, פון זיך אליין....

— נו, אָט בין איך אויך דאָ — האָט געזאָגט שלמה, אריינ־קומענדיג און געווענדעט צו נחמנ׳ען האָט ער צוגעגעבען — דאכט מיר — איך האָב דיך ערגעץ געזעהען.

— יאָ, דאָרטען אין מארק, איך בין ביי אייך געווען מיט חיימ׳ען.

— א, דו ביזט געווען מיט חיימ׳ען? איך האָב זיך שוין דער־מאָנט, א מענשעל איז שוין דאָ. אמת ניט איבעריג קיין געזונדטער, ניט קיין גביר, נאָר ס׳איז דאָס, וואָס דו דארפסט. זיץ, מיר וועלען נאָך רעדען דערפון.

ער איז צוגעגאנגען צו לאה׳ן און א גלעט געטאָן זי איבער׳ן קאָפּ, זאָגענדיג ווייך און צארט:

— וואָלסט אפשר געהען שלאָפען. שוין שפּעט.

— איך וועל געהען, טאטע — האָט זי געענטפערט מיט הכנעה — נאָר איך שטער דאָ קיינעם ניט.

— זאָל זי נאָך זיצען א ביסעל — האָט זיך אריינגעמישט נעסי — זי ליגט סיי ווי א גאנצען טאָג.

שלמה איז ארויס אין פאָדער־צימער, מיטנעהמענדיג דאָס לעמ־פּעל און באלד איז ער אריין צוריק מיט א צוגעדעקט קריגעל אין האנד און א שטיק ברויט פון אויבען.

— איהר רעדט זיך געזונטערהייד און איך וועל דערווייל אָב־עסען, פון פריהמאָרגען נאָך אין מיין מויל ניט געהאט.

ס׳איז געוואָרען שטיל. לאה האָט זיך ניט אויסגעטאָן, נאָר זי האָט

גרייט געמאכט דאָס געלעגער צו לייגען זיך אין בעט אריין און נעסי האָט איהר געהאָלפען דערביי.

— נו, איך וועל שוין געהען — האָט זי געזאָגט מיט א זיפץ, ווען לאה איז שוין געלעגען אויף איהר ארט מיט צוגעמאכטע אויגען — צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט, אהיים דארף מען געהען. איך וועל שוין כאַפּען א חלק. דער טאטע וועט מיר שוין מיינס באַצאָהלען. א גוטע נאכט!

זי האָט זיך אָבגעשטעלט א ווײלע נעבען נחמנ׳ען, דורכגענומען איהם מיט׳ן בליק און איבערגעהענדיג דאָס צימער, איז זי פער־שוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניש פון דער אָפענער טיר.

— א וואויל מיידעל — האָט נחמן געזאָגט פערטראכט.

— א טייערע — האָט שלמה צוגעשטימט ,אוועקרוקענדיג פון זיך דאָס לײדיגע קריגעל — און דערפאר איז אָך און וועה צו איהר.

— פאר וואָס זשע? — האָט זיך נחמן געוואונדערט, און איז מיט אמאָל רויט געוואָרען.

— דערפאר, וואָס די טייערע ווערען גיכער פערפאַלען און נעסי איז שוין אויפ׳ן וועג... דערוויל איז זי נאָך דאָ, צווישען אונז. געהט ארום און רעדט, נאָר מיט׳ן הארץ איז זי שוין דאָרטען, וואו ס׳ווארט אויף איהר דער גיהנם זי איינצושלינגען. ווי א בלימעלע, וואָס מען לאָזט אוועק אויפ׳ן וואסער, אזוי שווימט דאָס מיידעל אוועק פון אונז. אזעלכער איז דער גורל איהרער.

— אפשר וועט זי נאָך — איבערטראכטען — האָט נחמן גע־זאָגט מיט האָפנונג.

— דאָס לעבען איז שטארקער פון אלע אונזערע רעיונות — האָט שלמה קאלט געענטפערט — האָסט געזעהען וויפיעל הייזער ס׳זענען דאָ ביי אונז אין גאַס?

— וועלכע הייזער? — האָט זיך נחמן געוואונדערט.

—וועלכע? אָט מיט די רויטע לאמטערנעס, מיט די ליכטיגע פענסטער, כלי־זמר שפּילען דאָרטען נאכט אין נאכט. און זיי, די רויטע לאמטערנעס, טראכטען שוין פאר איהר. און דו ווייסט וויפיעל אונזערע מיידלעך זענען דאָרטען פאראן? איך וועל זיך מיט דיר וועטען אויף גאנצע פופציג פּראָצענט. און וואו מיינסטו נעהמט די שטאָדט מיידלעך פאר דער גאַס? אויך ביי אונז. מיר שטעלען זיי צו אין די ליכטיגע פענסטער און מיר שטעלען זיי צו אין גאַס. שפּאר

מיך ניט איבער. איך האלט שוין ביי די זעכציגער און איך ווייס שוין וואָס פאר א שפּיצלעך דער דלות קאָן אָבטהון.

דער אַלטער האָט זיך פערטראכט און איז אזוי געבליבען זיצען. לאה איז געשלאָפען. נחמיז האָט דערשראָקען געקוקט אויפ׳ן אַלטען און ער האָט געפיהלט, אז עפּעס טרעסעלט איהם פון אינווייניג אזוי שטארק, אז ער קאָן קוים כאפּען דעם אָטעם און יעדע ווייַלע האָט זיך איהם געוואָלט שרייען: — וואָס האלט איהר מיך דאָ? זאָגט מיר, וואָס איהר האָט מיר צו זאָגען און לאָזט מיך אָב.

— לאָמיר ניט רעדען וועגען דעם — האָט שלמה געזאָגט הארט, ווי ער וואָלט זיך ארויסגעריסען פון זיינע אייגענע געדאנקען — נ׳מיר זעהען וואָס איז מיט דיר. האָסט געלאָזען די שטעלע...

— זאָגען אייך דעם אמת — האָט זיך נחמן אָנגעהויבען צו ערגערען, ווי ער וואָלט אומגעדולדיג געווארט דער אַלטער זאָל איהם דאָס ערשטע ווארט ארויסזאָגען — איך האָב כמעט חרטה, וואָס איך בין געקומען אהער. אין די צוויי שעה האָב איך זיך דאָ אזוי פיעל אָנגעהערט... אָט האָט איהר דאָרטען געזאָגט, אז קיין דלות טאָר ניט זיין. איצט פרעג איך אייך ווי אזוי צו טהון? איך בין פריהער געווען פשוט א שווארצער ארבייטער. ווען איך בין געווען א קינד, האָב איך געלערענט, דערנאָך בין איך געוואָרען א שווארצער ארבייטער. אזוי איז אויסגעקומען און דערנאָך האָט זיך דאָס לעבען אזוי איבער־געדרעהט, אז איך בין אוועק אויף א שטעלע, נאָר איך האָב דאָרטען אויך ניט אויסגעהאלטען. איך האָב זיך איינגערעדט, אז די שטעלע איז א תכלית און מען דארף שלעפּען דעם יאָך, ווייל דאָס לעבען איז אומעטום אלס איינס, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפען. ארום זענען דורכ־אויס געווען מענשען, וואָס האָבען זיך כסדר געפּייניגט. און איך האָב מיר געטראכט: האָב איך זיך די שטעלע, די שטעלע, וואָס גיט דיר א שטיקעל ברויט, נאָר אנשטאט דער שטעלע האָבען זיך מיר געפּלאָנ־טערט אין קאָפּ פרעמדע מענשען און זיי האָבען מיך אזוי געשראָקען, ווי זיי וואָלטען געקוילעטע געווען ביי מיר אין שטוב. און איך בין אוועק פון דאָרטען...

ער האָט גערעדט מיט הארץ, א צעבראָכענער פונ׳ם שווערען לעבענס־פּלאָנטער, וואָס ער האָט דאָ געטראָפען. פאר די אויגען זענען איהם געשטאנען די דריי איבערגעלעבטע יאָהרען ביי זיין ארימען און קראנקען בעל־הבית. ווי אנ׳איבריגע משא, וואָס האָט איהם גע־

בייגען צו דער ערד, האָט ער פֿון זיך ארויסגעוואָרפֿען אלע זיינע זכרונות פֿון יענעם גרויסען הויף מיט די צעבראָכענע קאליקעס, וואָס האָבען דאָרטען געארבייט. און ער האָט אויסגעטרוימט פֿאר זיי א בעסער לעבען. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט א שענע ליכטיגע וועלט, מיט געזונדע מענשען, וואו יונג און אלט ארבייטען מיט א מאָס, און זיס איז דאָרטען געווען יעדעס שטיקעל ברויט, און דאָס לעבען איז געווען פֿריי אהן א צוים, אָהן א יאָך און די כחות זיינען געוואקסען אין לעבענס־פֿרייד און לעבענס־גענוס... שלמה האָט געהערט און אין זיינע אויגען האָבען זיך העלע פֿייערען געצונדען. ס'האָט זיך איהם געדאכט, אז אנ'עולם מענשען רינגעלט איהם ארום און אלע וואַרטען אויף זיין וואָרט. ער האָט פֿרייער געאָטעמט. א גליקליכער פֿאָרגעפֿיהל האָט געפֿרעהט זי'ן הארץ, באַהערשענדיג דעם קלאָרען געדאנק ביז פֿארגעסענהייט. ער האָט געזעהן פֿאר זיך לעבעדיגע געשטאלטען, וואָס זיין אייגענע נשמה האָט זיי געצערטעלט אין זיך מיט ליעבע און צער.

— קום, נחמן — האָט ער געזאָגט אנ'אויפֿגערעגטער — דאָ בלענדעט דער אמת. וועסט זעהען.

— ער האָט איהם אָנגענומען פֿאר'ן האנד און זיי זענען ביידע ארויס פֿון שטוב. דער אלטער איז געגאנגען גיך. ער האָט זיך פֿיבעריש ערגעץ געאיילט.

— וועסט שוין זעהען — האָט ער געשטאמעלט — וועסט שוין זעהען. איך וועל דיר ווייזען דעם כח פֿון דלות.

אין הויף איז געווען שטיל. די טונקעלע איינשטאָקיגע פֿליגעל־געביידעס, וועלכע האָבען געפֿרעסט אויף די קעלער־שטיבלעך, האָבען זיך געצויגען פֿאר אלע זייטען. ווי שווארצע און העסליכע ווערעם זענען זיי געקראָכען אין די שכנות'דיגע הייזער, געבלאָזען זיך, געדרעהט און איינגעשלאָסען זיך אין אנדערע אזעלכע פֿליגעל־שטיבער, לאַנגע און שוואַרץ־אויסגעצויגענע ווי די שלאַנגען. אין די דירה'לעך האָבען זיך געלאָשען די פֿייערען און דער גרויסער און פֿוסטער הויף האָט זיך ביסלעכווייז פֿארלוירען אין דער פֿינסטערניש. פֿון די שטאלען האָבען די פֿערד געסאפּעט און ס'האָט זיך איצט געדאכט, אז א שרעקליכער אומעט האָט זיך געשאָטענט איבער'ן הויף, בלאָנדזענדיג ביי פֿענסטער און טירען פֿון איין וואוינונג צו דער צווייטער. א שאָטען פֿון טרויער און מיטלייד האָט ארויסגעוויינט פֿון

יעדען ווינקעל, ווי א לעבעדיג געשטאלט. א טיפער און א לויכטערער הימעל האָט זיך געהויבען אין דער אונענדליכער הויך אריין און דער־פאר, וואָס עס איז געווען אזוי ווייט, אונענדליך־גרויס און לויטער איז דאָ אונטען אינ׳ם פּוסטען הויף דער אומעט געווען אזוי טיעף, ווי אלע האָפנונגען פונ׳ם מענשען זענען שוין פארלוירען אויף אייביג.

— דאָ ליגט דער כח פון דלות — האָט זיך דערהערט שלמה׳ס קול — קוק!

ער האָט געמאַכט א קיילעכדיגע האנד ־ באוועגונג אין דער לופט און איז אוועק פערביי ביי דעם לינקען פליגעל, אָבשטעלענדיג זיך ביי יעדער טיר פון די ענג־פערשווארצטע וואויהן־לעכער.

— דאָס איז דירה נומער איינס — האָט ער שטיל געזאָגט — דאָ וואוינט ביילע. זי האנדעלט אין מארק. די צוויי טעכטער ארבייטען אין פאבריק און פון אוועקנד לאָזען זיי זיך ארויס אין גאס עחס פערדינען. נור מען הונגערט אלע דריי. נ׳מיר געהען ווייטער. דאָס איז די דירה נומער צוויי. דריי אלטע ווייבער. קאַליקעס אלע. מען לעבט פון בעטלעריי און מען הונגערט אין דרייען. נ׳מיר געהען ווייטער. דאָ האָסטו די דירה נומער דריי. אהרן בעל־עגלה וואוינט דאָ. א פולע שטוב מיט קינדער. מען הונגערט אויך אין שבת. די דירה נומער פיער. דאָ זיצט מאָטעל דער בלינדער. די טאָכטער איז אין די „ליכטיגע פענסטער״, נאָר מען הונגערטביידע גלייך. אין דער פינפטער דירה וואוינט א סטאָליאַר. הונגערט אינאיינעם מיט׳ן ווייב און קינד. די זעקסטע דירה איז דעם מאָלערס. ער הונגערט אויך אלע זיבען טעג פון דער וואָך. אין דער זיבעטער — וואוינט א שוסטער מיט הונגעריגע קליינע קינדערלעך, וואָס האָבען זיך שוין אָבגעוויינט פון א ביסען ברויט. די אכטע — איז דעם טרעגערס. די טעכטער זענען שוין אין גאס און איינע איז שוין אין די ״ליכטיגע פענסטער״, נאָר טאטע־מאמע געהען אוים פון הונגער. אין דער דירה נומער ניין וואויהנען גנבים און אין דער צעהנטער — האָבען זיך באזעצט גאסען־אינגען און קאָרטען־שפּילער. די עלפטע...

— גענוג, גענוג — האָט נחמן געשטאמעלט.

...פינף מיידלעך, יתומות. אלע זענען זיי שוין אין גאס, נאָר זיי פערדינען ניט און הונגערען טאָג־ איין און טאָג־אוים. אין דער דירה נומער צוועלף וואוינט די שניידערין פרומע, א דעריגע. דער ד׳ות — אין אלע ווינקעלעך און די קינדער הונגערען.

ער האָט גערעדט דייטליך און טרוקען, ווי ס'וואָלטן איהם די ציין געקלאַפּט אין מויל. זיינע ווערטער האָבען זיך געאייניגט און ס'איז אויסגעוואקסען א בארג פון מענשליכע ליידען אין די הימלען אריין. הונגער און נויט... זיי האָבען דאָ ארומגעבלאָנדזעט, פער־שאָלטענע און פערהאסטע פונ'ם מענשען. נאָר זייער שליטה האָט זיך געשטארקט פון דור צו דור און גרויזאם האָבען זיי געטראָגען איבער די קרבנות אין מיליאָנען, זיגענדיג אויף רעכטס און לינקס. נחמן איז געווען צוגעדריקט פון צער. ער איז אויסגעוואקסען אין הונגער און דלות, דאָס שווערע לעבען פון נויט האָט ער גוט געקענט, נאָר אזא שוידערליך בילד פון אלגעמיינער צעבראָכענקייט און פּיין האָט ער זיך קיין מאָל ניט פאָרגעשטעלט.

א דערשראָקענער און א פארלאָרענער האָט ער ווידער געבעטען:

— גענוג, שלמה, גענוג. איך בעט אייך.

זיי זענען געשטאנען נעבען טויער, קלייבענדיג זיך אריבער־געהען צום צווייטען פליגעל.

— גוט — האָט שלמה געזאָגט, א פערטיפטער אין זיינע געדאנקען — נ'מיר ארויסגעהען פון דאנען, נאָר דאָרטען איז אויך ניט בעסער.

די גאס האָט זיך פארלוירען אין דער ווייטענעש. פון רעכטס האָט געלייכט די שטאָדט מיט איהרע פּערעל־העלע פייערען און לינקס האָט זיך געצויגען די פינסטערע פאָרשטאָדט, ווי אנ'איבערגעקערטע אין זומפּף און פינסטערניש. ביידע זענען זיי אוועק מיט'ן טראָטואר, פערטראכטע און צעבראָכענע. ביים ווינקעל פון גאס איז שלמה שטעהן געבליבען. ס'האָבען זיך דערהערט קלאנגען פון פּיאנאָ שפּי־לען און א האָפערדיג געזאנג פון אלערליי פערשידענע שטימען.

— אָט וואוהין ס'געהען אוועק אונזערע טעכטער! — האָט שלמה געזאָגט מיט האס און אויפרעגונג. הויבענדיג די הענד, האָט ער געוויזען — זעה.

נחמן האָט זיך אומגעקוקט. פון אלע זייטען האָט זיך ארויס־געשאָטען דערשראָקענע, נידריגע און אלטינקע הייזער, געטוליעט איינס צום אנדערען, ווי זיי וואָלטען זיך אָנגעבויגען מיט א געבעט פאר עמעצען. ווי פערטרוקענטע און ליידיגע זאנגען, וועלכע זענען אין הונגער־יאָהרען ניט באשווערט מיט קיין קערנער, האָבען זיי זיך געשאטענט איינגעשרומפּענע און דארינקע און האָבען הויך געשריען

וועגען נויט. ס׳האָט זיך געדאכט, אַז אַ גרויס אומגליק האָט זיך דורכגעטראָגען איבער דעם דאָזיגען ווינקעל, צעשטערענדיג די הויכע און גערוימע פּאַלאַצען פון די רייכע און גליקליכע איינוואוינער, וואָס זענען דאָ אַמאָל געוועזן.

—און איך זאָג — האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט שלמה׳ס אויפגערעגטער קול — קיין דלות טאָר ניט זיין!

— נ׳מיר געהען, נ׳מיר געהען — האָט נחמן גערופען פער־עקשנ׳ט — איך גלויב אייך.

— אין אייזען איז דער כח — האָט שלמה געזאָגט — נאָר אַמאָל איז עס אויך אין אַ שטרויעלע. שטאַרק איז דער, וואָס גלויבט אין שטרויעלע, דאָס הייסט, אַז ער גלויבט אין זיך אַליין, אין זיינע אייגענע כחות. בייט זיך מיט אייערע גלויבענס איינס מיט׳ן אַנ־דערען. זאַמעלט עס איין און דאָס וועט אייך פעראייניגען בעסער, ווי דאָס בלוט פון לייבליכע ברידער, איהר אַלע, וואָס רעדען פון צער, איהר אַלע, וואָס קלאָגען אויף חולאת און פארלוירענע כחות — אַלע דאַרפט איהר פון עמעצען אַ טרייסט און אַ היילונג. נ׳מיר אויס־זינגען דאָס ליעד פון ברידערליכקייט און איהר וועט געטרייסט ווערען, איהר אַלע, וואָס האָרוועט אין פּיין, איהר אַלע, וואָס הונגערען און ציטערען פון אייגענער שוואכקייט — נ׳מיר אַלע אויסזינגען דאָס ליעד פונ׳ם אופגעלעבטען מענשען און איהר וועט געטרייסט ווערען. איהר אַלע, וואָס גלויבען ניט אין דעם שיין פונ׳ם מאָרגענדיגען טאָג, איהר אַלע, וואָס לויפען אין די תפיסות אריין און די, וואָס ווערען געפאַנגען אין דער נעץ פון זינד — די שטאַרקע און די שוואכע — מיט אַ הויך קול וועלען מיר אויסזינגען דאָס ליעד פון אחדות און איהר וועט אַלע געטרייסט ווערען. און דאָס גרויסע וואָרט פונ׳ם דאָ־זיגען ליעד איז די נויט — קיין דלות טאָר אויף דער וועלט ניט זיין!

ער האָט גערעדט מיט אויסגעזונגענע ווערטער, ווי אַ בלינדער, וואָס איז בעגייסטערט מיט אַ אינערליך בילד פון זיין אייגענעם דמיון און נחמן האָט איהם געהערט, פיהלענדיג, אַז פליגלען וואַקסען פון איהם ארויס און זיי הויבען אין דער הויך אַ גרינגען און אַ דערפרעהטען...

שלמה האָט זיך אומגעקערט צוריק. ווידער האָט זיך געצויגען די אָרימע גאַס מיט די פערשוואַרצט־נידריגע הייזער, אַזוי עלענד און

אָבגעלאָזען, ווי פריהער. דורך די אָפענע טויערען האָט אין שרעק ארויסגעקוקט די נאַקעטע פוסטקייט פון די גרויסע און ליידיגע הויפען. עפּעס א געשטאַלט האָט זיך געשאָטענט פאַר'ן טויער, וואו שלמה האָט געוואוינט, נאָר, ווען זיי זענען צוגעגאַנגען נעהנטער, איז עס מיט אמאָל נעלם געוואָרען פון די אויגען. נחמנ'ען האָט דורכגענומען א ציטער, נאָר ניט ארויסווייזענדיג זיין אויפרעגונג, האָט ער געזאָגט שטיל:

— מיר קאָן פון קאָפּ ניט ארויס די געשיכטע מיט נעסי'ן. שוין זשע וועט זי טאַקע פערפאַלען ווערען?

— אזוי ווי די נאַכט — האָט שלמה געענטפערט, ארייננעהענדיג מיד צו זיך אין שטוב אריין — איצט נחמן, האָבען מיר געדאַרפט איבערעדען וועגען דיין אינטערעס, נאָר, דאַכט זיך, ס'איז שוין שפּעט. געה אהיים און זיי רוהיג. דעם מענשען וועל איך צושיקען צו דיר. וועסטו ניט מורא האָבען צו געהען אליין דאָ אין אונזערע גאַסען?

— פאַר וואָס זאָל איך מורא האָבען — האָט נחמן געשמייכעלט — איך האָב קיין הענד ניט...

— נו, א גוטע נאַכט. איך בין זעהר צופרידען, וואָס דו ביסט געקומען, זאָגען דיר דעם אמת, ביזסטו מיר פונ'ם ערשטען קוק גע־פעלען געוואָרען. עפּעס גוטס איז אין דיר פאַראַן און דערמאַנסטו מיר פון די אמאָליגע יאָהרען. איך בין אמאָל אין דער יוגענד אויך געווען ניט קיין שלעכט אינגעל. א גוטע נאַכט!

— א גוטע נאַכט — האָט נחמן געענטפערט ערנסט און לאַנג איז ער געשטאַנען נעבען דער טיר, וועלכע שלמה האָט פערמאַכט נאָך זיך פון אינווייניג.

— א וואוילער, א וואוילער אַלטער — האָט ער געשמאָכעלט אליין צו זיך — מען דאַרף געהען.

ווען ער איז צוגעגאַנגען צום טויער, האָט זיך איהם ווידער געדאַכט, אז עפּעס א מענשליכע געשטאַלט איז איהם דורכגעלאָפען פאַר די אויגען, ווי א שאָטען. ער איז שטעהען געבליבען און האָט זיך איינגעקוקט זעהר אויפמערקזאַם, בעטענדיג רחמים עמעצען אין דער שטיל ער זאָל קיין טעות ניט האָבען...

— דאָס זענט איהר, נחמן? — האָט זיך מיט אמאָל אָבגערופען א שטיל און באַקאַנט קול און דער דאָזיגער קול איז איהם איצט

אזוי נויטיק געווען, אז איהם האָט זיך געוואָלט שרייען פון פרייד און גליק.

איצט איז זי געשטאנען נעבען טויער א פערשטארטע און האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און ס׳איז אראָב פון איהם דאָס גאנצע שווערקייט, וואָס איז איהם, ווי א שטיין, געלעגען אויפ׳ן הארצען.

— איך האָב געוואוסט, אז איהר וועט ווארטען אויף מיר — האָט זיך איהם געוואָלט זאָגען, נאָר אָנשטאָט די דאָזיגע ווערטער האָט ער זי געפרעגט מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט:

— דאָס בין איך, נעסי. איהר דארפט עפּעס צו מיר?

— איהר זעהט די שטאָדט, נחמן?

— איך זעה — האָט ער געענטפערט אנטוישט.

— די שטאָדט שיינט, ווי די זון. זעהט נאָר די פייערען. ס׳דאכט זיך מיר, אז מען טאנצט דאָרטען אין די גאסען.

— אין שטאָדט שלאָפט מען נאָך ניט — האָט ער אריינגעזאָגט גלייכגילטיג.

— ניין. דאָרטען טאנצט מען — האָט נעסי מיט דאָרשטיגע בליקען געקערט זיך צו דער שטאָדט — מיר ווילט זיך וויינען פון כעס. פאר וואָס בין איך געבוירען געוואָרען דאָ און ניט דאָרטען.

— וואו דאָרטען? — האָט זיך נחמן געוואונדערט, קוקענדיג איהר פאָרשענד אין די אויגען אריין.

— אין שטאָדט, אין שטאָדט.

זיי זענען ביידע שטיל געבליבען און האָבען, שווייגענדיג, גע־קוקט אין דער ווייטער ליכטיגקייט, וועלכע האָט זיך געמינעט אונטער די לייכטערע הימלען.

— אלע נאכט שטעה איך דאָ אזוי — האָט זיך נעסי אָבגערופען פּלוצלונג — איך שטעה און היט די פייערען. איך וויל זיי דערלאַנגען און מיט יעדען טאָג, פיהל איך, אז מיינע הענד ווערען מיר לענגער. איך וועל זיי שוין באלד דערלאנגען.

— וועגען וואָס רעדט איהר דאָס? — האָט זיך נחמן אָנגעהויבען צו ערגערען.

— א גוטע נאכט — האָט נעסי געענטפערט קאלט.

ער האָט מיט רחמנות אויף איהר א קוק געטהון און זי האָט איהם איצט געשראָקען מיט איהרע גרויסע פערגליווערטע אויגען, ווי

אויסגעווישטע פון געוויין און טרערען און איין אויגען־בליק האָט זיך איהם געדאכט, אז זי אליין איז דער שווערער גורל פון דער פינ־סטערער פאַרשטאָדט.

— אַ גוטע נאַכט, נעסי — האָט ער טרויעריג געענטפערט.

ער איז אוועק פון איהר, ניט אומקוקענדיג זיך און ס'האָבען זיך איהם איינגאנצען באהערשט זיינע שווערע און בייזע געדאנקען. די פאַרשטאָדט האָט ער געזעהען עפּעס אזוי נאָהנט נעבען זיך און ער האָט באַגריפען איהרע נשמה־ליידען. איין וועה־געשריי האָט זיך געטראָגען איבער יעדען הויז פון די אלע פינסטערע גאסען און געסלעך. אין דער לופט האָט עס געברענט מיט צער און וועהטאָג, בעטענדיג הילף און מיטלייד ביי יעדען איינציגען פערבייגעהער, די פערשווארצט־אָבגעלאָזענע געביידעס האָבען מעהר ניט געשטאָכען די אויגען מיט זייער שטומער נאקעטקייט פון די גרויסע הויפען ארויס, נאָר אלע אינאיינעם האָבען זיי זיך צונויפגעגאָסען אין איין פינסטער־זומפּיגען פלעק און האָבען געבעטען איינס: רחמים, רחמים... און נחמן, א דערדריקטער פון אויפרעגונג און צאָרן, האָט גע־קוקט פאראויס אויף די העל־טאנצענדע פייערען פון דער ליכטיג־פרעהליכער שטאָדט.

— אין דער שטאָדט — האָט ער זיך דערמאָנט נתנ'ס אמאָליגע טענות — איז פארהאן אזוי פיעל עשירות, אז איך שעם זיך פאר מענשען, וואָס זיי האָבען נאָך ביז איצט ניט צוגעטראַכט געגען נויט און ליידען.

ס'האָבען זיך געוויזען די שטאָדטיגע מויערען. פאר די אויגען זענען זיי ארויסגעוואקסען פון דער ערד אין צוויי און דריי שטאָק די הויך מיט צוגעמאכטע און פעריגעלטע טויערען. איינקעגען זענען געפאָהרען פוהרלעך, קלאפּנדיג מיט די רעדער אין דעם שטיינערנעם ברוק פון דער גאס. ס'האָט זיך דערפיהלט די נאָהנטקייט פון שטאָדט און קולטור... די פייערען זענען נעלם געוואָרען, בעהאלטענדיג זיך הינטער די הויך־געטאקטע מאסיווען פון די שטאָדטיגע געביידעס. נחמן איז געגאנגען אין דער אנגערוקטער פינסטערניש פון די ארומיגע ווענד און דעכער. גלייך איינקעגען איהם האָט זיך געהויבט אין הימעל ארייין דער פיער־עקיגער טורם פונ'ם שטאָדט־זייגער און פון די ארומיגע גאסען האָט זיך שוין געהערט א גערויש פון דער אנקומענדער

מארק־בעוועגונג. פון הינטען האָבען געאײלט די גרינוואַרג־הענדלער טרײבענדיג פערד־און־וואָגען פאָראױס.

די נאַכט איז בלאָס געוואָרען.

— ווי אזוי דארף מען לעבען? — האָט זיך נחמן געפרעגט, ניט האָבענדיג קײן כח אָבצורײסען זיך פון זײנע געדאַנקען — ווי אזוי, ווי אזוי?

דער שטאָרט־זײגער האָט אויסגעקלונגען דרײ מאָל און נחמן האָט פערגרעסערט זײנע טריט. די מערק האָבען אויפגעוואַכט צום טאָג.

# IV

ס'זענען אוועק צוויי וואָכען פון דעם אָוועגד, וואָס נחמן איז געווען ביי שלמה'ן און ער איז שוין געשטאַנען אין מארק מיט צוויי קוישען סחורה. אינאיינעם מיט זיין שותף דניאל האָבען זיי גערופען צו זיך קונים און פאר איהם האָט זיך אָנגעהויבען א נייע לעבען מיט נייע אינטערעסען. באגינען פלעגט קומען דער הויכער און קראנקער דניאל, וועלכער האָט אויסגעזעהען, ווי א שטארק־פויגעל, און כאפענדיג דעם גרויסען קויש מיט דער סחורה האָבען זיי זיך ביידע געלאָזט אין וועג אריין. די פינסטערע גאסען פון דער פאַרשטאָדט פלעגען אָבלעבען פאר זיינע דערפרעהטע בליקען און ער האָט מעהר ניט געזעהען זייער אבגעלאָזענקייט און אומעט. ער האָט מעהר ניט געפיהלט אויף זיך דאָס שקאלפעריי פון א פרעמדען ווילען, א בעל־הבית, האָט געטראָגען זיין סחורה צו פערקויפען. דער נאָך וועט ער קויפען אנדערע סחורות, וועלכע וועלען ווידער פערקויפט ווערען. א בעל־הבית איז ער איצט געווען איבער זיין געלד און איבער זיין צייט און דאָס האָט איהם געגעבען פעסטקייט און גלויבען אין זיך אליין. דער גאנצער פריה־מאָרגען האָט איהם אויסגעזעהען, ווי עפעס א לויפעניש צום גליק, וועלכער שטעהט און ווארט אויף יעדען איינציגען מענשען. ער איז געגאנגען א פער'שכור'טער און האָט ניט געזעהען די ליידען פונ'ם דאָזיגען טומעל, ניט פיהלענדיג דעם ציטער פון פרעמדע הערצער.

אין הערליכע צויבער־קאָלירען האָט זיך אָנגעהויבען דער זומער־פריהמאָרגען, מינענדיג זיך אין זונען־ליכט אויפ'ן געלען שפיץ פונ'ם שטאָדט־זייגער אונטער די לייטערע הימלען און אויף זיינע טונקעלע ווענד ביי דער ערד. ס'האָט זיך געשניטען אין דער לופט איין־און־איינציגע שטים פון א הענדלער מיט צעלניק, וועלכער איז נעבען

זיין קויש געשטאנען. מענשען זענען גלאָפּען אין אלע זייטען. זיי זענען ערגעץ געגאנגען, זיך באלד אומגעקערט צוריק און ווידער געאיילט ערגעץ. נחמנ׳ען איז עס זעהר געפעלען געווען און ס׳האָט איהם אלסדינג אויסגעזעהען, ווי אין חלום. דאָ און דאָרט האָבען געהילכט די קולות און די אויסרופען פון די הענדלערענס. די קרעמער האָבען געעפענט די שווערע טיר און לאדענס. אויף די טראטוארען האָבען די קליין־הענדלער פאנאנדערגעלייגט זייערע סחורות. ס׳האָבען זיך געשלעפּט אלערליי וועגען מיט גרינסען, פיש און מילך־בלעכען. און נחמן, א בערוישטער פון דער ארומיגער מענשען־באוועגונג, האָט ביידע מיט דניאל׳ן זיך גענומען צו דער אַרבייט. ער האָט פערנאַנ־דערגעלייגט זיין סחורה, וועלכע ער האָט בעטראכט און געפרעהט זיך דערמיט, ווי א קינד מיט א שפּילעכעל. צאַרט האָט געקוקט צו איהם דאָס סיטצענע געוועב מיט זיינע בונטע פארבען און ביליגקייט און ס׳האָט זיך איהם געדאכט, אז קיין בעסערע סחורה איז אינ׳ם גאנצען מארק נישטאָ. ס׳האָבען צונ׳איהם געשמייכעלט אלערליי בייטעלעך, ליאלקעס, האלז־טיכער און זאָקען. און ער איז ניט מיד געוואָרען זיי איבערצולייגען מען זאָל וואָס מעהר ארויסזעהען זייער שענקייט. ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבען בעוויזען קונים, האָט ער מיט זיינע געזונד־הילכיגע אויסרופען רעקלאמירט זיינע סחורות און ער, דער געוויקסיגער יונגער מאן מיט זיין דערפרעהט פנים, האָט צו־געצויגען דעם עולם.

אין דעם דאָזיגען יוני־פריהמאָרגען זענען נחמן מיט דניאל׳ן געקומען שפּעטער, ווי אלע מאָל. זיי האָבען פערנאנדערגעלייגט די סחורה און, קוקענדיג אויף נחמנ׳ס פערצאָרענט פנים, האָט דניאל געזאָגט ניט קיין צופרידענער.

— גוט הויבט איהר אָן דעם טאָג, מיין ליעבער שותף. אויב איהר ווילט די קונים מיט אייער פרעהליך פנים און איהר זענט נאָך ניט זיכער אין דעם — זאָג איך אייך, אז מיט קיין שטעקענס וועט איהר זיי בעסער ניט אוועקטרייבען. און נעהמט זיך ניט צום האַרצען פון דער דאָזיגער געשיכטע. הערט זיך בעסער צו ווי דער חברה־מאן רעקלאמירט זיינע קעמעלעך. איך מוז איהם איבער־שרייען.

ער האָט גלייך געעפענט דאָס מויל און האָט אזוי ווילד אָנ־

געהויבען צו שרייען, ווי עמעצער וואָלט איהם אריינגעזועצט אַ מעסער אין זייט.

— ציטץ אויף קליידער, דער שענסטער ציטץ פון דער בעסטער פאַבריק אין מאָסקווע!

און, אָבהאַלטענדיג זיך אַ ווײַלע, האָט ער אָנגעהויבען שיטען, ווי פון אַ זאַק:

— זיבען קאָפּיקעס, זיבען, זיבען, זיבען! קויפט, מיידלעך, מאַמ־זעלען, שענע ווײַבלעך, קויפט. ווער הערט? זיבען, זיבען, זיבען.

— נו, וואָס זאָגט איהר עפּעס? — האָט ער זיך גוטמוהטיג געווענדעט צו נחמנ׳ען — ווער וועט עס גלויבען, אז איך האָב פאַר׳ן אוועקגעהען פון דער היים ניט אויפגעגעסען קיין קעלבערנעם געבראָ־טענעס. לאַכט זיך אויס אַ ביסעל, וועט אייך ווערען פרעהליכער. וואָס קויפט איהר עפּעס, ליבינקע מיינע? ציטץ אויף אַ קלייד?

ער איז געפאַלען אויף די קניען און האָט אָנגעהויבען ארבייטען מיט די הענד, צו־וויקלענדיג געשיקט די שטיקער סחורה, ווי ער וואָלט דאָ געהאַנדעלט מיט גאָלד־געשטיקטע זיידען־שטאָפען.

— דער בעסטער ציטץ. פון דער בעסטער רוסישער פאַבריק — האָט ער ווידער געשאָטען נאָכאַנאַנד — ווען איך האָב אזא שענע כלה, ווי איהר, וואָלט איך איהר געקויפט ציטץ אויף קליידער נאָר ביי זיך. זעהט נאָר, ניט קיין ציטץ — נאָר אמת׳ע זייד. זאָל איך זיך דערווערגען מיט׳ן ערשטען דימענט, וואָס איך וועל אמאָל האָבען, איך בין אזוי ווי אנ׳ארמענער. אז איך זעה אזעלכע סחורה, שטעלען זיך מיר טרערען אין די אויגען. ניט געפעלען? דער ציטץ געפעלט ניט? איך בין גרייט צו געבען אייך אַ קוש, אויב איהר וועט ערגעץ געפינען בעסערעס.

דאָס מיידעל האָט זיך צעלאַכט און ער האָט געשאָטען מיט ווערטלעך און חכמות...

נחמן איז, ווי אַ פרעמדער, געשטאַנען ביי דער זייט און האָט געקוקט מיט אומעטיגע בליקען אויף דער רוישנדער גאַס.

— וואָס איז מיט אייך, נחמן? — האָט דניאל געזאָגט, אָב־לאָזענדיג דעם קונה — היינט איז דאָך פרייטאָג. זאָל גאָט העלפען מען זאָל קאָנען אזוי האקען ליגענדס דעם גאנצען לעבען. נו, זי האָט זיך גע׳סמ׳ט.. נאָר איהר זענט אַ משוגענער, ווי איך בין אַ דייטש. גע׳סמ׳ט זיך. נעבעך אַ קרומינקע געוועזען... איין מאָל,

צוויי מאָל און דריי מאָל, און זאָל איהר זיין צו געזונד. איהר ווייסט, מיין ליעבער שותף, ווי אזוי מען דארף לעבען? געשטאָרבען — באגראָבען...

— נאָר זי טוהט מיר זעהר באנג — האָט נחמן געזאָגט פער־ביטערט.

— און וועמען טוהט ניט באנג? — האָט דניאל געענטפערט אין דעם זעלבען טאָן — נאָר די קרומע איז משוגע געוואָרען. האָט זיך אריינגענומען אין זינען חתונה צו האָבען מיט'ן זיטעל־מאכער. די אלטע סימע איז גערעכט, נאָר די טאָכטער האָט געמעגט האָבען גאָט אין הארצען. און דעם אמת זאָגענדיג, איז דאָך איין פינגער פונ'ם דאָזיגען חברה־מאן מעהר ווערט ווי דאָס גאנצע מיידעל מיט איהר קרומען פוס אינאיינעם. איהר זעגט א הונד מיט אויערען, אויב אייך הויבט עס אָן צו ארען.

נחמן האָט זיך אָבגעקערט פון איהם. אונטערפייפענדיג האָט ער אָנגעקוקט די ארומיגע שטעלען מיט דער סחורה. מענער און פרויען האָבען זיך געשטויסען איינס אויפ'ן אנעדערען און ס'האָט זיך געדאכט, אז זיי כאפּען מענשען און שטיקען זיי יענע זאָלען זיך אויס־קויפען פאר געלד. ארום האָט געהערשט א פרעהליכע מענשען־באווע־גונג מיט א ריטמיש געשריי אין דער לופט, און ניט געוועזען דער כח, וואָס זאָל אבשטעלען איצט די לוסטיגע פרייד פון האנדעל. אין די מארק־רייהען האָבען אלע געוואוסט, אז עס האָט זיך גע־סמ'ט דאָס קרומע מיידעל, וועלכע איז געווען שוואנגער און דער געליעבטער האָט זי פארלאָזען. אלע האָבען זי געקענט און אלע האָבען געוואוסט איהר ביטער לעבען, נאָר קיינער האָט איהר קיין מאָל ניט געשענקט קיין ביסעל מיטלייד און קיין הארציג וואָרט.

ס'זענען צוגעקומען קונים, אייניגע האָבען בעטראכט די סחורות, ווי זיי וואָלטען זיך אליין געפרעגט וואָס צו קויפען. אנדערע האָבען בעטראכט יעדער זאך אין די הענד, געלייגט זיי צוריק, געפּרובט אוועקגעהען און געקומען ווידער. עפּעס א פרוי האָט אויסגעקליבען א פּאָר זאָקען, ניט גערונגען זיך און גלייך האָט זי באצאָהלט. נחמן איז א ביסעל לעבעדיגער געוואָרען. איצט האָט ער אויסגעשריען פּרייזען, גערופען און געכאַפּט יעדען פארבייגעהענדען קונה. א שטויב האָט זיך געטראָגען אין דער לופט, ס'האָט זיך אָבגעזעצט אין האלז און געשטערט צום רעדען. ווען עמעצער האָט איבערגעוואָרפען אלס־

דינג, וואָס ס׳איז געלעגען אין קויש און איז אוועק ניט געקויפט, איז נחמן זעהר בייז געוואָרען און ס׳האָט איהם געוואָלט נאָכיאָגען, יענעם מענשען, אויסצוזידלען און געבען איהם א קלאפּ... דער המון איז געגאנגען בלינד אין אלע זייטען. צעהנדליגער הענד האָבען זיך אראָבגעלאָזט אין די קוישען מיט די סחורות און די שווערסטע ארבייט איז געוועז איינצוהיטען ס׳זאָל גאָר ניט פארפאלען ווערען. נחמן האָט געשריען, געקריגט זיך, געריסען די סחורה ביי די קונים פון די הענד און דאָס אויפרעגונג ארום איז געווען אזוי גרויס, אז קיינער האָט גאָר ניט פערשטאנען. פון ערגעץ האָט זיך שוין געטראָגען א יאָמער־קול פון א הענדלערין, וואָס מען האָט ביי איהר איבערגעקערט אַ קויש מיט סחורה.

— נו, א טאָג היינט — האָט זיך דניאל געגעסען די גאל — די זון זאָל זיי פערברענען. א פירטעל פון דער סחורה האָט מען, דאכט זיך, ביי מיר צוגע׳גנב׳עט.

ער האָט געשריען מיט אנ׳אָנגעשטרענגט־שטאָלענעם קול און די אויגען זענען איהם מיט בלוט געווען אָנגעגאָסען. ער האָט זיך געהאמפּערט און געזידעלט זיך מיט פּיקאנטע גליק־ווערטעלעך און און צונעמענעשען און דעם עולם איז עס געפעלען געווען. זיי האָבען מעהר געוויילט, איידער אריינגעברענגט אין כעס...

די גאנצע רייהע מיט די שטעלען האָט זיך געוויגט פון רעש און געשרייען. די הענדלער זענען געווען אויפגערעגט פונ׳ם ארומיגען טומעל און זייערע אייגענע קולות. האָבען זיי זיך געוואָרפען אין אלע זייטען, אויפגעטרייסעלטע און צעשרויפטע אין זייערע חושים און זיי האָבען גערופען, געבעטען, און געשאָלטען דערביי. און דער המון פון קונים האָט געברויזט פון זיך אליין. א פער׳שכור׳טער פון פארב, קאָלירען און ביליגקייט האָט ער געקויפט אלסדינג, וואָס עס איז איהם צו די הענד געקומען.

ארום צעהן א זייגער האָט דער טומעל אָנגעהויבען קלענער צו ווערען. דער מענשען־שטראָם האָט זיך געקערט צוריק.

נחמן איז געשטאנען אויף די קניען און האָט צונויפגעלייגט די סחורה. דערביי האָט ער בייז אריינגערעדט אין זיך אליין.

— זעהט נאָר וואָס זיי האָבען דאָ אָנגעמאכט. און איך האָב קיין גאנצע צוויי רובעל ניט געלייזט.

— אגוט שטיקעל ברויט — האָט איהם דניאל צוגעוואָרפען א ברוגז'ער — וועסט דאָ דעריאָגען ראָטשילדען.

די הענדלער ביי די שטעלען האָבען שוין איצט צייט געהאט צו געהען איינס צום אנדערען א ביסעל פּלאפּלען און דערוויסען זיך אזוי ארום וויפיעל מער ס'האָט געלייזט און, קוקענדיג אויף זיי האָט מען געקאָנט מיינען, אז דאָס שמועסען צווישען זיך די בעסטע גוטע פריינד.

אין אַ שעה אָנדערהאלבען וועלען מיר זיך ארייננכאפּען אין טראקטיר — האָט געזאָגט א יאָדעריגער איד, ווישענדיג זיך דעם שוויים פון פנים, וועלכער איז איהם אינגאנצען באדעקט געווען מיט באָראָדיוועקעס — די אנדערהאלבען שעה נעהמען ביי מיר צו יעדען טאָג א יאָהר פון מיין לעבען. וואָס וואָלט איהר געזאָגט, ר' מלך, — האָט ער זיך געווענדעט צו אנ'אלטינקען מארק־מענשעל — וואָס וואָלט איהר איצט געזאָגט וועגען א הייסער גלאָז טהיי, נאָר א הייסע! אָט אָן געהט די אלטע דבורה, וואָס וויינט זי?

עטליכע הענדלער האָבען ארומגערינגעלט די אלטע און יענע האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען. זי האָט דערצעהלט, ווי אזוי דער מארק־אויפזעהער האָט איהר איבערגעקערט דעם קויש מיט די ציטרינען און האָט זי פערטריבען פונ'ם פּלאץ.

— קינדער — האָט זיך אָבגערופען דער יאָדעריגער — נ'מיר דאָ צונויפמאכען צעהן קאָפּיקעס און באצאָהלען פאר'ן פּלאץ, וואו זי זיצט. נ'מיר געבען יעדער צו גראָשען. איך גיב א קאָפּיקע.

נחמן האָט גלייך ארויסגענומען דריי קאָפּיקעס און האָט זיי אָבגעבען דער אלטער. אין דער רגע האָט איהם עמעצער אָנגע־ריהרט ביים אקסעל. ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהען פאר זיך מייטע'ן. געווען איז דאָס פּופּצעהן־יאָהריג טעכטערעל פון זיין בעל־הבית'טע, ביי וועלכער ער האָט איצט געוואוינט.

— דאָס זענט איהר, מייטע? — האָט ער געפרעגט אויפגערעגט — וואָס הערט זיך מיט איטע'ן?

— מען האָט זי אבגעראטעוועט — האָט געענטפערט דאָס מיידעלע — ערשט איז סימע געקומען פון שפּיטאָל און איך בין געלאָפען אייך דערצעהלען.

און, פיהלענדיג די וויכטיגקייט פון איהרע ווערטער, האָט זי נאָך צוגעגעבען ערנסט:

— איטע'ן האָט מען אבגעפיהרט אין שפּיטאָל פאר קינד־בעטערינס. זי דארף געלעגען ווערען.

— נו, דאנקען גאָט — האָט נחמן ארויסגערעדט מיט א פער־גרינגערט געמיט — וואָס געבען אייך פאר אזא גוטער בשורה?

ער האָט זי צוגעפיהרט צו זיין קויש, נישט אוועקנעהמענדיג די אויגען פון'ם מיידעלע מיט איהר געטאקט שען געשטאלט. זי איז געגאנגען לאנגזאם און דאָ צווישען דעם אָבגעלאָזענעם און פער־טעמפּטען מארק־עולם האָט זי דערמאָנט אָן אנ'אנדער וועלט, א שענער און א ליכטיגער, וואו דאָס מענשליכע לעבען איז ניט אזוי צוועקלאָז. זי איז געגאנגען לאנגזאם און גראציעז, ווי פּאָראוים וואָלט פאר איהר געווען א תהום, אָדער עפּעס שיינענדיגעס אזעלכעס, וואָס האָט עס זיך קיין מאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלען און די גרויזאמע גאס האָט זיך געשפּיגעלט אין איהר און באגלייט זי מיט די בליקען, ווי זיי וואָלטען בעוואונדערט עפּעס א פער'כשופ'טע שיין און דערביי האָבען זיי זיך גע'סוד'עט אין קנאה צו איהר זאָרגלאָזער יוגענד־שענקייט, אויף וועלכער דאָס שווערע לעבען האָט נאָך קיין שליטה ניט געהאט.

נחמן האָט שוין מעהר ווי א חודש געוואוינט ביי איהר מאמען אין דער דירה און פון'ם ערשטען טאָג איז דאָס מיידעלע סודות־פאָל געוואָרען איהם אונטערטהעניג. וואָס ווייטער האָט זי זיך מעהר צוגעבונדען צו איהם און איצט איז זי געגאנגען צו איהם מיט א פריידען־ציטער אין הארץ, דערפיהלענדיג דאָס ערשטע מאָל, אז זי קאָן איהם געפעלען. זי האָט צו איהם ניט געקוקט, מורא־האָבענדיג פאר זיינעם א בליק, ווי פאר א סכנה, וואָס קאָן אויסברענגען די אויגען. און זי האָט נאָר געטראכט, ווי אזוי ניט אויסצוזעהען קאָמיש ער, נחמן, זאָל ניט מיינען אז זי איז א נארעלע.

— איהר זעהט, מייטע, אָט דאָס איז מיין קויש. וואָס זאָל איך אייך שענקען?

— שענקט גאָרניט — האָט זי געענטפערט, רויט ווערענדיג

— איך בין דאָך געקומען דערפאר, ווייל איהר זענט געווען אומ־רוהיג.

— אָבער איהר האָט דאָך מיר געבראכט א גוטע בשורה. מייטע, איך וועל אייך שענקען א פּאָר קעמעלעך אין די האָר. איך קלייב אויס די בעסטע. זעהט וואָס פאר א שענע, זיי וועלען אייך פּאסען.

זי האָט זיך צולאַכט א דערפרעהטע, וואָס ער ווייס, אַז זיי וועלען איהר פּאַסען און זי האָט געזאָגט ערנסט:

— איך וועל ניט נעהמען, נחמן, ס׳קאָסט דאָך געלד.

— אָט דאָס איז טאַקע גוט — האָט ער איהר געענטפּערט אין דעם זעלבען ערנסטען טאָן — איך שענק אייך דאָס, וואָס עס האָט א ווערט.

זי איז ווידער שטאַרק דערפרעהט געוואָרען, נאָר קלייבענדיג די קעמעלעך, האָבען זיך איהרע הענד יעדעס מאָל אָנגעריהרט אין זיין האנד און זיי האָבען איהר געציטערט.

— אָט די פּאָר וועט זיין זעהר גוט פאר אייך — האָט נחמן געזאָגט, א פערוואונדערטער, וואָס זי איז אזוי אויפגערעגט. — נעהמט, מייטע. איהר וועט זיין צופרידען.

מייטע האָט בעהאַלטען די קעמעלעך. זי האָט נאָך אַלץ מורא געהאט אויפצוהויבען די אויגען און, בעדאנקענדיג איהם אין איילע־ניש, ווי זי וואָלט איהרע ווערטער געוואָרפען צו דער ערד, האָט זי זיך געזעגענט אוועקצוגעהען.

— וואַרט אויס — האָט נחמן געזאָגט א צעטראָגענער — איך וועל אייך א ביסעל בעגלייטען. אָט וועל איך נאָר זאָגען דניאל׳ן א פּאָר ווערטער.

זי האָט אַ דרעה געטהון מיט׳ן קאָפּ און גלייך האָבען זיך איהרע שמאָלע אקסלען אָנגעהויבען באוועגען צווישען דעם ארומיגען מאַרק־עולם.

— וואַרט אויס! — האָט ער נאָך אמאָל אויסגעשריען.

— פאר וואָס האָבען איהר אזוי געציטערט די הענד? — האָט ער געטראַכט, שטעהענדיג נעבען דניאל׳ן.

און, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען אריין, האָט ער אינערליך געלאַכט און געענטפערט ניט צו דער זאַך, ווי ער וואָלט פון איהם חוזק געמאַכט. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט לויפען צווישען דעם המון, וואָס האָט זיך באוועגט אין גאַס.

— אָט איז זי! — האָט ער זיך דערפרעהט, דערזעהענדיג דאָס מיידעלע אַריינקוקען אין די פענסטער פון די קלייטען — איך וועל זי איבערשרעקען.

נאָך אַלס א צופרידענער מיט א זיסקייט און בענקעניש אין הארץ האָט ער זיך אונטערגעגנב׳עט שטיל און קינדיש־מילד האָט

ער איהר א געשריי געטאָן גלייך אין אויער אריין. מייטע האָט זיך אומגעקוקט א דערשראָקענע, נאָר דערזעהענדיג נחמנ׳ען, האָט זי אויפגעשיינט אין א שמייכעל און געזאָגט האָט זי ציטערענד־שטיל:

— איך האָב זיך אזוי דערשראָקען, נחמן.

זיי זענען אוועק ביידע גלייך, ניט טראכטענדיג פון זייער אויפרעגונג און מייטע האָט איהם זאָרגלאָז פערנאנדערגעפרעגט וועגען אלס, וואָס עס איז איהר געקומען צו די אויגען. רעכטס האָט זיך אָנגעהויבען די לאנגע און ברייטע גאס פון דער שטאָט. א בעלייכטענע מיט זונען־שיין האָט זי זיך מיט די געטאקטע הייזער און אויסגעציערטער מענשען־באוועגונג, אזוי ווי געוויגט, אין פליסיגען מארמאָר. קעגען דער נויט און שמוץ פון די מארק־רייהען האָט די שטאָדט ־גאס אויסגעזעהען אזוי הערליך, אז מייטע האָט, פערמאכענדיג די אויגען, אויסגעשריען אין ענטציקונג:

— א, ווי אזוי דאָ איז גוט, נחמן! ווער וואוינט דאָ? נאָר גבירים? רייכע און גרויסע לייט?

— איהר זענט דען קיין מאָל ניט געווען אין שטאָדט, מייטע?

— איך געה אמאָל אהין, נאָר ניט אפט. אז מיר וועט זיין זעכצעהן יאָהר, וועט מיך די מאמע אבגעבען ארבייטען אין פאבריק. דעמאָלס וועל איך געהען אין שטאָדט אריין אלע טאָג.

— איך קאָן אייך ווייזען די שטאָדט. אָט וועל איך רייך ווערען...

— איהר וועט רייך ווערען? — האָט איהם איבערגעשלאָגען מייטע, א פערוואונדערטע און זי האָט געדרעהט מיט׳ן קעפעל, — ניין. איהר וועט ניט רייך ווערען. אנדערש מאָל טראכט איך, אז דאָרטען, אין שטאָדט, האָבען מנעשען אויסגעקלערט דאָס רייכקייט מיר זאָלען דאָ מקנא זיין און אונז זאָל וועה טאָן וואָס מיר האָבען גאָר ניט...

— צו פיעל טראכט איהר, מייטע — האָט נחמן געזאָגט, אנ׳איבע׳רעש׳טער.

— אלע טראכטען מיר, אלע, זאָג איך אייך. נאָר מען פרעגט אונז ניט און מיר שווייגען.

זיי האָבען זיך געלאָזט געהען אין דער זייט אריין און גלייך זענען זיי געווען צוריק ביי דער פאָרשטאָדט.

— איך וועל אייך דערצעהלען א נייעס — האָט געהיימניס־פול געזאָגט מייטע, נאָך דעם, ווי זיי האָבען א קליינע ווײַלע געשוויגען — אברהם האָט, דאכט זיך, חתונה געהאט מיט רייזלע'ן.

— ווער האָט עס אייך געזאָגט? — איז נחמן מבולבל געוואָרען. ס'איז פאר איהם געווען אזוי אונערווארטעט, אז ער האָט אינ־גאנצען געציטערט פאר פרייד — פאר נעסי'ן וועט עס זיין א נייעס.

— נעסי האָט דאָך עס אליין דערצעהלט. א ווילד מיידעל. זי האָט געוויינט און געלאכט.

— איך געה אוועק — האָט נחמן אָבגעהאקט אין אויפרעגונג — איז עס אנ'אמת? איהר האָט געזאָגט, נעסי אליין?...

און דער מארק האָט שויז דערוויייל ווידער גע'רעש'ט פון מענשען און אז נחמן איז געקומען האָט געטומעלט אין די רייהען א המון פון קונים. פרייטאָג האָט זיך דער מארק־האנדעל געענדיגט צוויי א זייגער בייטאָג. דעריבער האָבען זיך איצט געאיילט און גע'רעש'ט. די בעטלער זענען, ווי חולי־נופלים ארומגעשפרונגען צווישען דעם עולם. אלעמען האָבען זיי געשטערט און אלע האָבען זיי געטריבען פון זיך, ווי מען טרייבט אַ הונד, וואָס פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס. די הענדלערענס האָבען געשריען מיט זייערע לאנג־אויסגע־צויגענע קולות, ניט פערגינענדיג זיך צו כאפּען דעם אָטעם. אין איילעניש האָבען זיי פונאנדערגעלייגט די סחורה אין די קוישען מורא־האָבענדיג צו פערשפּעטיגען זיך אויף א רגע. נחמן איז שוין געשטאנען נעבען דניאל'ן און זיי זענען געווען אומגערינגעלט מיט קונים. נחמן האָט געלייזט געלד, ווייל ער האָט געהאט זעהר גוטע סחורה און דערצו איז ער געווען זעהר גוט געשטימט און ער האָט יעדען געלאָזט איבערוואַרפען אלסדינג אין קויש, וויפיעל ער האָט אליין געוואָלט, גלויבענדיג פעסט אז יענער וועט פון איהם ניט אוועקגעהען. בעפעהלעריש האָט ער געזאָגט זיינע פּרייזען און מענשען האָבען איהם געהערט, בעזיגט דורך זיין דער־פרעהט שיינענדיג פנים.

— פאר וואָס זשע האָט נעסי געלאכט! — האָט ער זיך, יעדעס מאָל דערמאָנט און גלייך האָט ער זיך אליין געענטפערט — דאָס איז גוט — דערביי האָט ער ווידער געלייזט געלד מיט א זאָרגלאָזען

שמייכעל, מיינענדיג אז דאָס האַרץ פרעהט זיך איהם מיט'ן פרייטאָג־דיגען פדיון...

שלמה איז אוועק און נחמן האָט ניט געדענקט ווי אזוי ער האָט זיך געזעגענט מיט איהם. די מאַרק־רייהען זענען שיטערער געוואָרען און ער איז אַלץ געשטאַנען נעבען זיין קויש, ניט קאָנענדיג איבערייסען דאָס פאַרגעניגען פון אוועקגעבען סחורה און נעהמען געלד.

— איהר קאָנט זיך שוין פאַרנעהמען — האָט זיך אָבגערופען דניאל, צונויפלייגענדיג די ציטצען — דער עולם צעגעהט זיך שוין.

— א גוטער טאָג — האָט נחמן ניט געקאָנט פערשווייגען זיין גליקליכע שטימונג — דאָס מיידעלע האָט אונז געבראַכט א ביסעל מזל.

זיי האָבען פערשלאָסען די קוישען, ארויפגעוואָרפען זיי אויף זיך און זיי האָבען זיך געלאָזט געהען מיט א חברה מאַרק־לייט צו דער פאָרשטאָדט. ווען נחמן איז אריינגעקומען אין הויף, וואו ער האָט געוואוינט, האָט איהם סימע די ערשטע באַגעגענט און גלייך האָט זי איהם אריינגעשלעפט צו זיך אין שטוב אריין.

— געהט אריין, געהט אריין — האָט זי געזאָגט, ניט וועלענדיג באַמערקען זיין אומצופרידענהייט — איטע'ן האָט מען אָבגעראַטעוועט און איצט איז זי אין שפּיטאָל פאַר קינד־בעטערינס.

אינ'ם קליינעם און פוסטען שטיבעל מיט די פייכטע ווענד־זענען אויף א באַנק געזעסען צוויי מיידלעך און א אינגעל פון א יאָהר פיערצעהן. דערזעהענדיג נחמנ'ען, זענען די מיידלעך לעבעדיגער געוואָרען און האָבען זיך אָנגעהויבען צו פוצען און דאָס אינגעל האָט אויסגעגלאָצט אויף איהם זיינע גרויסע נאַרעשע אייגען.

— איהר זענט נאָך ביי איהר ניט געווען? — האָט נחמן געפרעגט, מאַכענדיג זיך, אז ער זעהט ניט, וויביידע מיידלעך ווינקען צו איהם.

— זיצט נחמן — האָט סימע געזאָגט האַרציג — איך וועל קיין מאָל דאָס ניט פאַרגעסען, וואָס איהר האָט געטהון פאַר מיר אין יענער ווינטער נאַכט. ווען איהר זענט דאָ נישטאָ, וואָלט איטע געשטאָרבען.

— וואָס דאַרף מען דאָס איבערריידען — איז נחמן רויט גע־וואָרען.

— און איצט, דעם אמת זאָגענדיג, ווייס איך אליין ניט, וואָס איך וויל פון אייך. איהר זענט מיר איצט, ווי א מלאך פונ׳ם הימעל...

זי האָט געפּרובט צו שמייכלען און האָט זיך מיט אמאָל צע־וויינט, ווייזענדיג אויף די מיידלעך. די עלטערע האָט זיך צעלאכט און די אינגערע, פּייצשע, האָט געמורמעלט א ברוגז׳ע:

— ער איז גאָר ניט קיין פרעהליכער.

— אָט לאכען זיי — האָט סימע געזאָגט מיט פערדראָס — און די ביידע קוישען זענען פּוסט. וואָס איז זיי? גיט א קוק. נישטאָ אפילו פאר וואָס צו לייזען צו קויפען א שטיקעל ברויט. איך רעד שוין נישט וועגען פרנסה. א בעטלער וואָלט רויט געוואָרען, ווען ער הערט מיך אויס. נאָר מען שלאָגט מיך. איהר גלויבט ניט? שווערט, נחמן, אז איהר גלויבט ניט, וועל איך עס וויסען, אז איך בין משוגע. און איטע איז אין שפּיטאָל פאר קינד־בעטערינס. איך ווייס אליין ניט, נחמן, וואָס איך וויל — לעבען, אָדער שטארבען.

— זי לייגט — איז אין כעס געוואָרען די עלטערע, פרומע, זי איז פון זינען אראָב.

— איך שווייג שוין — האָט סימע ארויסגעשטאמעלט אין צער — ווער ס׳האָט כח, יענער איז גערעכט, נאָר זאָלען מיינע הענד רעדען, איהר זעהט, נחמן. זי האָט אויפגעהויבען דעם ארבעל און נחמן איז פערציטערט געוואָרען. פונ׳ם עלענבויגען ביז צו דעם אקסעל האָבען זיך איהר געצויגען שווארצע בלוט־שטרייפען און די גאנצע האנד האָט ארויסגעזעהען, ווי פערגאָסען מיט טינט.

— זעהט נאָר, זעהט נאָר — האָט נחמן געשטוינט.

— אין שטאָדט דאַרף זיין עפּעס אנ׳עלטערער — האָט סימע ווידער געשטאמעלט אין דער שטיל. זי האָט געפינטעלט מיט די אויגען און דאָס קול האָט זיך איהר אלע מאָל צוגעדריקט, ווי עס וואָלטען איהרע כחות פערפעהלט צו רעדען, זי האָט דורכאויס גערופען צו הילף ווען עס איז, זאָל עס זיין א געזעץ, א משפט, אָדער אנ׳עלטערער בעל־דעה פון שטאָדט.

— דאָס קנייפּט זי זיך אליין פון כעס — האָט פּייצשע ארייג־געזאָגט, רויט ווערענדיג.

— א ליגען, א ליגען — האָט אויסגעשריען דאָס אינגעל, אויפשפּרינגענדיג פון׳ם אָרט — דאָס קנייפּט זי פרומע אזוי.

— אָט ווער עס זאָגט דעם אמת! — האָט סימע אויסגעשריען אין טרערען — מיכעלע, זאָג! איך בין דאָ צווישען וועלף. איטע האָט מיך אויך געשלאָגען. און פרעגט מיך נאָך וואָס לייד איך פון זיי. איך בין אַלט, איך בין קראַנק, נאָר מיין שטיקעל ברויט וועל איך מיר אומעטום פערדינען... פרעגט נאָך וואָס לייד איך?

זי האָט זיך שוין מעהר ניט געקלאָגט אויף קיין זאך, זי האָט נאָר געפרעגט. אזוי ווי ביז אהער האָט זי געטהון אלס וואָס מען דארף, וואָס עס איז וויכטיג און אלס, וואָ סעס איז אם בעסטען געוואוינשען, נאָר איצט איז איהר מיט אמאָל געקומען אויף׳ן געדאנק צו פרעגען: פאר וואָס? נחמן האָט זי געהערט מיט אַנ׳אראָבגעלאָזטען קאָפּ איינגאנצען א צעבראָכענער. איהם האָט זיך געוואָלט אנטלויפען איצט צו נעסי׳ן אָבצוזורעהן זיך נעבען איהר פון׳ם דאָזיגען בינדטעל צרות. נאָר סימע האָט איהם ניט אבגעלאָזען, ווי זי וואָלט געהיט זיינע שלעכטע געדאנקען און זי האָט דורכאויס געבעטען: זיצט נאָך, זיצט נאָך א ביסעל.

— פאר וואָס טראכסטו אויס? — האָט זיך מיט צאָרן ארויס־געריסען ביי פרומע׳ן — דו ווילסט נחמן זאָל אויף דיר רחמנות האָבען, נאָר ער וועט דיר ניט העלפען. געה אוועק פון אונז, אויב דיר געפעלט ניט. מיר וועלען זיך אליין פערדינען אונזער ברויט.

— איהר הערט, נחמן — האָט סימע אויסגעשריען אין אויפ־רעגונג — זיי דארפען איך זאָל אוועק פון שטוב. איך וויים פאר וואָס, איך וויים. ניין, ניין, ניין! — האָט זי נאָך שטארקער געשריען — דער׳הרג׳עט מיך — איך וועל ניט אוועקגעהען! איך בין א מאמע. רייסט מיר ארויס מיינהארץ און מיר וועט עס וועה טאָן פאר זיי. איך בין א מאמע, איך וועל זיי היטען... ביידע ארבייטען זיי אויף דער קעסטעל־פאבריק און יעדערע ברענגט זיבען רובעל א חודש. הונדערט אויגען דארף מען האָבען מען זאָל זיי קאָנען איינהיטען... אָט איז שוין איטע א פערפאלענע און דער היטעל־מאכער רייבט זיך די הענד פון נחת: א גליק האָט איהם געטראָפען. ער האָט אראָב־געפיהרט פון וועג א קרום מיידעל...

— מאמע, מאמע, הער אויף צו שרייען — האָט זיך געבעטען

דאָס אינגעל — אָט געהט דינה! — האָט ער מיט אמאָל אויסגע־שריען א דערפרעהטער — דינה, דינה....

די אלטע האָט זיך אָנגעהויבען צו רעש'ן, ווי זי וואָלט מיט א גוטער בשורה דערפרעהט געוואָרען.

— דינה — האָט זי געשטאמעלט — אנ'אוצר איז עס, א גוטע נשמה. קוקט זי אָן.

זי איז ארויס פון צימער און נחמן איז אוועק נאָך איהר. דאָס מיידעל איז אריין מיט ציטערענדע טריט קוים באריהרענדיג די ערד, ווי זי וואָלט מורא געהאט צו דריקען דאָס אָרט, וואו זי טרעט.

— מיין טייער קינד — האָט איהר סימע געזאָגט שטיל.

נחמן האָט זי אָנגעקוקט. זי איז געווען שלאנק מיט איידעלע געזיכט־שטריכען און פונ'ם מאט־בלאסען פנים האָבען ארויסגעקוקט איהרע רוהיגע און קלוגע אויגען.

— א קאלטע נשמה — האָט נחמן א טראכט געטאָן און סימע האָט איהם נאָך אלס ניט אָבגעלאָזען.

— נחמן, דאָס איז דאָך דינה.

ער האָט זיך ווידער אומגעקוקט צו איהר און ס'איז איהם מיט אמאָל ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. איהרע רוהיגע בליקען האָבען צארט געגלעט, ווי א זונען־שטראהל.

—פאר וואָס זשע שטעהט איהר אויף דער שוועל? — האָט זי געפרעגט.

ערשט האָט דינה באמערקט, אז די מוטער איז אין טרערען און זי האָט געפרעגט דערשראָקען:

— וואָס איז געשעהען, מאמע?

זי האָט עפּעס א זאָג געטהון אונטער דער נאָז און איז שטיל געבליבען. פון שטוב האָט געהילכט דאָס מיידעלשע געלעכטער. פּייצשע איז געשטאנען ביים פענסטער צוגעדריקט די נאָז צו דער שויב און האָט קיין אויג ניט אראָבגענומען פון נחמנ'ען.

— איך וועל נאָך צו אייך ארייננגעהען — האָט נחמן געזאָגט און איז אוועק.

ביי זיין בעל־הבית'טע אין פאָדער־צימער האָט איהם אָבגעווארט מייטע און ווי נאָר ער האָט געעפענט די טיר, האָט זי געפרעגט:

— נאָך וואָס האָט אייך גערופען סימע?

ער האָט איהר ניט געענטפערט. אינגאנצען איז ער געווען

אונטער׳ן איינדרוק פון סימע׳ס צער און צאָרן און ער האָט זיך געלאָזט געהען צו זיך אין צימער.

— איהר דארפט איצט גאָר ניט? — האָט איהם נאָכגעהענדיג געפרעגט מייטע.

— גאָר ניט, מייטע.

זי איז נעלם געוואָרען פון די אויגען, נאָר אין א מינוט ארום האָט זי זיך ווידער באוויזען אויף דער שוועל און נאָך אמאָל האָט זי געפרעגט:

— איהר דארפט גאָר ניט, נחמן?

עפּעס ניט־פערשטענדליכעס איז געווען אין איהר בליק און אין איהרע באוועגונגען.

— ס׳קאָן ניט זיין — האָט נחמן א טראכט געטהון, קוקענדיג איהר גלייך אין פּנים אריין און ער האָט זיך געשראָקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען.

— די מאמע וועט היינט קומען שפּעט — האָט זי געזאָגט שטיל — איך וועל זיצען דאָ ביי אייך.

— פאר וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— איך וועל זיצען א ביסעל — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט פּעסט, נאָר איהר קול האָט זיך געבראָכען אין ווייכקייטען, ווי זי וואָלט געבעטען זיין ערלויבעניש דערויף.

— איך האָב קיין צייט ניט, מייטע. איך דאַרף באלד אוועק־געהן.

— קיין מאָל זענט איהר אין דער היים נישטאָ. זיצט איצט א ביסעל.

— איך קאָן ניט, מייטע, איך דאַרף זיך זעהן מיט נעסין.

זי האָט אויפמערקזאם אויף איהם א קוק געטהון. דערנאָך האָט זי זיך אוועקגעקעהרט אין א זייט, און, זינגענדיג, איז זי ארויס פון צימער.

— אז מיר וועט שוין זיין זעכצעהן יאָהר — האָט זי גע־טראכט...

און נאָך זיין אוועקגעהן איז זי לאַנג געשטאַנען ביים פענסטער. זי האָט געטראכט, געברענט, אונטערגעזונגען און אין קול האָבען איהרע טרעהרען געציטערט.

## V.

נחמן איז געגאַנגען צו נעסין.

נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט איז ער געווען אינגאַנצען באַהערשט פון׳ם איינדרוק, וואָס זי האָט אויף איהם געמאַכט און יעדעס מאָל האָט איהם געצויגען צו איהר, ווי איינער וואָלט איהם בעפעלען: געה צו נעסין, געה צו נעסין. ער האָט זי דורכ־אויס געזעהן פאַר די אויגען און אין זיין דמיון האָט זי איהם אויך געררייצט אנ׳אָפּענהערציגע, אַ דרייסטע און א געוואַגטע ביז עזות׳־דיגקייט צו רייסען זיך פון די קייטען, אין וועלכע ס׳האָט זי אריינ־געשמידט די פאָרשטאָדט... זי איז איהם געפעלען געווען און גע־רייצט האָט זי איהם דערמיט, וואָס ער האָט זיך געשראָקען פאַר איהר. עפּיס האָט ער מורא געהאַט פאַר איהר רייסען זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין, וואָס ס׳האָט זי געצויגען און געשלעפּט אומ־צוקומען ערגעץ. ווען זי האָט איהם דערצעהלט דעם אמת, ווי אזוי שווער ס׳איז דאָס ארומיגע לעבען און וועלכע חלומות און האָ־פענונגען זי צערטילט אין זיך, איז ער אליין אריינגעקומען אין התפעלות און האָט זי איינגערעדט דערצו, פיהלענדיג דערביי, אז ער געהט מיט איהר פערביי א תהום, וואוהין מען קאָן זעהר לייכט אריינפאַלען. ער האָט נאָך דאָך ניט פערשטאַנען וואָס עס ציהט איהם צו איהר. זי האָט איהם אויסגעזעהען זעהר קאַלט און גלייכ־גילטיג צו יעדען הערצליכען געפיהל און דוקא דערפאַר, וואָס זי איז געווען א קאַלטע און א גלייכגילטיגע, האָט זיך אין איהם גע־שטאַרקט דער ווילען צו באַזיגען זי אלס אזעלכע. אזוי ווי נתן, איז ער נאָך קיין מאָל פאַרליעבט ניט געווען און געלעבט האָט ער געזונד און זיטליך, א באַהערשטער מיט ארבייטס־לוסט און רוהע פריידען, ניט טראַכטענדיג פון קיין פרויען בכלל. נאָר געווען איז

ביי איהם די פרוי א חלום און געשטעלט האָט ער זי אין דער הויך אויף אַ באַרג אום צו קניען פאַר איהר. לעבענדיג אין ריינקייט און געזונד ־ זיטליכער בעשיידענהייט איז איהם דאָך בעסער געפעלען געווען א געפאלענע פרוי, איידער די עהרליכע טאָכטער פונ׳ם היימישען ווינקעל ביי טאטע־מאמע. ער האָט נאָך אלס געטרוימט חתונה צו האָבען מיט א גאסען־מיידעל דורך ליעבע און טרייהייט ארויסצוראטעווען זי פון דער זינד־נעץ. און נעסי האָט איהם אויך גערייצט דערמיט, וואָס זי האָט זיך געשפילט מיטן אייגענעם לעבען נעבען דעם תהום פון זינד. איהם האָט זיך געדאכט, אַז אָהן זיין הילף וועט זי זיכער געהן צום גרונד און אוים מיטגעפיהל צו איהר אלס פרוי האָט ער זי געמוזט ראטעווען. מיט יעדען טאָג איז עס איהם אלץ נעהנטער געוואָרען און דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, איז געווען שעהן און פאַסיג צו זיינע שטימונגען. ס׳האָט געדארפט קומען נעסי מיט איהר דעקאָלטירטען האלז און דעם בונט־רויטען באנד ארום איהר שווארץ־געלאָקטען קאָפּ, נעסי מיט איהרע פלאסטישע באוועגונגען און איהר לויפענדער שיין אין די אויגען, זי מיט איהרע געוואגטע דבורים, האסטיגקייט און ניט־געזעטיגטע פארלאנגען און דערביי האָט זי באשענט די סכנה, וועלכע האָט געלויערט אויף איהר. נחמן איז ענטציקט געווען פון דעם אלעמען און דאָס האָט גובר געווען אין איהם די שעמעוודיגקייט.

ווען זי איז געווען גוט־געגנייגט צו איהם, האָט ער, שווייגענדיג, איבערגעלעבט אין זיך זיין פרייד... זי איז מיט איהם געגאנגען איבער די הויפט־גאס פון דער פאָרשטאָדט, וואו עס זעהט זיך די שטאָדט מיט איהרע העלע פייערען און ער האָט איהר היים דערצעהלט וועגען זיינע חלומות און פערלאנגען. און א בעזיגטע אויף א ווייל מיט די גוטע ווערטער וועגען דעם גוטען לעבען אויף דער וועלט, וועלכער איז מעגליך פאַר אלעמען — איז זי ווייכער געוואָרען און דאָך פלעגען זיי זיך אָנקוקען ביידע, ווי זיי וואָלטען לסוף דערקענט איינס דאָס אנדערע. זי פלעגט ענטפערען אויף זיינע אויסגע׳חלומ׳טע האָפענונגען מיט א ציטערענדען קול און ביידען, כאָטש זיי זענען נאָך צווישען זיך פרעמד געווען, האָט זיך געוואָלט אייביג אזוי געהן, נאָר קומען אמאָל צו א ברעג.

ס׳האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען, ווען נחמן איז אריין אין הויף, וואו נעסי האָט געוואוינט. ביי יעדער טהיר זענען גע־

זעסען מענער און פרויען און האָבען געטרוקנען טהיי. אין ווינקעל האָט נחמן בעמערקט שלמה׳ן מיט חיים׳ען. לאה איז געזעסען צו זיי מיטן רוקען און דאָס פנים איז איהר געווען צוגעדעקט מיט א ווייס־קיסייענעם שארפעל, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאר מענשען.

— קומט אַהער! — האָט איהם חיים גערופען אויפן קול און דערביי האָט ער געמאכט צו איהם מיט די הענד — איהר וועט הערען נייעס...

— אויפן פאבריק...

נחמן האָט ניט דערהערט דעם סוף פון זיינע ווערטער, נאָר ער האָט איהם צוגעשאָקעלט מיטן קאָפּ. פונ׳ם פענסטערעל אין אַ דירה פון דעם רעכטען פליגעל האָבען א גלאַנץ געטהון נעסים אויגען.

— איך וועל, שלמה, צו אייך אריינגעהן שפּעטער — האָט ער אויסגעשריען אַ צוטראָגענער — וואַרט דאָרט אויף מיר!

ער האָט פארקערט צום רעכטען פליגעל, געעפענט די טהיר און איז אריין אין פאָרהויז. נעסי איז ניט אַרויסגעקומען. אויפן באנק איז געזעסען א דר׳ייצעהניאָהריג אינגעל און האָט געלעזען אַ בוך. געווען איז עס נעסים ברודער איסערל. דערזעהענדיג נחמנ׳ען, האָט ער אוועקגעוואָרפען דאָס בוך און האָט געזאָגט א דערפרעהטער:

— אַט זענט איהר געקומען, נחמן. איך בין אזוי צופרידען... שוין אזוי לאנג...

— איך האָב אליין אויך ניט געוואוסט, אז איך וועל קומען

— האָט ער געענטפערט, לאכענדיג. דער טאטע איז אין דער היים?

— אין דער היים. ער איז אלץ אין כעס און בייזערט זיך. נעסי האָט שוין היינט געכאַפּט פון איהם א חלק.

נחמן האָט פערקרימט דאָס פנים פונ׳ם ביסעל נייעס, וואָס ער האָט דאָ ערשט געהערט און איז אינאיינעם מיט איסערל׳ען אריין אין שטוב. אזוי ווי אין פאָרהויז איז דאָ געווען ענג, די ווענד האָבען געשמעקט מיט פייכטקייט און ניט געווען וואו זיך צו קערען. נעסי איז געזעסען ביים פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אין הויף אריין, די הענדלעריין העניע, נעסים מאמע, איז געזעסען ביי דער טהיר מיט א זאק אין די הענד און אויפן בעט האָט נעסים טאטע געצעלט געלד. געווען איז עס דער בלינדער בעטלער דן. וועלכער האָט מיט זיכערע בעוועגונגען געטהון זיין ארבייט.

— ווער איז עס? — האָט דן געפרעגט און, באַהאַלטענדיג דאָס געלד, האָט ער אליין געענטפערט — דאָס איז נחמן? איך האָב איהם גלייך דערקענט נאָך די טריט.

ער האָט גוטמוטיג א שמייכעל געטהון, פערגלאָצענדיג דערביי זיינע ביידע אויגען און נחמן, ניט געפינענדיג זיך קיין פּלאַץ, האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם. נעסי האָט זיך ניט אומגעקוקט.

— גוט אָוועגד — האָט געזאָגט העניען מיט איהר הייזעריג־פערשריענעם קול — וואָס הערט זיך עפּיס ביי די שטעלען?

זי האָט זעהר גערען אויפגענומען נחמנ׳ען און ער איז געווען דער ערשטער פון אלע נעסים יונגע לייט, וועלכער איז איהר געפעלען געווען. זי און דער אַלטער דן האָבען געהאט אויף איהם אנ׳אויג און זיי זענען ביידע צופרידען געווען, וואָס ער איז ביי זיי אין שטוב אנ׳אָפטער גאסט געוואָרען.

— יא, ביי די שטעלען — האָט זי ווידער געזאָגט, פערשטעקענדיג הינטערען אויער דאס פּרענטעל פון דער זאק — נעסי, פארוואָס זיצטו צום גאסט מיטן רוקען? דאָס איז ניט שעהן.

— איך וויל אזוי — האָט דאָס מיידעל געענטפערט, וואַרפענדיג אנ׳אומרוהיגען בליק אויף נחמנ׳ען.

— זאָל זי זיצען וואו זי וויל — האָט זיך אָבגערופען נחמן — מיר שטערט עס ניט.

— א שלעכטע עצה — האָט דן ארויסגערעדט צווישען די ציין — זי וויל — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט, בייז ווערענדיג מיט א מאָל און ס׳איז געווען ניט צום פערשטעהען, ווי אזוי זיין ווייך און אָנגענעהם קול האָט געקאָנט ווערען אזוי טעמפּ־צוברעקעלט און שלעכט — די מאמע האָט געזאָגט, דאַרף זי פאָלגען.

— איך וועל אוועקגעהן — האָט איסערעל ארויסגעשטאַמעלט אין שרעק — באלד וועט זיך שוין אָנהויבען ווייטער.

— איך בעט אייך — האָט זיך נחמן ארייגעמישט — כ׳לעבען, מיר איז אלס איינס...

— לאָז אָב, דן — האָט העניע געזאָגט ערנסט — א מענש זאגט — ס׳איז איהם אלס איינס.

נעסי איז אויפגעשטאַנען. זי האָט געוואָרפען אויפן בלינדען א בייזען בליק און איז ארויס פון שטוב.

ביי דנ׳ען האָבען אָנגעהויבען ציטערען די נאָזלעכער. ווי נאָר ס׳האָט זיך דערהערט א קלאַפּ מיט דער טהיר, האָט ער זיך מיט א מאָל א ריס געטהון פון בעט אוו, שטעלענדיג פעסט זיינע טריט, האָט ער געהאלטען די הענד פאַראויס און זיין געשריי האָט געלע־כערט די אויערען:

— נעסי, צוריק, נעסי, צוריק אין שטוב אריין. איך הייס! דו הערסט ניט? גוט. געה אַוועק, נאָר געדענק, וועסט נאָך צוריק־קומען.

טרעטענדיג זיכער און פעסט האָט ער זיך אומגעקערט צום בעט און האָט זיך אוועקגעלייגט, דערביי האָט ער געשימפּט צווישען די ציין, ווי פריהער:

— די הויט וועל איך פון איהר אראָבנעמען. נאָר אראָבנעמען די הויט. אזא פארברענטער עקשן ווערט געבוירען איין מאָל אין הונדערט יאָהר.

נחמן איז קוים איינגעזעסען. נעסים לעבען אין דער היים איז פאַר איהם איצט אנ׳אָפענער בוך געווען און ער האָט געזעהן וואָס דאָס איז אזוינס אזא לעבען אונטערן דרוק פון אזא ווילדען טאטען. יעדעס וואָרט זיינס האָט געערדט פאר זיך און דערצעהלט נעסים לעבענס־געשיכטע. דאָס זענען געווען יאָהרען פון פיין און איינ־זאמקייט און איהרע ליידען האָבען ארויסגעקוקט פון יעדען מוסקול־ציטער אויף איהר טאטענס הילצערען פּנים, פון זיינע גלייכגילטיגע אכזר׳ישע אויגען און פון זיין גאנץ בעטלער־געשטאלט מיט איהר בכבוד׳ען אויסזעהן פון א הויכען אלטען מאַן מיט א ווייס־לאנגער באָרד.

איצט האָט נחמן פערשטאנען פון וואנען ס׳האָט זיך גענומען דאָס ווילדקייט אין נעסים כאראקטער: איהרע רייד, דאָס ווילדע רייסען זיך ערגעץ אין די מסוב׳ענע וועגען, דורך וועלכע זי האָט זיך פרייהייט געזוכט.

— זי איז איינגעשפּארט ווי אייזען — האָט העניע מסכים געווען מיטן אלטען.

— איך וועל זי איינברעכען — האָט דן געענטפערט אין צאָרן.

— איך וויים ניט, וואָס האָט זי אזוינס געטהון — האָט נחמן ניט אויסגעהאלטען — אויף מיין וואָרט, אז איהר זענט אומגערעכט.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטען — האָט ויך דן גע ברוגז'ט, מיט א מיידעל דארף מען ריידען און מען דארף האַלטען די בייטש אין די הענד. מיט יעדען מיידעל. איך האָב תמיד מיט זיי אזוי גע־רעדט. א מענש דארף אַרבייטען, נחמן, ניט זיין פּשוט א שטיק אייזען... פרעגט נעסין ווי אזוי זי ארבייט. א טאָג געהט זי צו דער ארבייט און דעם אנדערען טאָג איז זי שוין א פּריצה. וואָס איז דאָס אזוינס, פרעג איך איהר? האָסט געזונטע הענד און געזונטע פיס, קאָן זיי ארבייטען. צוועלף יאָהר, אז איך בין בלינד געוואָרען און מיר האָט נאָך קיינער א גראָשען ניט געשענקט. איך ארבייט... איך ארבייט...

— ער ארבייט טאַקע — האָט העניע באשטעטיגט, פערשטע־קענדיג ווידער זיך דאָס פרענטעל הינטערן אויער — ווען ניט ער, וואָלטען מיר אלע אויסגעשטאָרבען פון הונגער.

— איך פערשטעה ניט — האָט נחמן געוואָלט זאָגען, נאָר ער האָט זיך אָבגעהאַלטען.

— איך ארבייט — האָט דן איבערגע'חזר'ט מיט גדלות, גלעטענדיג זיך די באָרד — און איך זיץ ביי קיינעם ניט אויפן האלז, אזוי ווי מיין טאָכטער. איך ארבייט מיטן קאָפּ, מיט די הענד און מיטן קול... איהר האָט געהערט מיין געשריי אַמאָל? און איך קאָן מאכען מיין קול, ווי ביי א געשלאָגען קינד, און איך קאָן איהם מאכען, ווי ביי א קאַץ, וואָס מען שטיקט זי. איך בין אנ'עקשן, נאָר איך בויג זיך, ווי א צווייגעלע, וואָס איז אָנגע־פילט מיט זאפט. פון מיינע אויגען רינען טייכען טרעהרען, ווען מען דארף. נאָר ווען מען פאָדערט פון מיר טייכען האָניג, וואָלט גערונען האָניג פון מיינע אויגען. איך האָב זיך אויסגעלעהרענט זינגען אזעלכע לידער, וואָס קאָנען ריהרען א גזלן פון וואלד. איך ארבייט...

— יא, ער ארבייט — האָט העניע נאָכגעזאָגט מיט גאוה און די אויגען האָבען איהר מיט אמאָל אָנגעהויבען צו גלאנצען.

— פאַרוואָס וויל נעסי ניט ארבייטען? — האָט ער זיך ווייטער דערמאָנט דאָס זייניגע — ברענג א גראָשען אין שטוב אריין, נאָר פערהאָרעווע איהם. אָט וואָס איך וויל. און איך וועל אויס־פיהרען מיינס. אין וואָס באשטעהט דער כח פון א מענשען?

ארבייט, ארבייט גוט. ארבייט איז א טייערע זאך און דער מענש איז די וואַלוועלסטע סחורה אין דער וועלט...

ער האָט שוין געדערט פון עפּיס אנדערש, דערצעהלענדיג וועגען די איינוואוינער פון דער פאָרשטאָדט און נחמן האָט איהם געהערט א פערגאַפּטער.

— דאכט זיך אַלע האָרעווען — האָט ער געזאָגט לסוף — און אָהן א טאָלק. איך האָב נאָך ניט געזעהן קיין איין ארבייטער, וואָס זאָל לעבען ווי א מענש.

— איך האָב פיינד, אז מען רעדט נארישקייטען, האָט איהם דן מיט פערדרוס איבערגעשלאָגען. די רייד — א מאשין ארבייט אויך. וואָס שווערער ס'איז צו לעבען, אַלץ בעסער דארף מען ארבייטען. זיי זענען טפּשים. אין שטאָדט זענען פארהאן טויזענדער בעטלער און איך באקום מעהר פון אַלעמען. אויב איהר ווילט קאָן איך אזוי מאכען, אז איהר זאָלט דאָ אויפן אָרט זיך צואווייגען און אָבגעבען מיר אַלדינג, וואָס איהר פארמאָגט ביי זיך אין די קעשענעס. אָט ווי אזוי מען דארף ארבייטען! זיי מיינען, אז מען איז אָרים, קומט זיי שוין אַלסדינג אומזיסט.

אין זיינע ווערטער האָט זיך געפיהלט א גרויסע שנאה צו מענשען און מען האָט ניט געקאָנט פערשטעהן, וואָס ער וויל. נחמן האָט איהם ניט איבערגעשפּארט. ער האָט זיך איבערגעזעצט צום פענסטער, האָפענדיג צו דערזעהען ערגעץ נעסין. די אַלטע איז ארויסגעגאנגען אין פאָרהויז און האָט דאָרטען עפּיס געזוכט. ס'איז שוין רעכט פינסטער געוואָרען.

— שוין שפּעט — האָט דן געזאָגט אין אומרוהיגקייט — איך וועל דאַווענען מעריב.

נחמן האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ ניט אומקוקענדיג זיך. אין די ארומיגע פענסטערלעך פון הויף האָט מען פייער געצונדען. נחמן האָט געזוכט נעסי'ן מיט די אויגען, אזוי ווי זי וואָלט איהם געדארפט בעפרייען פון אנגסטען, וואָס האָבען איהם דאָ באהערשט. דער אַלטער האָט זיך געשטעלט "שמונה־עשר".

— נישטאָ זי — האָט נחמן געטראַכט אין בענקעניש — אפשר וואַרט זי אויף מיר אין הויף.

ס'האָט איהם אָנגעכאַפּט א משונה'דיגע אויפרעגונג. דער הויף איז פול געווען מיט מענשען און נעסי'ן האָט ער ניט געזעהען און

דאָ אין שטיבעל האָט דער אַלטער פרום און שטיל געזאָגט. זיינע ווערטער האָבן איינגעוויגט און גרינג געמאַכט דאָס האַרץ פאַר אַלס, וואָס געשעהט אויף גאָטס וועלט... טרויער און פרייד צו־זאַמען האָבן באַהערשט זיין געמיט. ער האָט ניט געוואַגט זיך אומצוקוקן, פיהלענדיג אויף זיינע אַקסלען דעם בליק פונ׳ם בלינדען זקן און אין דער רגע האָט זיך איהם געוואָלט אַרויסרייסען פון זיין צוויבער־שטימונג און אויסשרייען אויף׳ן קול מען זאָל איהם אָבגעבען געסי׳ן... און מען זאָל אויפהערען פייניגען מענשען...

ער האָט זיי געזעהען דורכ׳ן פענסטערעל. ווי איינגעמידעטע אָקסען האָבן זיי איהם אויסגעזעהען. און איהם האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסען דאָס האַרץ און אוועקגעבען עס זיי פאַר א טרייסט און פאַר א היילונג.

— ווען איהר, ר׳ דן, וואָלט איצט געקאָנט זעהען ווי אַזוי מענשען שפּאַצירען איבער׳ן הויף, וואָלט איהר ניט געזאָגט, אַז מענ־שען זענען די וואָלוועלסטע סחורה אין דער וועלט. די טייערסטע, ר׳ דן, די טייערסטע. אָט זעהט, ווען איהר קאָנט זיי אָנקוקען. זיי זענען מיד און דערשלאָגען. און צוליעב וואָס האָבן זיי געאַרבייט? איך שעהם מיך זיי אָנצורופען מענשען... דאָס זענען נשמות. לע־בעדיגע נשמות, ר׳ דן... זיי האָרעווען, זיי ליידען און צוליעב וואָס? אויף זייער וועג זעה איך שוויים, טרעהרען און בלוט... צוליעב וואָס? שוויים, טרעהרען און בלוט — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט אין אויפ־רעגונג — טרעהרען און בלוט...

דער בלינדער האָט אָנגעהויבען וואַרפען מיט די הענד און ווידער האָט ער געטאַקט זיינע ווערטער פאַר גאָט, אַראָבוואַרפענדיג פון זיך הייליג און פרום יעדער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן ער־דישען גורל פונ׳ם מענשען און אַלס וואָס געשעהט אויף דער וועלט. ער האָט גערופען שטיל און האַרציג ערגעץ ווייט פון דער ערדישער נישטיגקייט און זיינע שטיל־האַרציגע תפלה־רייד האָבן ווי פליגלען געהויבען דאָס שווערקייט פונ׳ם מענשליכען קיום.

— נו, אָבגעדאַווענט מעריב אויך — האָט דן געזאָגט — איצט וועל איך אייך ענטפערען.

איצט האָט ער אויסגעזעהען זעהר גוטמוטהיג. די לאַנגע און ווייסע באָרד האָט איהם צוגעגעבען א רוחניות׳דיגע שעהנקייט פון א הייליגען.

— איהר האָט געזאָגט — האָט ער אָנגעהויבען...

פון פאַרהויז האָבען זיך מיט א מאָל דערהערט פעסט־גיכע טריט און א גרויס גערודער. אין שטוב איז אריינגעלאָפען איסערל א בלאסער פון שרעק און האָט אויסגעשריען:

—געהט, נחמן, גיכער צו שלמה׳ן. דאכט זיך, לאה האָט זיך אויפגעהאנגען. דער גאנצער הויף איז שוין דאָרטען!

דער בלינדער איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און נחמן איז אָהן א זיי־געזונד ארויסגעלאָפען אין הויף אריין. ער איז מיט א מאָל אריינגעפאלען צווישען א גרויסען עולם, וועלכער האָט זיך מיט קולות געטראָגען צו שלמה׳ס טיר. דורכ׳ן טויער זענען אריינגעלאָפען מענשען פון גאס און פאַראויס זענען געשפּרונגען יונגלעך, און אלער־ליי קונדסים. צווישען עולם האָבען א פינטעל־געטהון נעסי׳ס אויגען און נחמן האָט זיך פערשעמט, וואָס זיין הארץ איז איהם איצט אזוי דערפרעהט געוואָרען.

—דאנקען גאָט, דאנקען גאָט — האָט זיך דערהערט נעבען איהם א בעקאנט קול.

— דאָס איז,, דאכט זיך — חיים — האָט נחמן זיך געפרעגט אינ׳ם ארומיגען רעש און טומעל — יאָ, חיים.

— לויפט ניט אזוי — האָט זיך יענער געבעטען — מען ווערט דאָ דערשטיקט. דאנקען גאָט, מען האָט זי געראטעוועט.

— איך בין אזוי מבולבל, אַז איך הער ניט קיין וואָרט — האָט נחמן געשטאמעלט אנ׳אויפגעשיינטער.

איהם האָבען אויסגעפעלט ווערטער אויסצודריקען זיין פרייד און ער האָט דורכאויס געלאכט. חיים האָט אָנגעהויבען גענוי צו דערצעהלען ווי אזוי לאה האָט קונציג געמאכט זיך אין שפּייכלער די תליה, אוועק׳גנב׳ענענדיג ביי שלמה׳ן זיין לאנגען שאל, וואָס ער טראָגט אויפ׳ן האלז און דערביי האָט ער געענדיגט מיט ענטציקונג:

— שלמה איז א העלד. איין גוט הארץ איז דאָ אויף דער וועלט און דאָס איז ביי שלמה׳ן.

זיי האָבען זיך דורכגעשטויסען צווישען דעם עולם און זענען ביידע אריין אין שטוב. די פיעל נייגעריגע פערזאנען האָט מען שוין געהאַט משלח געווען און אינווייניג איז געווען געראָם. שלמה איז גע־זעסען מיט די הענד אונטערגעשפּארט דעם קאָפּ און האָט ארויס־געקוקט אין גאס אריין. אויפ׳ן בעט איז געלעגען לאה א פערענדערטע

מיט א פערבלויעט געזיכט. זי האָט קוים געאָטעמט און יעדעס מאָל האָט זי זיך אין שרעק פערדעקט מיט די הענד דאָס פּנים.

— זאָג עפּעס דעם טאַטען — האָט זי געבעטען דאָס שוואַרץ־אויגיקע ווייבעל, וואָס נחמן האָט דאָ געזעהען דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז געקומען צו שלמה׳ן — זאָג עפּעס, זאָג, מיין קרוין...

— טאַטע, איך וואָלט געוואָלט ניט לעבען — האָט לאה ארויס־גערעדט שטיל.

— נו, אַט איז געקומען א מלאך — האָט זי געטרייסט עפּעס אנ׳אַלטינקע יודענע, וועלכע איז ניט אָבגעטרעטען פון דער קראַנ־קער — יאָ, א מלאך פון הימעל איז געקומען צו פליהען און ער האָט געזאָגט ס׳איז פון גאָט... דיין מיידעלע וועל איך נעהמען צוריק אין הימעל אריין. דאָרטען ביי דעם רבונו־של־עולם וועט איהר זיין בעסער, ווי דאָ אויף דער ערד.

— אזוי האָט ער געזאָגט? האָט לאה איבערגעפרעגט א דער־פרעהטע.

— און ער האָט נאָך געזאָגט: דו, מאַמע, וואַרט נאָך אויס אויף דער ערד. ס׳וועט קומען א טאָג, וואָס מען וועט מיך שיקען נאָך דיר אויך. ס׳איז פון גאָט... ער וועט שיקען, א מלאך און דעמאָלט וועט זיך די מאַמע זעהען מיט׳ן מיידעלע...

— איך וועל וואַרטען — האָט לאה געזאָגט, פערשטעלענדיג זיך מיט די הענד דאָס פּנים — איצט איז זי דאָרטען און זי זעהט מיך?

— שטאַרקט זיך, שלמה — האָט נחמן געזאָגט, צום אלטען.

— איך בין שטאַרק, נחמן, נאָר שטאָל און אייזען ווערען אויך קאַליע. ס׳פרעגט זיך נאָר פאַר וואָס ווערט דאָס האַרץ ניט קאַליע און ס׳פּיהלט? די צייט האָט אויף דעם קיין שליטה ניט... — ער האָט זיך אָבגעקעהרט אָן א זייט. נחמן איז געשטאַנען, ווי פער־שטיינערט און האָט געשוויגען. א גרויסער מענש איז געזעסען אין צער, א צוטראָגענער איז ער געווען פון לעבען.

— נ׳מיר ארויסגעהען, נחמן — האָט איהם חיים געזאָגט אויפ׳ן אויער. מען דאַרף איהם איצט לאָזען אליין.

אין הויף איז שטיל געוואָרען. דער עולם איז זיך צוגאַנגען. נעבען די שוועלען און טהירען האָט מען זיך צו דער נאַכט אויס־

געבעט די געלעגרס צום שלאָפן און ארום זענען געלעגן מענער, ווייבער און קינדער. ס׳איז געווען היים און אויסגשטערנט.

— איהר ווייסט, נחמן, וואָס איך האָב אייך געוואָלט דער־צעהלען — האָט חיים געזאָגט — מאָרגען הויבט ביי אונז אָן צו אר־בייטען די פאבריק...

ער האָט זיך אין איילענעש אָבגעזעגענט מיט נחמנ׳ען און זיין מאָגער געשטאלט איז נעלם געוואָרען אין דער פינסטערניש.

— וואָס פאַר אַ לעבען — האָט נחמן געטראַכט אין שרעק. אַ צורודערטער האָט ער געקוקט צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיך אליין געפרעגט, וואָס ער זאָל טהון, און וואוהין ער זאָל געהען.

— נחמן — האָט זיך מיט אַ מאָל עמיצער אָבגערופען שטיל.

ער האָט זיך אומגעקוקט אַ דערפרעהטער. נעבען דער וואנד איז פון דער פינסטערניש ארויסגעוואקסען איסערל, ווי אַ גנב, וואָס קוקט אוים עמיצען:

— איך ווארט שוין דאָ אויף אייך פון לאנג — האָט ער גע־מורמעלט אין דער שטיל — נעסי האָט מיר געהייסען. געהט ניט אוועק. זי וועט באלד ארויסגעהען צו אייך.

— ווען האָט זי עס דיר געזאָגט? — האָט נחמן געצווייפעלט.

— זי האָט געזאָגט. איך טאָר דאָ לאנג ניט שטעהען, די מאמע איז שוין צוויי מאָל ארויסגעגאנגען מיך אריינרופען. איך האָב מורא פאר׳ן טאטען. ער וועט מיך שלאָגען. נאָר איך האָב צוגעזאָגט נעסי׳ן.. נחמן, איך האָב אייך אזוי ליעב! — האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען מיט אַ מאָל — פאר וואָס האָב איך אייך אזוי ליעב, נחמן?

ער איז געשטאנען און האָט געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט זיך געצויגען צו איהם מיט די הענד:

— אין דער היים איז ניט גוט — האָט ער ווידער געמורמעלט אין דער שטיל — אין ווערקשטאט איז אויך ניט גוט. נאָר אייך האָב איך ליעב.

— געה, געה, קינד — האָט איהם נחמן געזאָגט מיט צארטקייט.

ער האָט צו איהם אַ שמייכעל געטהון פריינדליך און חבר׳יש און דאָס יונגעל האָט זיך ווידער געצויגען צו איהם מיט די הענד, נאָר אין דער רגע איז ער אָבגעשפרונגען און איז נעלם געוואָרען ערגעץ אין הויף.

— נעסי, נעסי! — האָט זיך דערהערט העניעס פערשריענער קול.

נחמן האָט אָנגעהויבען ארומגעהען אהין און צוריק. ס׳איז איהם געוואָרען ענג, ווי שווערע וואָלקענס וואָלטען אויף איהם ארויפגעפאַלען. פערלאָרענקייט און פחד האָבען איהם זיין הארץ געפּרעסט.

— נעסי, נעסי! — האָט ווידער גערופען די אַלטע מיט איהר אויסגעזונגען־פערשריענער מארק־שטים.

ער איז שטעהען געבליבען ביי דער וואנד. "דער טאטע וועט זי אָנ׳הרג׳ענען ביי נאכט", האָט איהם געברענט אין קאָפּ דער גע־דאנק און די פּויסטען האָבען זיך איהם יעדעס מאָל צוזאמענגע־פּרעסט, ווי מיט דעם וואָלט ער געענטפערט אויף אלע פּלאָנטערס פון לעבען, וועלכע האָבען איהם געפּייניגט. שלמה, סימע, חיים און דער גאנצער הויף מיט די שלאָפענדיגע און איינגעמאטערטע נפשות ביי אלע פענסטער און טירען. אלע האָבען זיי זיך איהם גערדרעהט פאר די אויגען, ווי א מיהל און פון דאָרטען האָבען זיך געהערט זייערע ווילדע קולות: פארוואָס? פארוואָס?

— איך וועל אוועקגעהען — האָט ער גערדראָהט זיך אליין — איך האָב מעהר קיין כח ניט צו ווארטען. פארוואָס געהט זי ניט?

עפּעס א פּאָרעל האָט זיך דערנעהנטערט צו איהם און א פּעס־טע מענער־שטים האָט זיך אָבגערופען אין דער לופט:

— מאָרגען, רייזעל, וועל איך זיין...

— דאָס איז אברהם — איז נחמן א דערפרעהטער צוגעפאלען צו דער וואנד זיי זאָלען איהם ניט באמערקען — ער איז גליקליך.

זיין שטימונג האָט זיך מיט א מאָל געביטען, ווי דאָס גליק פונ׳ם פערבייגעהענדען פּאָרעל וואָלט איהם זיין לעבען ליכטיג גע־מאַכט. אין דער רגע האָט איהם עמיצער אָנגעריהרט ביים אַקסעל און נעכי איז געשטאנען נעבען איהם.

— נו, אָט בין איך דאָ — האָט זי געזאָגט — איך האָב גע־וואוסט, אז איהר וועט ניט אוועקגעהען. ביז אין דערפריה וואָלט איך געווארט. איהר וואָלט ניט אוועקגעגאנגען.

פון פרייד האָט ער זיך פערנאנדערגעלאכט. ער איז נאָך געווען אינגאנצען אונטערן איינדרוק פון די גוטע געפיהלען, וועלכע ס׳האָט ביי איהם ארויסגערופען דאָס פרעמדע גליק פון פרעמדע פערליעבטע

און ער האָט זיך געוואָרפען צו איהר, ווי צו אנ׳אייגענער און א נאָהנטער, אָנעהמענדיג זי ביי די הענד.

— וואָס דען, וואָס דען, — האָט ער געשטאמעלט. נעסי, אָבער איהר זענט דאָך געקומען!

— לאָזט אָב מיינע הענד...

זי האָט אויפמערקזאם אויף איהם א קוק געטהון ווי זי וואָלט זיך געפּרובט עפּעס דערמאָנען, האָט זי אָבגעהאקט אין אומעט:

— וואָס פאר א שוועהער אָוועגד, נחמן! אָ, היינטיגער אָוועגד!..

זי האָט איהם אָנגענומען אונטערן אָרעם און זיי זענען אוועק, שווייגענדיגע, גוט געטוליעט איינס דעם אַנדערען, ווי דאָס עלענדקייט וואָלט זיי נאָר אויף א ווײלע פעראייניגט זיי זאָלען זיך דערנאָך ווידער צוגעהען אין בעזונדערע זייטען. די נאכט איז געוואקסען אין דער טיף און האָט אָנגעוואָרפען אנ׳אומעט אויף די ארומיגע גאסען און געסלעך, אַוואו זיי זענען פערבייגעגאנגען. נידעריגע הייזלעך, ווי ברואים, וואָס זענען געפאַלען אויף די קניען, זענען זיי אומעטום נאָכגעקראָכען און ניט געווען אין ערגעץ קיין ליכט און קיין פענס־טער־ שיין, וואָס זאָל זיי אביסעל דעם וועג בעלייכטען.

— היינט — האָט געזאָגט נעסי — היינט האָט מיר דער טאטע צוגעזאָגט איינטיילען א חלק. איך זעה, ער שלאָפט ניט און איז בייז. ער ווארט אויף מיר. צוגעגרייט א שטעקען און האלט איהם אין בעט נעבען זיך.

— די מאמע האָט אייך גערופען — האָט נחמן געענטפערט מיט אנ׳איינגעפאַלען קול — איהר האָט געהערט? איך וויים ניט וואָס צו טהון פאר אייך... געהט א היים.

— זאָרגט זיך ניט פאר מיר — האָט נעסי געזאָגט טרוקען — איך האָב אָבגעלעבט אָהן אייך אויך זיבעצעהן יאָהר און איך וועל די נאכט אויך איבערלעבען. איהר זענט א פּחדן.

זי האָט מיט אמאָל אוועקגענומען די האנד פון אונטער זיין אָרעם, ווי ס׳וואָלט איהם עפּעס פארשוועכט אין איהרע אויגען און זי האָט געזאָגט מיט א געבעט:

— איך, נחמן, דאַרף האָבען א מענשען... איהר לאכט? ניין, איהר לאכט ניט. נאָר ביי אייך איז ווידער א דערשראָקען פּנים. גיט אויף מיר א שטארקען קוק. איך בעט אייך... דאָ איז אזוי שווער.

לויף איך צו אייך. נאָר איהר זענט אזא שוואַכינקער, אז איך וועל זיך באלד צו וויינען.

— נעסי, נעסי — האָט נחמן געבעטען.

— ביי אייך, נחמן, איז פארהאן א הארץ און איך האָב עס ניט. און דערפאר לויף איך נאָך צו אייך. נאָר איהר זענט א שוואַכער, א שוואכער — איך פיהל עס אפילו אין אייער גאנג. ניין, ניין? איהר בעפעהלט מיר עפּיס! הויבט אויף די האַנד און גיט מיר א קלאַפּ.

פּלוצלונג האָט זי זיך אָבגעקעהרט און איז געשווינד אוועק אליין, נאָר ער איז איהר נאָכגעלאָפען איינגאנצען א פערברענטער פון איהר געבעט אין קול, בעוועגונגען און איהר גאנץ געשטאלט וועלכע איז בעהערשט געווען מיט צער און ליידען. ער האָט איצט געפיהלט זיין מאכט, איז ער נאָך איהר געלאָפען, ניט דעריאָגט זי מיט א כיון און, ווי ער וואָלט די הייס־צושמאָלצענע לופט גע־שלונגען, האָט ער זי גערופען מיט אנ׳אָבגעהאקטער שטים:

— געהט נאָך ניט אוועק, נעסי. געהט ניט אוועק.

זי האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט לאנג אריינגעקוקט איהם אין פּנים אריין.

— איך ווייס ניט — האָט זי געזאָגט לסוף — פאר וואָס איך הער אייך ווען איהר בעט מיך. איהר קאָנט עפּיס וועקען אין מיר, נאָר, נחמן, ס׳איז נישט דאָס... איך וואָלט אין פייער אריינגעגאנ־גען, ווען איהר ווייסט מיר צו זאָגען דאָס אמת׳ע וואָרט. איך דארף געהען אין פייער...

זי האָט אין פערצווייפלונג א פאטש געטהון מיט די הענד.

— מיר איז גוט, נחמן, איהר רעדט וועגען מענשען. דער־צעהלט מיר עפּיס וועגען זיי. נ׳מיר געהען אין דער גרויסער גאס און מיר וועלען קוקען אויף דער שטאָדט. די פייערען האָט מען נאָך ניט פערלאָשען...

זי האָט איהם גענומען אונטערן האנד און זיי זענען ווידער אוועק לאנגזאם.

— דערצעהלט, דערצעהלט — האָט זי געבעטען.

זיי זענען דורכגעגאנגען דאָס לאנגע פינסטערע געסעל, וועל־כע האָט געפיהרט צו דער הויפּט־גאס פון דער פאָרשטאָדט און אין דער שטילער פינסטערניש איז געווען עפּיס א מין צויבער אינ׳ם

שאָראָך פון די צוויי יונגע קערפּער, וועלכע האָבען זיך, ציטערענדע, געטוליעט איינס צום אנדערען. נחמן האָט געשוויגען. ער האָט ניט געוואָלט הערען זיין אייגענעם קול, ווי ער וואָלט מורא געהאט ארויסצורופען עפּיס ניט גוטעס, וועלכעס איז בעהאַלטען ערגעץ אין דער פינסטער. ער האָט ניט געוואגט צו ריידען, נאָר זי האָט געפּאָדערט: — רעדט, רעדט — און ער האָט געוואוסט נאָר איין וואָרט, פון וועלכען ס'האָט זיך איהם דער קאָפּ גערדרעהט.

— נאָר דער טאטע ווארט אויף מיר — האָט נעסי אומגעדול־דיג געבעטען — גיט מיר כאָטש א ביסעל כחות. איהר שווייגט? פאר וואָס זשע רופט איהר? נאָך וואָס ווארט איהר אויף מיר? גיט אויף מיר א שטארקען קוק! ניין, איהר קאָנט ניט? זאָגט, קום נאָך מיר. איהר קאָנט ניט?

זי האָט זיך אַלץ מעהר געערגערט. נחמן איז דען ניט אזוי ווי אַלע? זי זוכט א מענשען און אזעלכער איז נישטאָ. זי וויל פרייהייט — איז עס נישטאָ. זי וויל א ביסעל ליכטיגקייט — איז עס אויך נישטאָ.

— איהר הערט, נחמן — האָט זי אויסגעשריען — איך האָב קיין זאך נישט. פון קינדערווייז אָן האָט מען מיך געטריבען צו דער ארבייט און איך בין מיד, איך בין הונגעריג. איך בין שלעכט, נאָר גיט מיר א ביסעל פרייהייט, וועל איך ווערען בעסער. נחמן, דער טאטע שלאָגט מיך, נאָר איך בין ריין, נאָר ניט דערפאר, וואָס איך האָב מורא פאר איהם. ס'איז דערפאר ווייל איך וויל עפּיס גרויסעס. איך קאָן מאָרגען אוועקוואַרפען די היים — נאָר איך ווארט...

זי האָט גערעדט, געוואָרפען זיך מיט ווערטער און זיך פער־לאָרען...

— זאָגט נאָר — האָט זי ווייטער גערעדט — ווען איך וועל געהען אין שטאָדט אריין און איך וועל בעטען דעם ערשטען גביר, וואָס איך וועל בעגעגענען, ער זאָל מיך נעהמען צו זיך — וועט ער עס טהון? גיט אויף מיר א קוק, גיכער און זאָגט.

זי איז שטעהען געבליבען און האָט זיך צוגערוקט צו איהם נאָגץ נאָהענט.

— זעהט, נחמן, קוקט מיך אָן... נאָר ליינט ניט. איהר זענט כאָטש איצט א ביסעל שטארקער! גיט א טראַכט נאָר — פערקוי־פען אָט דעם נישטיגען קערפּער, וועלכען קיינער דארף דאָ ניט,

אָבגעבען אַ לעבעדיגען מענשען, וואָס אַ טאטע חלום'ט זיך איבער איהם און ס'לויפען איהם נאָך אַלערליי קבצנים. און שטעלט אייך פאָר אויף איין רגע ווערען אַ שטארקע און אַ ליכטיגע, ווי גאָלד, און אומגעהען צווישען רייכע מענשען מיט אויפגעהויבענע קעפּ און איין מאָל כאָטש קאנען זאָגען: "איך". וואָס קאָן מיך אָבהאלטען דערפון?

— נאָר איהר, נעסי, זענט משוגע — איז נחמן געווען אויסער זיך פון איהרע טענות — ווי אזוי קאָנט איהר גאָר ריידען מיט מיר וועגען דעם?

ער האָט געוואָלט אין כעס ווערען און אויסשרייען זיך, נאָר ווען ער האָט אַ קוק געטהון אויף איהר פּנים, האָט איהם דורכגענומען אַ גרויס רחמנות. איצט איז ער געווען פערפּליכטעט פאר איהר צוליעבען ביטערען אמת, וואָס זי האָט איהם אָנגעטרויט אויף זיין געוויסען צו משפּט'ען זי. ער האָט גרויס מיטלייד געהאט מיט איהר און דערביי האָט ער געזעהען דאָס שלעכטס, נאָר ס'איז ניט געווען איהרס. דאָס שלעכטס האָט געוואקסען פון די פערשאָלטענע הייזער — די נעסטען פון דלות און שמוץ, וועלכע האָבען זיך געטרונקען אין מענשליכע ליידען און צער. פון'ם דאָזיגען געפּייניגטען מיידעל האָבען ארויסגעשריען גאנצע יאָהר־טויזענדער פון קנעכטשאפט און שקלאַפעריי. ס'האָבען ארויסגעוויינט פון איהר די יאָהרטויזענדער פון בעליידיגונג און דערנידערונגען. ס'האָבען זיך אין איהר געבונטעוועט די בעסטע אינסטינקטען פון'ם מענשען, וועלכער האָט ניט אויסגעהאלטען... און מיט דער גאנצער צארטקייט, אויף וועלכער ער איז נאָר פעהיג געווען, האָט ער איהר געזאָגט:

— נעסי, האָט רחמנות אויף זיך אליין!

— איהר פערשטעהט עס, איהר גלייבט? איך וויל נאָר אָבאָטעמען, אָב אָטעמען אַ ביסעל. מיין טייערער.

זיי האָבען איצט פערקעהרט אין דער גרויסער גאס און מיט אמאָל האָבען זיי דערזעהען די פייערען פון שטאָדט. אזוי ווי אין דערוואַרטונג פון אַ טאנץ האָבען זיי זיך געטוליעט אין זייער אייגענער ליכטיגקייט און זייער ברייטער האַבל־ראָנד האָט אויסגעזעהן, ווי אַ האלז־באנד פון גרויסע טייערע פּערעל. דורכרייסענדיג די

פינסטערניש האָבען זיי זיך געמינעט און געוואונקען און ס'האָט זיך געוואָלט לויפען צו זיי, ארומנעהמען, טאנצען און דאנקען.

— די שטאָדט, די שטאָדט! — האָט נעסי אויסגעשריען, פאַטשענדיג מיט די הענד — מיין ליבער, מיין טייערער, פיהרט מיך אוועק אהין, מיין ליעבער, מיין טייערער...

— נאָר איך האָב אייך ליעב, נעסי — האָט זיך מיט א מאָל ארויסגעריסען ביי נחמנ'ען דאָס וואָרט, וואָס איז איהם אזוי טייער געווען — איך האָב אייך ליעב... איהר האָט עס דען ניט געוואוסט?

— איך האָב געוואוסט — האָט נעסי געלאכט און געוויינט, ניט קאָנענדיג אוועקנעהמען איהרע בליקען פון די שטאָדטישע פייערען — גיב מיר א קוש, נחמן!

זי האָט צוגענומען זיינע צערטליכקייטען מיט שטילער הכנעה אוןביידע האָבען זיי אויפגעשיינטע און גליקליכע געקוקט אויף דער שטאָדט מיט איהרע פייערען...

— אז איך וועל זאָגען: רייכער מאַן, נעהם מיך — וועט ער מיך נעהמען? — האָט נעסי יעדעס מאָל געפרעגט — מיין ליעבער, מיין טייערער — גיב א קוק אויף מיר און זאָג...

— רעד ניט — האָט ער זיך ביי איהר געבעטען און דאן האָט זי ווידער געזאָגט:

— דו האָסט מורא? ביזט א פּחדן. ווי א קליין אינגעל...

און זי האָט איהם ווידער געקושט, געלאכט דערביי און געטראכט פון עפּיס און נחמן, א פער'שכור'טער, אָהן געדאנקען, האָט זיך אָבגעגעבען דעם צויבער פון איהרע בענעהמונגען.

— זעה, נחמן טייערער — האָט זי מיט אמאָל אויסגערעדט אין אומעט — די פייערען פערשווינדען.

— נאָר איך בין מיט דיר, מיין פרייד...

זיי ווערען פערלאשען — האָט זי געזאָגט נאָך אומעדיגער און מיט א מאָל אַזוי ווי צו זיך געקומען — יאָ, זיי ווערען פערלאָשען. אָט איז נאָך, נאָך... זיי געזונד, נחמן!

אונערוואַרטעט איז זי אוועק פון איהם ניט קיין צוגעלאָזטע און א פרעמדע, אזוי ווי פריהער, נאָר ער האָט זי דעריאָגט און ער האָט זיך געבעטען און געפרעגט:

— פאַרוואָס געהסטו אוועק, נעסי? פאַרוואָס?

נאָר זי האָט ניט געהערט. זי איז אַלץ גיכער געגאַנגען און ער האָט אויך פֿערגרעסערט זיינע טריט און, ניט פֿערשטעהענדיג, וואָס עס איז געשעהען, האָט ער האָפֿענונגסלאָז ווידער געבעטען און געפֿרעגט:

— פֿאר וואָס געהסטו אוועק? זאָג. אָ, שווייג ניט אזוי! ס'האָט אָנגעהויבען צו טאָגען...

# VI

נחמן האָט איבערגעלעבט שווערע טעג. נאָך יענעם געוויסען אָוונט האָט איהם נעסי אויסגעמיידט און ער האָט פאר קיין אופן ניט געקאָנט זיך דורכריידען מיט איהר אויג אויף אויג. ווען ער איז נאָר געקומען, איז זי גלייך נעלם געוואָרען און קיין מאָל האָט ער זיך אויף איהר ניט געקאָנט דערוואַרטען. ער האָט געברענט. איהם האָט זיך געדאכט, אז ווען זי הערט נאָר זיין קול, וואָלט זי זיך ווידער געקערט צו איהם מיט ליעבע און הכנעה, ווי דעמאָלט אין יענער נאכט. ער איז געווען שטארק אויפגעבראכט, פיהלענדיג ביי זיך, אז ער איז גערעכט און דאָס האָט ביי איהם ארויסגערופען טויזענדער ווערטער, הייסע און שטארקע, מיט וועלכע ער וואָלט זי איינגאנצען בעזיגט, ווען זי וויל איהם נאָר אויסהערען... פיינליך איז איהם איבערהויפט געווען, וואָס ער פערשטעהט זי ניט און דאָך האָט ער אין איהר ליעב געהאט דוקא דאָס ניט־פערשטעהענדיגע. ווי א שאָטען איז איהם אומעטום נאָכגעגאנגען איהר געשטאלט און געקלונגען האָבען איהם אין די אויערען איהרע רייד און איהר גע־בעט, רייסענדיג זיך צו עפּיס פערנעבעלטעס און שענעס און ער האָט ניט פערשטאנען, ווי אזוי ער האָט זי געקאנט אָבלאָזען אין יענעם אָוונד. וואָס פאר א שעהן און גליקליך לעבען ס'וואָלט ביי איהם געווען, ווען זי וואָלט געוועזן מיט איהם! ער האָט פערמאכט די אויגען, ניט צו קוקען אין דער בלענדענדער ליכטיגקייט, וואָס עס האָט ארויסגעשטראהלט פון איהר, ווען ער האָט זיך פאָרגע־שטעלט ווי אזוי ער טוליעט זי צו זיך און קושט איהר דעם האלז און די הענד. ער האָט געפיהלט א ווארימקייט ארום זיך און איהם האָט זיך געדאכט, אז ער קושט זי: ס'איז פון איהם אוועק די גאנצע ריינקייט, וועלכע האָט איהם שעמעוודיג געמאכט. אוועק איז אויך

די מורא פאר איהר שענקייט און געבליבען איז אין זיין דמיון נאָר איינס! דאָס ווייסע מיידעל־לייב, אַ שטראהלענדעס, אַ הייסעס און צערטליכעס. און ס'האָט זיך איהם אָבגעגעבען...

און די צייט איז דערווייל געגאנגען. ס'זענען אָנגעשטאנען די לעצטע הייסע טעג פון ענדע זומער און ביי די שטעלען אין מארק איז עס פארן קומענדען הערבסט געווען די שווערסטע צייט פון יאָהר. דער פדיון איז געפאלען. די קונים זענען געוואָרען ווייניגער און מען האָט געדארפט האָבען די קונציגע ריהרעוודיגקייט פון מסחר־מענשען מען זאָל זיך אזוי קאָנען האלטען ביז די „שטילע" צייט וועט אריבער. די זעבציג רובעל, וואָס נחמן האָט אריינגעלייגט אינ'ם געשעפט, האָבען זיך שוין געהאט פון לאנג צוגאנגען, גאָר אונבעמערט, אויף קליינינקייטן. דניאל האָט גשפייזט זיין פאמיליע און נחמן האָט געשפרייט מיט געלד אויף רעכטס און לינקס, ניט קענענדיג אָבזאָגען קיינעם פון זיינע אָרימע חברים צו לייען א גמילות־חסד. אין דער צייט פונ'ם גרויסען לייזונג האָט זיך עס אזוי ניט געפיהלט און איצט האָט מען געדארפט טראכטען וועגען קרעדיט, ווייל דאָס איז געווען דאָס איינציגע מיטעל אויפצוהאלטען דאָס געשעפט און נחמן איז געווען דורכאויס אריינגעטהון אין זאָרגען. ער איז געלאָפען נאָך עצות צו שלמה'ן. געפרובט זיך צו־גויפגעהען מיט אנדערע הענדלער און נאָכגעטהון זיי אין אלסדינג. אזוי ארום האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען דערווייטערען פון איהם נעסי'ס געשטאלט.

פון פריהמאָרגען פלעגט קומען דניאל און תמיד האָט ער געבראכט מיט זיך נייעס, וועלכע האָבען זעהר געוויילט אלעמען. ער איז געווען א הויכער, א קראנקער און עהנליך אויף א שטאָרך־פויגעל. נאָכן שלעכט־אויסגעהיילטען פלעווריט איז ער אזוי געבליבען א שוואכער און א קרענקליכער. ער איז קיין מאָל ניט געווען רוהיג. תמיד האָט ער גערודערט. אייביג האָט איהם ערגעץ געטראָגען דער געדאנק און איינגאנצען האָט ער אויסגעזעהן ווי א פייער־קנויל, וועלכער וועט קיין מאָל ניט פארלאָשען. ווי אלע לייטישע מענשען פון דער פאָרשטאָדט האָט דניאל ליעב געהאט בילדונג, צייטונגען און א גוט ביכעל... פון זיינע לעצטע גראָשענס האָט ער געלערענט זיין משה'לען און געשיקט איהם אין שולע אריין. דער עלטערער אינגעל זיינער איז שוין אלט געווען פופצעהן

יאָהר. ער האָט שוין געאַרבייט אויף א פאבריק און וועגן דעם פלעגט משה'לע דערציילן נחמנ'ען זעהר אינטערעסאנטע מעשות. ווען דער לייזונג פלעגט שטילער ווערן איז גלייך ביי דניאל'ן אין די הענד אויסגעוואקסען פון ערגעץ א צייטונג און געלעזען האָט ער אויפן קול מיט אנ'אייגעענעם פרוש אויף נייעס און פּאָליטיק. און נחמן האָט איהם געהערט, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט. די לעצטע צייט פלעגט ער אָפט ריידען וועגן אידען און דעם גורל פונ'ם איד־דישען פאָלק און איין מאָל גאנץ אונערוואַרטעט האָט ער ענטדעקט נחמנ'ען, אז ער איז געוואָרען א ציוניסט און ער האָט זיך פער־שריבען אין א קרייזעל.

ביידע זענען זיי געזעסען נעבען די קוישען און האָבען שטיל געשמועסט. ס'איז געווען מיטאָג־צייט. זיצענדיג אין שאָטען אונטער די דעכלעך פון זייערע שטעלען, האָבען די הענדלער פון דער רייהע ניט געאיילט מיטאָג געגעסען.

— ... א אידישע מלוכה — האָט ווידער גערעדט דניאל. געווענ־דעט דעם בליק אין די ווייטענישען פונ'ם האָריזאָנט, האָט ער גע־וויזען מיטן פינגער — ווען מיר וועלען זיין ביי זיך, נחמן...

ער האָט א וואונק געטהון מיטן אויג, ווי ער וואָלט זיכער גע־וואוסט ווי אזוי דאָס צו טהון און, קוקענדיג אויף איהם מעלאַנכאָ־ליש, האָט איהם נחמן נאָכגעזאָגט אין אומעט:

— אז מיר וועלען זיין ביי זיך...

— פערשטעהסט איהר, נחמן — האָט געזאָגט דניאל, אנ'אונ־רוהיגער פונ'ם אומצוטרוי, וואָס ער האָט בעמערקט ביי זיין שותף — איך בין א פּשוט'ער מענש. גאָר א פּשוט'ער. א גאָרנישט. נאָר איך וועל ניט זאָגען: איך גלויב ניט. אזא מענש, ווי איך — קוקט מיך נאָר גוט אָן — ווען ער וואָלט געזאָגט: איך גלויב ניט, וואָלט נאָך וויניג געווען מען זאָל איהם דער'הרג'ענען. גלויב! לעג אוועק דעם קאָפּ אונטער די פליגלען, ווי א פויגעל און גלויב!... וואָס איז אונז געבליבען, א חוצ'ן גלויבען? געווען ביי אונז איינער משה רבנו... מיר, נחמן, זענען ביידע ניט קיין גרויסע לומדים אין די שווארצע פינטעלעך, נאָר וועגען משה'ן האָבען מיר געהערט. אָט האָט ער אונז ארויסגעפיהרט פון מצרים. וואָס הייסט אונז? ווער אונז, וואָס אונז? מיר זענען דעמאָלט ניט געווען...

— איך פערשטעה אייך שוין ניט, דניאל — האָט געזאָגט נחמן, קוקענדיג אויף איהם מיט אויסגעגלאָצטע אויגען.

— אַזוי — האָט זיך דניאל גוטמוטיג צולאַכט — נאָר רעדען קלאָרע דבורים טאָר מען ניט. דאָ איז אלץ געוועגדעט אינ׳ם פער־שטעהען. דאָ, נחמן, ארבייט די נשמה. ווען איהר הערט אונזערע... אנ׳אנדער מאָל דאַכט זיך מיר, אז איך וואָלט גיכער פערשטאנען א פראַצויז, אָדער אַ טערק, איידער זיי. נאָר איך שטוים מיך אָן, נחמן. און גיב א שמעק און אין קאָפּ ווערט אזוי ליכטיג ווי די זון וואָלט דאָרטען ארייננעשיינט. ס׳ריהרט אָן ביים הארצען. עפּיס ציטערט אין דיר און טרעהרען שטיקען דיך אין האלז...

— איך, דניאל, האָב אויך עפּיס אזוינס דערפיהלט — האָט זיך נחמן מודה געווען — א אידישע מלוכה... עפּיס הויבט זיך אויף דאָס הארץ אזוי הויך, אז עס פעלט אוים לופט צום אָטעמען. איך האָב קיין מאָל ניט געטראכט וועגען דעם, נאָר דאָס ריהרט ביים הארצען, ווי די מאמע זאָל שטעהען נעבען מיר און וויינען. אונזער מלוכה. וואו איז עס? אז דו זיצסט דאָ אין דער קויטיגער גאס און דו זעהסט ווי אזוי אידען טומלען זיך דאָ אין אָרימקייט און צער, גלויבסטו פּשוט ניט, אז מיר זענען אמאָל געווען פריי און שטארק, ווי אנדערע פעלקער. פאר וואָס זענען מיר אוועק פון אונזער לאנד? — האָט זיך מיט אמאָל ארויסגעריסען ביי נחמנ׳ען.

זיי האָבען, שווייגענדיג, א קוק געטהון איינער אויפן אנדערען און ביידען האָט זיי בעהערשט די זעלבע טרויעריגע שטימונג.

— אז דו זיצסט דאָ אינ׳ם מיסט, אין דעם טומעל — האָט דניאל נאָכגעזאָגט — איז אזוי גוט צו טראכטען וועגען אנ׳אייגען לאנד, וואָס ווארט אויף אונז, וואָס בענקט...

— און מיר דאַכט זיך — האָט נחמן אָבגערופען שטיל — אז שוין בעסער איז צו לעבען דאָ אזוי ווי איצט מיטן האָפענונג אויף עפּיס בעסערס, איידער צו זיין דאָרטען און פערלירען אויך די האָפּענונג...

— איך פערשטעה אייך ניט, נחמן, נאָר איך פיהל עס. איך שטוים מיך אָן... איהר זאָגט "דאָרטען". וואָס איז עס אזוינס "דאָרטען"? דאָרטען. מיר... איך ליג אוועק דעם קאָפּ אונטער די פליגלען און איך גלויב.

זיי זענען לאנג געזעסען שווייגענדיג און ביידע האָבען גע־

טראכט וועגען אידען. פריהער וואָלט קיין איינער פון זיי ניט אָב־געגעבען קיין מינוט פון זיין צייט צוליעב אזא ערנסטער פראגע און איצט האָט מען וועגען אידען גאָר ניט געקאָנט טראכטען. אידען זענען געגאנגען פון אומעטום, פון אלע זייטען און האָבען געפּאָדערט אויפמערקזאמקייט און אנ'ענטפער. עפּיס ליכטיגעס האָט זיך גע־טראָגען אין דער לופט, מיט שטראהלען האָט עס געוואָרפען פון זיך און מען האָט עס געמוזט דערצעהלען. פריהער האָט קיינער ניט גע־טראכט פון אלגעמיינעס. יעדער איד האָט געלעזען פאר זיך, געלי־טען אין צווייען, נאָר קיין איינהייטליכען געדאנק און קיין איינ־הייטליכע סיבה האָט קיינער ניט געוואוסט. איצט האָט זיך מיט אמאָל ענטפּלעקט אנ'אייביגער סוד. געשניטען האָט ער זיך אין דער לענג און אין דער טיף און אזוי ווי אנ'אָנשטעקנדע קראנקהייט האָט עס זיך צוגעקלעפּט גיך און זיכער. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס עס איז געשעהען, נאָר איינער האָט געזאָגט דאָס ערשטע וואָרט און דאָס וואָרט האָט זיך געטראָגען ווי א בליץ, ווי א זיגער, גע־פאלען דאָ און דאָרטען און ערגעץ האָט מען זיך פון דעם ניט גע־קאָנט בעהאלטען.

— אויב איך וועל זאָגען — האָט זיך אָבגערופען לסוף דניאל — אברהם, משה, הערצל און איהר וועט מיר נאָכזאָגען: אידען. קנעכטשאפט, א היים, וועט עס זיין דאָס זעלבע. בעטראכט זיך נאָר גוט. אין די גאסען און דאָ ביי די שטעלען איז דען די אידישע היים? דאָס איז דאָך אזוי ווי איינער, וואָס האָט ערגעץ אנ'אייגענעם פּאלאץ און זיצט אין שכנות ביי א בייזען שומר אין א שפּייכלער. מיר דארפען ניט קיין פרעמד לאנד. אודאי, אז מיר זענען געווען הינד און האָבען דאן ניט געוואָלט דערמאָנען, אז מיר האָבען ערגעץ א פּאלאץ — האָט דער שפּייכלער אויך עפּיס א ווערט, נאָר מיר האָבען אונזער אייגענע היים. אונזער טייער און הייליג לאנד איז עס...

ער האָט איהם אָנגעהויבען צו ערקלערען ווי אזוי ארום דאָס הייליגע לאנד וועט זיך אומקערען צוריק אין אידישע הענד און מען איז דערגאנגען ביז דעם פּונקט פון שאפען א אידישע מלוכה, האָט דער קול זיינער זיך אָבגערופען זעהר פייערליך און זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט שענקייט און הארציגקייט.

— מיר ווילען פארזייען אונזער ערד — האָט ער געזאָגט — און מען וועט אונז מעהר ניט זאָגען: איהר טאָרט ניט! אונזערע וויינ־

גערטענער וועלן אויפבליהען, ס׳וועט אונז גערעֶטען דאָס קרויט אויף די פעלדער און דער זאנג וועט זיין פול און שווער. מיר וועלן אראָבנעהמען די תבואות און מען וועט אונז מעהר ניט זאָגען: דו טאָרסט ניט! מיר וועלן בויען הייזער און פּאלאצען. מיר וועלן איינגעהמען דאָס לאנד, אלע ווינקעלעך וועלן מיר בעזעצען — מען וועט אונז מעהר ניט זאָגען: דו טאָרסט ניט!...

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אלסדינג? — האָט נחמן גע־פרעגט פערוואונדערט — איהר רעדט אזוי ווי פון א בוך ארויס.

— איך כאַפּ ווערטער אין דער לופט און דאָס הארץ זינגט אין מיר, אז דו לעבסט אין קנעכטשאפט, לעהרענסט זיך אוים ליעב צו האָבען פרייהייט. די האָפענונג ציהט דיך אָן, ווי א סטרונע אויף א פידעל און זי שפּילט דיר, וואָס דו ווילסט אליין.

— נאָר מיר זענען ניט אין קנעכטשאפט — האָט נחמן אי־בערגעשפּארט זיין שותף — אויב קנעכטשאפט, וואו איז עס? מיר זענען פריי. איך וויים, אז ס׳איז שווער צו לעבען אין אָרימקייט און אין הונגער, נאָר וואו איז נישטאָ קיין אָרעמקייט און וואו וועט עס ניט זיין? מיר איז ליעב צו טראַכטען וועגען מיין הייליג לאנד, נאָר דאָס איז, דניאל, ניט דאָס, וואָס איך דארף.

— איך, נחמן, האָב אויך אזוי געטראַכט. קומט צוגעהען שבת צו אונז, וואו מיר קלייבען זיך צונויף... איצט לעב איך אזוי ווי איך וואָלט געהאט פליגלען און מען וואָלט זיי מיר אונטערגעהאַקט. איך וויל פליהען און קאָן ניט. לייד אַ'ך דערפון. אז מיר וועלן זיין ביי זיך, ווען איך אייך פרעגען: וואו איז בעסער? אין דעם טאָג, ווען מיר וועלן טרעטען איבער די גאסען פון אונזער היים, אונזערע קינדערלעך וועלן זיך שפּילען נעבען די הויפען אָהן מורא און אָהן פּחד, דעמאָלט, נחמן, וועלן מיר אָהן פליגלען אויך אוועקפליהען. אָהן ברויט וועלען מיר זיין זאט. די היים, די היים!...

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט, אָטעמענדיג שווער פון אויפרע־גונג. ער האָט עס געזעהען. לייִדענשאפטליך האָט ער זיך געריסען צו דעם, א גלייבענדער, אז מיט איין בליק אויף די הייליגע שטעדט פונ׳ם הייליגען לאנד וועלען זיך פעלן אלע אידישע צרות. די הייב, די היים! זיסע און צארטע קלאנגען האָבען איהם פונ׳ם האלז ארויס־געזונגען. ער האָט געזעהען פאר זיינע אויגען די הייליג ביבלישע געשטאלטען פון אברהם, יצחק און יעקב. ס׳זענען אויפגעשטאנען

יי גבורים און נביאים פון יענע לעגענדארישע צייטען, ווען דאָס אויסדערוועהלט פאָלק איז נאָהנט צו זיין גאָט געווען. ווי אזוי אָרעם און באליידיגענד האָט אויסגעזעהען דאָס איצטיגע לעבען...

ווער זענען זיי די דאָזיגע אידען, מיט בערד און געגאָלטע, מיט וייערע פרויען אין פרעמדע קליידער? — אלע זענען זיי אונטער־טהעניגע שקלאפען, וועלכע האָבן איבערגענומען ביי זייערע הארען דאָס פרעמדע געשטאלט, פרעמדע זיטען און קליידונג.

וואו זענען אהינגעקומען די ביבלישע לאנגבערדיגע מענער, זייער קליידונג, זייער קראפט און זייער הייליגקייט? וואו איז אהינ־געקומען די הייליגע שפראך פונ׳ם יודישען פאָלק?

און א געשריי פון וועהטאָג, ווי דאָס שאלען פון נצחון האָבען זיין קול געקרעפטיגט:

— די היים, די היים!...

נחמן האָט איבערגעלעבט עפעס אזוינס, וואָס עס איז איהם שווער געווען צו פארשטעהען. די היים! נאָר זיין היים איז געווען דאָ ארום איהם, אין יעדער גאס און אין יעדען שטיין פון ברוך, וואו זיין פוס האָט געטראָטען.

זיין היים איז געווען אין דעם הויז, וואו ער איז געבוירען און אויפ׳ן בית־עולם, וואו עס זענען געלעגען זיינע נאָהנטע און ליעבסטע. דער געדאנק וועגען דער אלטער היים, וועלכע איז געווען ווייט און ניט באקענט — האָט איהם עפעס זעהר באנג געטאָן און דאָס הארץ איז איהם ניט גאנץ געווען, נאָר די היים איז דאָך געווען דאָ אויפ׳ן אָרט, וואו אידען האָבען געלעבט טויזענדער יאָהרען און אָפצוזאָגען זיך פון דער היים איז פאר קיין אופן ניט מעגליך געווען.

און ענטפערענדיג ניט דניאל׳ן נאָר זיך אליין, האָט ער געזאָגט:

— די היים איז דאָ...

די מארק־רייהען מיט די שטעלען האָבען אָבגעלעבט, ניט ווי־סענדיג פון וואנען האָבען זיך ווידער באוויזען פיעל מענשען, ווי מען וואָלט זיי פון ערגעץ אויסגעשאָטען. ס׳איז געוואָרען ענג. דער עולם האָט זיך פויל באוועגט, אָפשטעלענדיג זיך פון צייט צו צייט נעבען די רייהען פון די קליין־הענדלער. דניאל איז געווען פארהאַ־וועט מיט׳ן לייזונג און משונה איז איצט געווען צו הערען דעם לעב־האפטען מארק־לשון... די הייסע אלול־זון האָט אומ׳רחמנות׳דיג

געברענט. א שווערע היץ האָט די לופט אָנגעפילט, ווי אין מיט'ן זומער. און נחמן איז געווען שרעקליך מיד.

ס'איז איהם טרוקען געווען אין האלז. איננאנצען אָפּגעגאָסען מיט שוויים, א פערשוואַרצטער פון שטויב, האָט ער איינגערעדט, געשוואויהרען זיך און גערופען צו זיך מענשען מיט געבעט און תחנונים, ווי די זאַך וואָלט איהם געגאַנגען אין לעבען. דער קונה האָט פויל געקליבען די סחורה, געדונגען זיך, געהעבערט אַ גראָשען אויף אַ גראָשען און געווען אַזעלכע פאַרדריסליכע מאָמענטען, וואָס ער האָט זיך קוים באהערשט.

— דאָ וועסט לאַנג ניט לעבען — האָט איהם דניאל געזאָגט שטיל, פיהלענדיג ווי די אויגען שליסען זיך איהם פון מיעדיגקייט — ארום יום־טובים וועלען זיי מיך מקבר זיין...

אָן ווידער האָט ער הייזעריג געשריען: קויפט, מאַמזעל, א טעי־מעלע. ווער דאַרף דאָס בעסטע קעמעלע?

דער טאָג האָט זיך געצויגען לאַנגזאַם און שווער. א פּאָר מאָל איז שוין נחמן געווען צוגעגאַנגען צו שלמה'ן, כאָטש אויסרעדען א פּאָר ווערטער, קיין פּדיון איז ניט געווען.

— וואָס זאָגט איהר, נחמן, אויפ'ן היינטיגען טאָג? — האָט דניאל טרויעריג געפרעגט.

עפּעס א גראָבע קלייענדיגע אידענע מיט אַ פאַרוויינט פּנים איז צוגעגאַנגען און האָט איהם פון הינטען אָנגעריהרט ביים אקסעל. דניאל האָט זיך אומגעקוקט און איז געבליבען שטעהען א דער־שראָקענער.

— וואָס איז, חנה? — האָט ער געפרעגט מיט א געבראָכען קול — דו וויינסט? נחמן, פרעגט זי. זעהט נאָר, ס'זענען ביי מיר פאַרקיהלט געוואָרען די פינגער...

חנה האָט ווידער אָנגעהויבען וויינען און זי האָט ארויסגע־שטאַמעלט שטיל:

— לייבעלע'ן האָט די מאַשין אָפּגעהאַקט צוויי פינגער. שריי ניט, דניאל... לייבעלע איז אין שפּיטאָל.

זי האָט געקוקט אויף איהם אין פּחד און אין איהרע אויגען איז געווען אַ טויט־שרעק. נחמן האָט זיך אָנגעהויבען געשווינד צו באַוועגען. אַזוי ווי אַן אָנגע'ברוגז'טער, האָט ער געכאַפּט דניאל'ן פאַר די הענד און, האַלטענדיג זיי שטאַרק, האָט ער געזאָגט שטרענג:

— מען דארף זיין א מענש, דניאל. א פארשאָלטען לעבען איז עס. מען מוז זיין א מענש.

דניאל האָט איהם ניט געהערט. זיין לייבעלע, אַ שטילער און א פּאָלגענדיגער, איז ער איהם געשטאנען פאר די אויגען און נאָר איהם האָט ער געזעהען איצט א צובלוטיגטען און א קאליקען, נאָר זיין געוויין האָט ער געהערט.

— מיין טייער יונגעלע — האָט ער אויסגעוויינט פון זיך, זוכענדיג עפּעס מיט די אויגען צווישען דעם ארומיגען עולם — מיין טייער, אומשולדיג יונגעלע!

ארום האָבען זיך מענשען געערגערט און געטומעלט. זיי זענען געשטאנען אומדערוואַרטע פון א שווערען שלאף און, פּרובענדיג זיך עפּעס דערמאָנען, האָבען זיי געמאכט חשבונות פון זייער אייגע־נעם לעבען און וואָס עס דערווארטעט זיי צום מאָרגענדיגען טאָג. איין אויגען־בליק האָט א בליץ געטאָן דער אמת, וועלכער האָט ארויסגעוויינט פון די ארומיגע מענער־שטימען. זיי האָבען געדע־בענט זייערע צרות און אלע לעבענס־געפאהרען, וואָס עס האָט זיי געדראָהט. יעדע שעה ,און יעדער רגע, און זיי האָבען זיך געשטויסען איינס אויף'ן אנדערען, ווי דערשראָקענע קינדער. דניאל מיט'ן ווייב זענען אוועקגעגאנגען פון לאנג און זיי זענען נאָך אלס געשטאנען צוגעדריקטע אלע אינאיינעם, ניט האָבענדיג קיין מוט צו ווארפען זיך ווידער אין זייער שטענדיגען פּרנסה־טומעל. און א גאנצען טאָג זענען זיי אלע געווען טרויעריג.

נחמן האָט קוים דערלעבט דעם אָווענד. א שווייגענדער האָט ער מיט האס געקוקט אויפן טומעל פון מענשען, וועלכע האָבען איצט פערענדיגט זייער טאָג פון האָרוואניע. פריהער האָט איהם דאָ אויסגעזעהען די ארבייט זעהר וויכטיג ווי זי וואָלט באמת גע־ראטעוועט דעם מענשען פון קלעפּ אין לעבען און איצט האָט ער געזעהען, אז דאָס איז בלויז א גוט־צוגעטראכטער רמאות־שפּיעל, וואָס צווינגט צו פערגעסען די געפאהרען און צרות, וועלכע לויערען אויפן מענשען. אריינגעטהון אין דעם דאָזיגען שפּיעל האָט מען מיט פערמאכטע אויגען געקאָנט רוהיג דערגעהען ביז'ן תהום, וואָס ער־ווארטעט יעדען איינציגען, און נאָר א דאנק דעם יאָך פון ארבייט זענען מענשען געבליבען קנעכט אלע זייערע יאָהרען. וואָס איז מיט איהם אליין געוואָרען? אָהן געלד און איינגעטונקט אין חובות,

וועלכע האָבען איהם געצויגען צו דער ערד מיט זייער שווערקייט, האָבען זיי איהם גענאָגט דעם געדאנק און דאָס חיות פונ'ם הארצען — האָט ער דען ניט געלעבט איצט דאָס זעלבע טויט־פינסטערע לעבען?

און שווערע רעיונות האָט ער זיך אומגעקעהרט אַהיים. "מען דארף אוועקלייגען דעם קאָפּ אונטערן פליגעל און גלויבען" — האָבען זיך איהם דערמאָנט דניאל'ס ווערטער.

— אין וואָס גלויבען? — האָט ער זיך אליין געפרעגט טרויעריג און צווייפעלהאפט, טרעטענדיג איבער די פערשטויבטע גאסען.

פערביי איז דורכגעפאָהרען די שטאָדט־וואגאָנעטקע. נחמן האָט אויפגעהויבען די אויגען און איז שטעהען געבליבען א פערטראכטער. אויף א באנק אין דער וואגאָנעטקע איז געזעסען נעסי, א פערפוצטע און אנ'אויסגעצירטע און איהר פּנים איז געוועזן זעהר טרויעריג.

— איך וועל איהר נאָכלויפען — איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּ א געדאנק.

די וואגאָנעטקע איז שוין געוועזן ווייט. א בעהערשטער מיט א משונה'דיגען פאַרגעפיהל האָט ער זיך אומגעקערט און, מאכענדיג מיט די הענד, האָט ער זיך געלאָזט לויפען איבערן גאס מיט קולות:

— נעסי, נעסי!

דאָס גערויש פון די פיהרלעך האָט פערהילכט זיין געשריי.

— נעסי, נעסי! — האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייען, פערגעסענדיג וואו ער איז אין דער וועלט.

די וואגאָנעטקע איז געפלויגען פאָראויס, אזוי ווי זי וואָלט געלאכט פון איהם. דער שמייסער־יונג האָט גערופען מיטן פייפעל, די פערד האָבען, דאכט זיך, פליגלען געטראָגען און אין א מינוט אַרום האָט די וואגאָנעטקע פערקערעוועט אין אַנ'אנדער גאס אריין און איז נעלם געוואָרען פון די אויגען.

— אנ'אויסגעפוצטע — האָט נחמן געטראכט. ער האָט זיך אָבגעשטעלט, פיהלענדיג אַז איהם האָט דורכגענומען א גרויל — אויף דער נאכט מוז איך זי זעהן...

— ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט איהם בעגעגענט טשארנע. געוועזן איז עס זיין בעל־הבית'טע, מייטעס מאמע. זי איז געזעסען ביי דער טיר פון איהר וואוינונג און האָט געטרונקען טהיי.

— גוט אָווענד — האָט זי געזאָגט ווייך — היינט, נחמן, זענט איהר געקומען שפּעט... איהר דערמאָנט מיך אין יענעמ'ס ווייב, וואָס דער מיטאָג איז ביי איהר תמיד פאַרטיג געוואָרען מיט א האַל־בע שעה שפּעטער. ס'האָט אויף אייך דאָ געפרעגט א שעהן מיידעל.

— א מיידעל? — האָט זיך נחמן געוואונדערט און מיט אמאָל איז איהם דורך א קעלט איבער די ביינער.

ער איז אריין אין שטוב און די אלטע האָט איהם נאָכגעשריען מיט א שעלמישען שמייכעל:

— א שעהן מיידעל... נעסי, איהר קענט זי דאָך.

נחמן האָט שוין פערשטאַנען. ער איז אריין צו זיך אין צימער און, ניט אָנצינדענדיג קיין פייער, האָט ער זיך אראָבגעלאָזט אויף א שטוהל.

— נאָך וואָס איז זי געקומען? — האָט ער זיך אליין געפרעגט און גלייך זיך אליין געענטפערט דערויף: איך וויים ניט. איך פער־שטעה ניט.

ער האָט געוואָלט אויפשטעהען, נאָר ער האָט זיך געפיהלט אזוי דערשלאָגען, אז ער האָט מורא געהאט אומצופאלען. פונ'ם צווייטען צימער האָבען זיך דערהערט מייטעס טריט.

זי האָט אריינגעקוקט צו איהם אין צימער און, דערזעהענדיג אז דאָרטען איז פינסטער, האָט זי געזאָגט:

— איך וועל אָנצינדען דעם לאָמפּ, נחמן. איהר קאָנט דאָך ניט בלייבען אין דער פינסטער.

— ווארט אויס, מייטע — האָט ער ארויסגערעדט שטיל.

זי איז שטעהען געבליבען אויף דער שוועל אין ערוואַרטונג, וואָס ער האָט איהר נאָך צו זאָגען און דאָס הארץ האָט איהם שטארק געקלאפּט.

— מייטע, דאָ איז געוועזן נעסי. איהר האָט זי געזעהען?

— איך האָב זי געזעהען. די אויגען זענען איהר געווען פער־וויינט.

— פערוויינט — האָט נחמן אָבגעזיפצעט און זיין קול האָט זיך איהם עפּיס, ווי א טעמפּער קלאנג געריסען פונ'ם האלז ארוים — וועגען וואָס האָט זי גערעדט?

— זי האָט געזאָגט: איך דארף זעהען נחמנ'ען. איך דארף נויטיג זעהען נחמנ'ען. נאָר אויף איין מינוט.

— נאָר אויף איין מינוט! — האָט ער אַ בערגעפרעגט אין בענקעניש — פאר וואָס זשע בין איך עס אין דער היים ניט געווען?

— זי איז ארומגעגאנגען איבער'ן שטוב, ט'זיך געזעצט און אויפגעשטאנען צוריק. עפּיס האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אז זי איז קראנק. זי האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער, געווישט זיך די אויגען. זי איז ארויסגעגאנגען אין הויף און דערנאָך האָט זי זיך אומגעקערט צוריק, און זי האָט אַלס געזאָגט: איך דאַרף זעהען נחמנ'ען...

— אנ'אומגליקליך מיידעל! — האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען מיט אמאָל.

— איהר האָט זי ליעב? — האָט זיך דערהערט אין דער פינסטער א שעמעוודיג און ציטערענד קול'כעל.

— איך ווייס ניט, מייטע, נאָר איצט ווערט מיר צוריסען דאָס הארץ פאר וועהטאָג. איך וואָלט מיין גאנץ לעבען פאר איהר אוועקגעגעבען.

עפּיס איז פּערציטערט געוואָרען ביי דער טהיר. ס'האָט זיך דערהערט אַ טיפער זיפץ... ער האט אבגעהאַקט... נחמן האָט זיך א־נגעהערט זעהר אויפמערקזאם.

— מייטע — האָט ער א רוף געטהון — מייטע.

קיינער האָט זיך ניט אבגערופען. ס'איז אריינגעקומען טשארנע און האָט גוטמוטהיג געפרעגט:

— איהר דארפט עפּיס, נחמן?

ער האָט גאָר ניט געענטפערט און די אלטע האָט געזאָ־ט, דרעהענדיג זיך אויף און אָב איבערן צימער:

— אנ'עלטערער מענש דאַרף עפּיס האָבען און א יונגען איז די גאנצע וועלט וויניג. איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה פון איינעם א מענשען און איהר וועט זיך דערפון קאָנען עפּיס אָבלערנען. וואו איז עס פערפאלען געווארען מייטע? מייטע, מייטע... איהר זעהט — נישטאָ זי. וועגען דעם איז אויך פערהאן א שעהנע געשיכטע. אמאָל איז ביי א קייסער...

— ווארט אוים — האָט איהר נחמן איבערגעשלאָגען, איינהערענדיג זיך צו עפּיס — מען שרייט, דאכט זיך, עפּיס אין הויף.

די אלטע האָט פערשטעקט דאָס טיכעל הינטער די אויערען און האָט זיך איינגעהערט.

— יאָ, יאָ — האָט זי געזאָגט — מען שרייט. א מענש קאָן ניט אנדערש. ער מוז שרייען. ער ווערט געבוירען מיט א געשריי און אין געשרייען געהט דורך זיין לעבען...

נחמן איז אויפגעשפרונגען פון אָרט. דער רעש איז געוואָרען אלס שטארקער. פערשידענע קולות האָבען זיך געריסען אין שטוב אריין, ווי דורך אָפענע פענסטער.

— דאָס איז ביי סימען — האָט טשארנע ערקלערט לסוף — מיט איהרע אומגליקען דערמאָנט זי מיך די מעשה מיט יענעם, וואָס האָט איין מאָל א גענעץ געטהון און האָט ניט געקאָנט פערמאכען דאָס מויל. נאָר נחמן האָט שוין ניט געהערט. ער איז ארויסגעלאָפען פון צימער. אין הויף האָט זיך אויפגעקליבען אנ'עולם. אלע שכנים זענען ארויס פון זייערע שטיבער און סימע האָט וועגען עפּיס געשריען, אָנווייזענדיג אויף דער קרומער איטען.

מיכעלע האָט זיך געהאלטען נעבען איהר און ער האָט געבעטען, כליפּענדיג:

— גענוג, מאמע, גענוג. הער שוין אויף.

— קיינער וויים ניט מיין הארץ! — האָט סימע אויסגעשריען, אוועקשליידערענדיג פון זיך דאָס ייִנגעל. זי האָט אין צער אָנגעקוקט דעם ארומיגען עולם און איהר קול האָט זיך ווידער געבראָכען אין א געוויין. איך בין עלענד, ווי א שטיין. ווער וויל רחמנות האָבען אויף א קראנקער אלטער אידענע?

— זאָגזשע, וואָס איז געשעהען? — האָט זי אומגעדולדיג איבערגעשלאָגען א שכנה פונ'ם הויף.

— דו פרעגסט מיך? איך וועל דיך פרעגען. אין שטאָדט דארף זיין עפּיס אנ'עלטערע, זאָג, ניט אזוי? אָט איז איטע ארויס פון שפּיטאָל... נאָר דער וואָס זיצט אויבען און זעהט אלסדינג — ער ווייסט נאָר, ער ווייסט, וואָס מיין הארץ האָט אריבערגעטראָגען. געווען א בושה, געווען סם־המות. שפּיטאָל, א מפּיל. געוועזן אלע וועהטאָגען — פרעג איך אלעמען וואָס בין איך שולדיג? איך האָב איהר דען געהייסען זיך פערליעבען אין דעם דאָזיגען באנדיט... זי איז געקומען פון שפּיטאָל — איך האָב איהר קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. פונ'ם ערשטען אָווענד האָט זיך עס אָנגעהויבען: איך וויל זיך סמ'ען, איך וויל זיך סמ'ען.

— דו רעדסט נאָך — האָט זי איטע איבערגעשלאָגען מיט כעס.

— איהר הערט: איך רעד... .לעהרען מיך אויס שווייגען.
ווייז מיר ווי אזוי מען טהוט עס. איך קום אויף דער נאכט א היים א דער׳הרג׳עטע. פרעג איך אייך, נאך וואס דארף מען מיך פיינעגען? איך בעט ביי זיי ניט קיין ליעבע, נאר זאל מען מיך לאזען אב־רוהען. און ס׳הויבט זיך אן...

— גענוג, מיין מאמע — האט זיך ווידער דערהערט מיכעלע׳ס פערוויינט קול — גענוג.

דער עולם האט געשוויגען. די ווייבער זענען געשטאנען פער־לייגט די הענט אויפ׳ן הארצען און האבען פערביטערט גערעדט צווישען זיך. אלטע לייט האבען, מיטפיהלענד, געשאקעלט מיט די קעפ. ניט האבענדיג קיין כחות צו קעמפען מיטן נייעם לעבען, וואס האט הפקר געמאכט זייערע טעכטער, האבען זיי געפרעסט די ביי־נעריגע פויסטען און געווארפען האבען זיי אין דער לופט זייער צארען:

— מען דארף זיי דערשטיקען, דערשטיקען!

נחמן האט געקוקט אויפן קרומען מיידעל, וועלכע האט אזוי פיעל איבערגעליטען. זי איז געשטאנען אין א דראהענדער פאזע און מיט ווילדע בליקען האט זי געקוקט אויפן עולם.

— ס׳איז מיר א בושה — האט זי געשריען פון צייט צו צייט — דאס טהוט א מאמע...

— און קוקט אן די צווייטע — האט סימע ווידער געגוואל־דעוועט. זי איז צוגעגאנגען צו איהרע פענסטער און האט געוויזען אויף פרומען — וואס וועט איהר זאגען אויף מיין אומגליק? אט איז זי געקומען מיט אונטערגעשלאגענע אויגען. ווער האט איהר געשלאגען, פרעגט איהר? וואו איז זי געווען? און פייצשע איז נאך נישטא...

זי האט מיט אמאל א פאטש געטהון מיט די הענד און האט ווילד אנגעהויבען צו יאמערען, ווי זי וואלט ערשט איצט פער־שטאנען דאס גאנצע גרויזאמקייט פון איהר לעבען.

— מיין מאמע — מיין מאמע!...

דער עולם האט זיך לאנגזאם פערנאנדערגעגאנגען. אנ׳אלטע אידענע א שכנה האט אנגענומען סימען פאר א האנד און האט זי אוועקגעפיהרט צו זיך. אויף דער שוועל איז געשטאנען פרומע. זי

האָט זיך געוויגט אין אַלע זייטען און, ווענדענדיג זיך צו צוויי מיידלעך פון דער צווייטער טהיר, האָט זי געפרעגט:

— איך בין שכור? ניט אמת, איך האָב נאָר אויסגעטרונקען אַ קליין גלעזעלע זיסען בראָנפען. אפשר צוויי... און איצט איז מיר אַזוי פרעהליך. איך פיהל ניט, אַז איך לעב.

— זי איז שכור — האָט סימע געזאָגט אויפ'ן אויער דער אַלטער שכנה, וואָס האָט זי געפיהרט איבער'ן הויף — ווען עמצער דער'הרג'עט מיך, וואָלט איך געבענשט זיינע הענד...

— מאַמע, דו ביזט אין כעס — האָט פרומע געלאַכט — נאָר איך הער דיך ניט. מאמע, וואָס איז דאָס גאנצע לעבען אַזוינס? אַ ביסעל פיין, אַ קללה... אַזוי בין איך אַ ביסעל פרעהליך. דיינע קוישען צו טראָגען וועל איך נאָך צייט האָבען...

נחמן האָט מעהר קיין כח ניט געהאַט עס אויסצוהערען און ער איז ארויס אין גאַס. ער האָט זיך געלאָזט געהען צו נעסי'ן. גע־שטארקט האָט ער זיך ניט צו טראַכטען פון קיין זאַך און ניט פערלירען דעם מוט. איבער זיין קאָפּ האָבען זיך געטראָגען געדיכט־גראָהע וואָלקענס און דער מילך־בלאַסער הימעל, אַ בעלויכטענער פון לבנה־שיין האָט זיך געטונקעלט טיף אין דער נאַכט. ס'האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטאַרקער ווינד. די קורצע שאָטענס פון די הייזער האָט איינגעשלונגען די פינסטערניש.

— באַלד וועט געהען אַ רעגען — האָט ער אַ טראַכט געטהון אין אומרוה.

ס'האָט געגעבען אַ בליץ און דעם הימעל האָט עס דורכגע־שניטען אויף צוויי העלפט, ווי מיט אַ שאַרף פון אַ שווערד. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט פּאָספאָר און ס'האָט אויסגעשאָסען אַ דונער. נחמן האָט דערפיהלט דעם רעגען איבערן קאָפּ און ער האָט פערגרעסערט זיינע טריט. ארום האָבען געקנאַקט די בוימער, גערוישט האָט עס פון די טעלעגראַפען־סלופּעס און ביי די וועגד האָט זיך געטראָגען אַ פייפעריי פונ'ם ווינד, וועלכער איז מאָ־מענטענווייז געווען אַזוי שטאַרק, אַז נחמנ'ען האָט זיך געדאַכט, דאָס ער הערט גאָר ניט.

— איך וועל זי שוין ניט זעהען — האָט ער געטראַכט אַ צורודערטער, אריינגעהענדיג אין הויף.

אין דער וואוינונג פון דן דעם בעטלער איז געווען ליכטיג.

נחמן האָט אַ קוק געטהון אין פענסטער און האָט דערזעהען די אַל־טע העניע. נעסי איז אין שטוב ניט געווען. ער איז ארויס אין גאַס, בעשליסענדיג אויסצואווארטען אויף איהר. אַ נאַסער און אַ דער־פרויהרענער האָט ער זיך צוגעטוליעט צו דער וואנד און האָט זיך איינגענארעט אין זיך אליין. לאנגזאם האָט זיך געצויגען די צייט. דער רעגען האָט זיך געשטארקט און ס'האָט זיך געדאכט, אַז אין דער נאָהנט האָט מען עמיצען געשמיסען. ס'האָט אויפגעהערט און דערנאָך האָט ווידער אָנגעהויבען צו רעגענען. פון דער שטאָדט האָט זיך אַמאָל דערהערט דער וויינענדיגער קלאנג פון'ם זייגער־טורעם.

— שוין שפּעט — האָט נחמן פויל געטראַכט — וואו קען זי עס זיין?

ער האָט ווידער געווארט. דער רעגען איז שטילער געוואָרען. אין דער ווייטער הויכקייט, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר די אויגען, האָט זיך אויסגעלייטערט דער הימעל און געווען איז ער עהנליך אויף מאט־בלאסען גלאָז. ס'האָט זיך בעוויזען די לבנה, בעלייכ־טענדיג די גאַס. ווידער האָט מיט אַ געוויין געשלאגען דער שטאָט־זייגער.

— איך וועל זיך אויף איהר ניט דערווארטען — האָט זיך נחמן אַ צאַפּעל געטהון, דערפיהלענדיג מיט אמאָל, אַז ער שטעהט דאָ אומזיסט.

ער איז אוועק פון דער וואנד. איינגאנצען אַ בעהערשטער פון טרויער און אומעט האָט ער געשפּאנט איבער די קרומע טראָטוארען פון גאַס. ווי שרעקליך איז געווען דאָס לעבען דאָ אין דער פאָר־שטאָדט! וואָס ברייטער זי האָט זיך געעפענט פאַר זיינע אויגען, אַלץ גרעסער איז געוואקסען עפּיס מורא'דיגס, אזוינס, וואָס איז געווען שווער, ווי בליי, און דער קלאָרער געדאנק איז קעגען דעם געווען אַזוי אומבעהאָלפען, ווי אַ מענש, וואָס אויף איהם איז ארויפ־געפאלען אַ בארג. דאָס לעבען האָט זיך געטראָגען אין קליינקייט און שכרות און ער האָט פאַר קיין אופן נאט געקאָנט פערשטעהען פון וואנען ס'קומט איבערהויפּט דאָס שלעכטס און ווער איז דער אמת'ער שונא פון'ם מענשען.

יעדערער האָט דאָ געטהון נאָר דאָס, וואָס האָט איהם איבער־הויפּט פער'מיאוס'ט דאָס לעבען. און געווען איז עפּיס אין דעם

א בלינדער גורל. אייניגע זענען געלאָפּען פון דער פאַרשטאָדט און זענען ערגעץ אומגעקומען און אנדערע זענען פערלוירען געגאנגען דאָ אויפן אָרט. אין דער פאַמיליע איז ניט געווען קיין אייניגקייט און קיין אחדות. די אלטע האָבען פיינד געהאט די יונגע און די יונגע האָבען ניט געקאָנט ליידען די אלטע. מען פלעגט זיך דאָ סמ'ען פון פערצווייפלונג און ענטוישונג. ס'זענען אומגעקומען עופה'לעך פען דער מוטער'ס ברוסט. ניט דערוואקסענע יוגענד־קינ־דער האָבען גע"שכור'ט. מען האָט געשפּיעלט פארן לעצטען גראָ־שען. אומעטום און אין אלס האָבען די דאָזיגע אומהיילבארע פּורעניות'ן געלויערט און געשלאָגען איבער די איינוואוינער פון דער פאַרשטאָט.

נעבען טויער פון זיין היים האָט איהם אָנגעיאָגט עפּעס א פרוי און, אריינקוקענדיג איהם אין פּנים אריין — האָט זי ליידענ־שאפטליך געשטאמעלט:

— דאָס זענט איהר, נחמן? — פון וואנען איז עס אזוי שפּעט?

נחמן האָט זיך אומגעקוקט א דערשראָקענער און האָט דער־זעהען נעבען זיך פייצשען.

— איהר קומט אויך א היים ניט גאָר פריה — האָט ער גע־זאָגט מיט פערדרוס.

— אזוי גאָר — האָט זי געענטפערט, בליצענדיג מיט די אויגעלעך — איהר זענט אין כעס?

זי האָט איהם א צי געגעבען פאר'ן האנד, א שמייכעל געטהון און האָט איהם א צוטומעלטען אָנגעהויבען צו קושען.

— איהר זענט אזא זיסער — האָט זי געמורמעלט אין דער שטיל — אייער פּנים איז ווארים...

— איהר זענט משוגע געוואָרען, פייצשע — האָט ער גע־זאָגט, רויט ווערענדיג און דערביי האָט ער געפיהלט אז ער איז אָנמעכטיג צו כעס'ן זיך אויף איהר — הערט שוין אויף! ווידער אמאָל האָט איהר אָנגעהויבען?

נאָר זי האָט שוין דערקענט אין זיין קול וואָס עס טהוט זיך מיט איהם און זי האָט זיך אלץ פעסטער געטוליעט און גע־שלעפּט איהם וואָס ווייטער פון טויער. ער איז איהר נאָכגעגאנגען און האָט געשטאמעלט:

— אַ פינסטערע בושה, פּייצשע. איך בעט אייך, איהר זענט אזא יונגינקע...

און זי האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער, געהאנגען זיך איהם אויפ'ן האַלז, היים געקושט און געזאָגט שטיל:

— זענט ניט בייז. איהר געפעלט מיר אזוי. איך האָב זיך שוין לאנג געזאָגט: נחמן וועט זיין מיינער... איך וועל אייך ניט פערבינדען. ניין, ניין. גיט נאָר זיך אָנזעטיגען מיט אייך און דערנאָך געהט אייך וואוהין איהר ווילט. נעהמט מיך ארום. נעהם מיך ארום! זעה, נחמן. פון דיינע אָרעמס זעהט מען ניט ארויס, דו קאָנסט זיך ניט קושען... נחמן טייערער!...

זי האָט איהם דרייסט גענומען אונטערן האנד און ער איז אונטערטעניג אוועק נאָך איהר.

ס'האָט שוין געטאָגט ווען נחמן איז געקומען א היים. אין פּאָדער־שטוב האָט ער דערזעהען מייטען. זי איז געזעסען אויף א בענקעל און איז געשלאָפען, נאָר דערפיהלענדיג זיינע טריט, האָט זי זיך אויפגעכאפּט. זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר אָרט און איז געשווינד אוועק אין א זייט.

— אזוי שפּעט — האָט זי ארויסגעשטאמעלט.

נחמן האָט איהר גאָר ניט געענטפערט. מיט עקעל צו זיך אליין איז ער אוועק צו זיך אין צימער...

אין דער פינסטער האָט זיך געהערט א פערשטיקט כליפּעריי. ווער האָט עס געוויינט?...

VII

מיט יעדן טאָג האָט זיך מייטע אַלץ מעהר איינגעליעבט אין נחמנ'ען, מיט יעדן טאָג... ווי אַ קרענק איז עס ביי איהר געווען, וואָס עפענטליכער ער האָט זי אויסגעמיידט, אַלס העהר האָט זי זיך געצויגען צו איהם. זי האָט ניט געהאט קיין בושה און קיין מורא ארויסצואווייזען איהרע געפיהלען. אַ שווייגענדע און אַנ'אויפ־מערקזאמע האָט זי מעהר ארויסגערעדט וועגען דעם, ווי זי וואָלט עס ערקלערט מיט הייסע ווערטער און דבורים. זי האָט ניט פערשטאנען ווי אזוי דאָס איז געשעהען, און, ערוואַרטענדיג איהם, האָט זי זיך יעדעס מאָל געפרעגט אין שרעק: איך האָב ליעב נחמנ'ען? און מיט דער ווילדער שעמעוודיגקייט פון אַ קינד, האָט זי זיך געענטפערט: ניין, ניין.

ווען ער פלעגט קומען אַ היים, האָט זי שווייגענדיג גערעדט מיט איהם, געקריגט זיך, ווידער גוט געוואָרען און געקאפריזעט ווי ער וואָלט זי אזוי ליעב געהאט, דאָס ער קאָן אָהן איהד שמייכעל ניט לעבען. גאַנצענע טעג איז זי געווען אין דער היים. דאָס גרעט וואשען און אַנדערע שווערע ארבייטען, פון וועלכע ס'האָט גע־בראָכען די ביינער און גענאָגט אונטערן הארצען, זענען ביי איהר איצט פאריבער אין געזאַנג און שיינענדיגער פרייד פאר די אויגען, וואָס די גאַנצע שטוב האָט פאר איהר געאָטעמט מיט נחמנ'ען און אַלס איז דאָ געווען צוליעב נחמנ'ען, ווייל ער, נחמן, וועט קומען אין אָווענד און וועט זאָגען: מייטע, גיב מיר וואסער ארומצואוואשען זיך, און זי וועט הערען, ווי אזוי ער גיסט זיך מיט דער וואסער. דערנאָך וועט ער אַ געוואַשענער, אַ געזונדטער און אַ שעהנער זיך זעצען טרינקען טהיי און זי וועט איהם בעדינען. און ער וועט דער־

פאַר אויף איהר אַ קוק טהון מיט זיינע גרויסע אויגען, אין וועלכע זי וואָלט זיך געוואָלט דערטרינקען.

— איך האָב ליעב נחמנ׳ען — איך האָב ליעב, איך האָב ליעב.

דער טאָג פלעגט איהר דורכלויפען אין אַ גליקליכער דערוואַר־טונג און די גוטע שעה׳ן זענען אוועק געשווינד צו דערנעהענטערען די מינוט פון זיין קומען. ער איז געוועזן אומעטום. אין אַלע ווינ־קעלעך איז געשטאַנען פאַר איהר דער שאָטען פון זיין געשטאַלט. פון גליק פלעגט זי פערמאַכען די אויגען, ווי ער וואָלט דאָ געוועזן אין דער ווירקליכקייט און האָט ניט געקאָנט אָברייסען זיין בליק פון איהר. זי האָט געקושט זיינע זאַכען, געהאַלטען זיי יעדעס מאָל אין די הענד אָנצוזעטיגען זיך מיט דער פרייד, וואָס זי קומט מיט איהם אין אַ וועלכער עס איז בעריהרונג. אהן אַ סוף האָט זי זיך ארומגעדרעהט ביי איהם אין צימער. זי פלעגט זיך שטעלען ביים פענסטער, נאָכטהוענדיג איהם אין זיין געוואוינהייט און זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו קוקען אויפען וואַנד פון דער הויז, אזוי ווי ער און טראַכטען מיט זיינע געדאַנקען. איהר׳ס איז אַליסדינג געוועזן ניט אָנגענעהם! איהרע קליידער, איהר אייגענער קערפער און בעוועגונגען און זי האָט דורכאויס געזוכט ווי אזוי איינפאַסען זיך אין איהם. זי איז געגאַנגען איבער׳ן צימער מיט לאַנגזאַמע טריט און, נאָכמאַכענדיג נחמנ׳ס קול, האָט זי אין אַ תמימות׳דיגער אויפ־רעגונג געזאָגט שטיל:

— קיין דלות טאָר ניט זיין — מען דאַרף קענען וועהלען. און דער דלות איז אַ שלעכטער גאָט. אָהן אַנ׳אויפהער שלאָגט ער מענ־שען, — דאָס געשטאַלט פון אַ שלעכטען בעל־הבית איבער די שוואַכע קנעכט, — דער דלות האָט זיך געטראָגען אין די זיסע קלאַנגען פון ליעבע. — און פון די דאָזיגע ווערטער האָט זיך ביי מייטען טיף אין הארצען עפּיס בערוהיגט.

ווי נאָר דער הויף פלעגט איינשלאָפען און דאָס פייער אין די פענסטערלעך איז אויסגעלאָשען געוואָרען, האָט זי זיך ארויסגע־גנב׳עט פון שטוב, וואו די מוטער איז געשלאָפען, און מיט ציטע־רענדע טריט איז זי ארויסגעגאַנגען צו נחמנ׳ען, וועלכער איז גע־זעסען ביי דער שוועל. ווי אַ הערשער האָט ער איהר אויסגעזוהען. ווענען וואָס האָט ער געטראַכט? אין אַ קרום־בלויען פאַס האָט זיך

געהויבט דער אויסגעשטערנטער הימעל איבער׳ן וואנד פונ׳ם הויז. ווייך און צארט האָט עס זי געצויגען אין דער ווייטעניש.

— איך וועל איהם זאָגען — און זי האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס זי וויל איהם זאָגען — איך וועל איהם זאָגען... נחמן...

א שטיל געמורמעל האָט זיך געהערט נעבען איהר און זי האָט אויפגעציטערט אין שרעק.

— נחמן, נחמן? האָט זי עס אָנגערופען זיין נאָמען?

און זי איז ענטלאָפען אין שטוב, ניט וואגענדיג איהם צו בעאומרוהיגען.

אמאָל פלעגט איהר נחמן דערצעהלען פון זיין לעבען. זי האָט, אונטערשפארענדיג מיט די הענד דאָס גאָמבעלע, איהם געהערט און געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס. מיט א שטיל קול׳כעל פלעגט זי איהם איבערשפארען פון צייט צו צייט, נאָר ניט דרייסט און ניט זיכער, ווי זי וואָלט געוואָלט דערווייזען זיך אליין, אַז ער איז אומעטום און אין אלץ גערעכט. זי האָט שוין אויך געוואוסט וועגען נתנ׳ען נאָך וועלכען נחמן האָט ניט אויפגעהערט צו בענקען און זי האָט נחמנ׳ען געאייפערט צו איהם און צו אלעמען. און ווען זי האָט געטראכט, אַז ער קאָן ליעב האָבען אנ׳אנדער מיידעל, דאן האָט זי צוגעמאכט די אויגען און גע׳חלומ׳ט האָט זי נאָר וועגען טויט.

אין עטליכע טעג ארום נאָך דעם ווי פייצשע איז ייך צונויפגעגאנגען מיט נחמנ׳ען, איז מייטע מיט איהר געזעסען ביי סימען נעבען דער טהיר און זי האָט לעבהאפט דערצעהלט וועגען נעסי׳ס אנטלויפען פון דער היים. אין הויף איז געווען פינסטער. איבער די קעפּ איז געהאנגען דער הימעל בעשפּרענקעלט מיט די זילבערטראָפּענס פון די לייכטענדע שטערען און די נאכט־שטימונג האָט דערנעהנטערט די ביידע מיידלעך. ס׳האָט זיך זיי געדאכט, אַז זיי זענען אייגענע שוועסטער. פון דער שטוב האָט זיך דערהערט סימע׳ס קול. זי האָט גערעדט מיט דינה׳ן און ס׳איז עפּיס געווען א פרייד, וואָס עס זענען עלטערע מענשען, וועלכע וועלען אלסדינג פערענטפערן און איינאָרדענען.

— איך מיין, אַז זי וועט זיך אומקערען — האָט שטיל געזאָגט מייטע, אונטערשפּארענדיג, אויס געוואוינהייט, מיט די הענד דאָס גאָמבעלע, האָט זי זיך די דינע פינגער איהרע געביסען — זי וועט

זיך אומקערען. זי איז א ווילד מיידעל און די שטאָדט וועט איהר גיך נמאס ווערען.

— מיך פּייניגט עפּיס אַנדערש — האָט פּייצשע געענטפערט — וואו קאָן זי זיין? איך האָב אויך ליעב די שטאָדט, נאָר דאָרטען זענען פערהאַן טויזענדער וועגען. אמאָל האָב איך געטראַכט פון א גביר. ער האָט זיך געדאַרפט אין מיר פערליעבען און... און צו פערצעהן יאָהר איז מען אזא נאַרעלע נעבעך.

— איך האָב אויך פון עפּיס געטראַכט — האָט מייטע גע־זאָגט, הויבענדיג די אויגען צום הימעל — נאָר וועגען דער שטאָדט און וועגען רייכקייט האָב איך קיין מאָל ניט געטראַכט. די מאַמע האָט מיר דערצעהלט אזעלכע שעהנע מעשות... איך האָב געטראַכט וועגען א גוטען מענשען. ער האָט געדאַרפט זיין א גוטער, פּייצשע, זעהער א גוטער. איך האָב קיין מאָל ניט געזעהען קיין שעהן פערד, נאָר איהם האָב איך געזעהען רייטען אויף אזא שעהן פערד. מיר האָט זיך געדאַכט, אז דאָס פערד איז אויך גוט. און איצט טראַכט איך אויך — האָט זי צוגעגעבען מיט א זיפץ — ווען ניט דאָס, וואָלט איך ניט געקאָנט ארבייטען.

— נעסי האָט געוואָלט רייכקייט — האָט פּייצשע ארויסגע־רעדט א פערטראַכטע — יאָ, רייכקייט. דערפאַר האָט זי אין ערגעץ ניט געארבייט. ט'זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען אויף קיין פּלאַץ. מען פלעגט זי צונעהמען פאַר איהר שענקייט, נאָר זי איז א בעל־גאוה'טע. אלעמען פלעגט זי אָבזאָגען. אָ, איהר וועט זיין שווער צו לעבען! דו ווייסט נאָך ניט, מייטע, וואָס דו וועסט האָבען אויף דער פאַבריק...

— איך וועל שטאַרבען אנ'עהרליכע, פּייצשע — האָט מייטע געענטפערט, רויט ווערענדיג — איך שווער דיר!

— איך גלויב ניט, מייטע. אָט האָב איך ניט אויסגעהאַלטען. איך האָב דען געוואָלט? נאָר ס'שלעפּט, ס'שטויסט, אָט זעה, פיער מיידלעך זענען מיר אין שטוב און דריי זענען שוין קאליע גע־וואָרען. אפילו די קאליקע איטע האָט ניט אויסגעהאַלטען, און איך האָב נאָך צו פופצען יאָהר עס גע'פּטור'ט...

— אנ'אמת? — האָט זיך ביי מייטען ארויסגעריסען אין שרעק.

— איך וואָלט גאָר ניט געוואָלט ס'זאָל זיין א ליגען. דו ביזט

א נארעלע... איך קען מיידלעך ניט קיין שעהנע, וואָס זענען גרייט צו ארבייטען א יאָהר אומזיסט, אימעצער זאָל זיי נאָר וועלען. דאָס עפּענט א וועג, מייטע. פעררדינענדיג זעקס אָדער אכט רובעל א חודש, קען מען דען לעבען, זיין זאט און געהן אָנגעטהון ווי א מענש... זי האָט זיך איבערגעזעצט נעהנטער, ניט צו הערען דער מאמעס קול און זי האָט איהר געזאָגט שטיל:

— צו פופצעהן יאָהר האָב איך מיר אָבגעטריבען א קינד, ווייל איך בין געווען טראָגעדיג. נאָר איך בין שוין צו דרייצעהן יאָהר קיין מיידעל ניט געווען. ווי אזוי האָט זיך עס געטראָפען? אויב מיט דיר איז דאָס נאָך ניט געווען — פרעג ניט. איך אליין האָב מורא צו דערמאָנען זיך וועגען דעם. דו האָסט שוין אמאָל ליעב געהאט, מייטע?

מייטע האָט אין שרעק אויף איהר א קוק געטהון און ציטער־רענדיג מיט אלע איברים, האָט זי געזאָגט אין איילעניש:

— דאָס איז געווען שרעקליך, דאָס איז געווען אזוי שרעקליך...

— דו ווילסט ניט זאָגען — האָט זיך פייצשע גע׳כעס׳ט, און איך האָב געמיינט, אז נחמן...

זי האָט זיך צולאַכט, דערמאָנענדיג זיך, ווי אזוי גרינג זי האָט איהם בעהערשט און ווי אזוי ער האָט געברענט פון איהרע קושען. זי האָט זיך שיעור ניט ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט.

— נחמן איז נאָך נישטאָ — האָט מיט א זיפץ געזאָגט מייטע. ווייזט אויס ער האָט קיין געלד ניט געקריגען און וועט מוזען אָבלאָזען אין מארק די שטעל.

— ווי אזוי דו דערמאָנסט זיין נאָמען — איז פייצשע ניט אָבגעטראָטען — אפשר האָט זיך עס שוין אָנגעהויבען?...

— מאמע, ווען דו וועסט פערשטעהען — האָט זיך דערהערט דינה׳ס קול — וואָס עס הייסט אידישקייט, וועסטו גלויבען...

— וועגען וואָס ריידען זיי עס? — האָט מייטע געפרעגט ער־שטוינט.

— הער ניט — האָט אָבגעהאקט דאָס מיידעל — א אידישע מלוכה... א מלוכה. איך וויים ניט, ווי אזוי איך וועל ענדיגען מיין לעבען — האָט זי מיט אמאָל ארויסגערעדט אין אומעט און טרעה־רען האָבען זיך געוויזען אין איהרע אויגען — איך בין א לעבעדיגע, מייטע. איך בין א לעבעדיגע... איך בין א מיידעל און פון צעהן

יאָהר אָן האָב איך געדאַרפֿט פֿערדינען, ווי א מאַנסביל. א מלוכה... איצט בין איך ניט קיין מיידעל, נאָר דאָס שפּייזט מיך ניט. איינגיכען. וועט גאָר אויסקומען ארויסצוגעהען אין גאס, ווייל די מאַמע איז אַלט און קראַנק און איטע איז דאָך א קאַליקע...

מייטע האָט זיך געפֿיהלט, ווי עמעצער וואָלט איהר מיט עפּיס שווער געדראָהט און זי האָט געבעטען שוץ פֿאַר זיך, און ווידער האָט זי ארויסגעשטאַמעלט:

— איך וועל שטאַרבען אנ׳עהרליכע. איך שווער.

פֿון דער פֿינסטער האָבען זיך ארויסגעשאָטענט צוויי געשטאַלטען. פּייצשע האָט זיך איינגעקוקט און זי האָט געזאָגט הויך:

— דאָס איז פֿרומע מיט מאַניע׳ן. אָט אויף וועמען ס׳איז א רחמנות. ביידע נאַרעלעך און וועלען פֿערבערענט ווערען, ווי די ליכטעלעך. איבערהויפּט פֿרומע.

זי האָט זיך געלאָזט געהען צו זיי און אלע צוזאַמען האָבען זיי אָנגעהויבען צו ריידען פֿון עפּיס. מייטען האָט זיך נאָך ניט געגלוסט אוועקצוגעהען, איז זי געבליבען וואַרטען. ס׳האָט זי איצט בעפֿאַלען עפּיס אנ׳אומרוהיגקייט. זי האָט קיין מאָל ניט געטראַכט וועגען זיך. עפּיס איז זיכער געווען אז איהר וועט אויסמיידען דער טרויעריגער גורל פֿון אנדערע מיידלעך אין דער פֿאָרשטאָדט און זי האָט זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, אז מיט איהר זאָל אויך אזוינס פֿאָרקומען. זי איז ניט להוט געווען נאָך קיין שעהנע קליידער און אנדערע גוטע זאַכען. מענער האָט זי אויסגעמיידט און זי האָט שרעקליך מורא געהאַט פֿאַר אויסגעלאַסענקייט... נאָר פּייצשע האָט זי אויפֿגערעגט. עפּיס האָט עס אויסגעזעהען, ווי ס׳וואָלט זיך איהר גע׳חלום׳ט א שלעכטער חלום וועגען זיך אליין און זי האָט געוואוסט, אז ער וועט מקוים ווערען.

— עפּיס האָב איך מורא — האָט זי געטראַכט, ציטערענדיג פֿון איהרע פֿאָרגעפֿיהלען — פֿאַר וואָס האָב איך מורא?

פֿערביי איהר איז דורכגעלאָפֿען די זיבען־יאָהריגע בליומקע און מייטע האָט זי געפֿרעגט מעכאַניש:

— וואוהין לופֿסטו, בליומקע?

דאָס מיידעלע האָט פֿערזשמורעט די אויגעלעך קעגען דער ליכטיגקייט, וואָס עס איז אויף איהר געפֿאַלען פֿון סימע׳ס קליין

פענסטערל און, אָבשטעלענדיג זיך אויף איין פוס, האָט זי געענט־
פערט מיט איהר זינגענדיג קול׳כעל:

— די מאמע האָט מיך געשיקט קויפען קאווע. ווידער טהוט
איהר וועה אונטערען הארצען.

דאָס מיידעלע איז געווען זעהר קלוג, גוט און פאָלגענדיג. אלע
שכנים פונ׳ם הויף, קינדער און דערוואקסענע, האָבען זי זעהר ליעב
געהאט. זי איז געווען איין קינד ביי א מאמען א שניידערין און זי
האָט די מוטער זעהר ליעב געהאט. זי פלעגט שמייכלען נאָר דאן,
ווען די מוטער האָט זיך גוט געפיהלט. בליומקע האָט אין הויף אויף
אלעמען רחמנות געהאט. זי האָט פערשטאנען די בעדייטונג פון
טויט און אז עמעצער פלעגט שטארבען, האָט זי זיך בעהאלטען
אין שטוב, וואו זי האָט לאנג געוויינט און גאָט געבעטען פאר׳ן גע־
זונד פון אלע מענשען אין דער גאנצער שטאָדט. איצט האָבען זיך
ביי דער מוטער ווידער אָנגעהויבען איהרע הארץ־ספאזמען און דאָס
מיידעלע האָט זי בעדינט, אַ בעהערשטע מיט׳ן געפיהל פון לעבענס־
געפאהר און קינדערישען שרעק פאר׳ן טויט.

— ס׳ציהט זיך איהר צונויף דאָס הארץ — האָט בליומקע אי־
בערגע׳חזר׳ט — איך וועל קויפען קאווע, אייז...

פייצשע איז צוגעקומען אין איינעם מיט פרומען אוןביידע
זענען זיי געווען אין אַ גוטער שטימונג. היינט איז זיך פרומע דאָס
ערשטע מאָל צונויפגעגאנגען מיט אנ׳אמת׳ן הער, וועלכער איז געווען
שעהן אָנגעטהון און האָט זיך ארויסגעוויזען פאר א מענשען מיט
א ברייטער האנד. ער האָט זי בעשטעלט אין דריי טעג ארום ווידער
זיך מיט איהר צו טרעפען. דערביי האָט ער איהר געגעבען צוויי
נייע רובל׳ס און איהר האָט זיך געדאַכט, אז גאנצע פודען מיט זיל־
בער ציהען איהרע קעשענעס צו דער ערד.

— א נויט איז צו ארבייטען! — האָט פרומע געזאָגט הויך
און דרייסט — וואו ס׳איז פערהאן א מיידעל, דאָרטען איז דער
גוטער בעלן. איך וועל מיר קויפען א שעהן היטעלע. פייצשע! זאָל
זיך ארבייטען אויף דער פאבריק, ווער ס׳וויל.

מייטע האָט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהען, פיהלענדיג אז
זי איז דאָ איצט אנ׳איבעריגע. זי איז אַוועק אַ היים. נאָר אויפ׳ן
האלבען וועג האָט זי זיך אָבגעשטעלט מיט פערשפיצטע אויערען,
ווי א האָז. פונ׳ם טויער האָט זיך געהערט נחמן׳ס קול...

— נחמן — האָט זי געטראַכט א דערפרעהטע. זי איז צוגע־לאָפּען צו דער טהיר און האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן שוועל — מיט וועמען רעדט ער עס?

ס׳איז אוועק א היבשע ווײלע. בלױמקע איז שוין געלאָפען צו־ריק, אונטערשפּרינגענדיג אויף איין פוס, ווי איהר טבע איז געווען און שוין האָט זי זיך אריינגעכאַפּט אין שטוב אריין.

— אָ, ווי ס׳קלאַפּט מיר דאָס הארץ — האָט מייטע געטראַכט — איך וועל טראַכטען פון עפּיס אנדערש.

די שטימען האָבען זיך דערנעהנטערט. ס׳איז צוגעגאַנגען נחמן, געאָרעמט מיט עפּיס אַנ׳אומבעקאַנטען יונגען מאַן און, דערזעהענדיג מייטען, האָט ער געזאָגט א דערפרעהטער:

— גוט נ׳אָוונד, מייטע! זעהט וועמען איך האָב געבראַכט. איהר וועט ניט גלויבען. דאָס איז נתן... פון נעכטען אָן זוכט ער מיך און ערשט היינט אין אָוונד האָט ער מיך געפונען ביי די שטעלען.

דאָס מיידעלע האָט זיך פערלאָרען פונ׳ם אומערוואַרטעטען גע־שעהעניש און זי האָט ניט פערשטענדליך אַרויסגעשטאַמעלט:

— נתן, וועלכער נתן?

— מיין חבר, מייטע, דער זעלנער. איהר געדענקט דען ניט? קוקט איהם אָן! אָט דאָס איז ער נתן, נתן...

ער האָט גערעדט מיט א דערפרעהט קול און איז געווען אוי־בער׳רעש׳ט, נאָר מייטען האָט זיך געדאַכט עפּיס טרויעריגעס אין זיינע בענעמונגען.

— קומט אַריין אין שטוב — האָט זי געזאָגט, ניט קענענדיג זיך דערמאָנען נאָך אַלץ וואו זי איז אין דער וועלט — איהר וועט מיר שפּעטער דערצעהלען. אפשר אויפוועקען די מאַמען?

— ניין, ניין — האָט נחמן געבעטען — מען דאַרף קיינעם ניט וועקען.

מייטע האָט א בליק געוואָרפען אויפן גאַסט און אין האַרצען איז איהר עפּיס געוואָרען ניט היימליך פון ענטוישונג. זי האָט זיך ווידער אין איהם איינגעקוקט און ניט געווען אין איהם קיין איין שטריך פון דעם אַלעמען, וואָס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט פריהער. ער איז געווען א דאַרער מיט פערשפּיצטע אַקסלען, אַרומגעוואַקסען מיט א באָרד און אינגאַנצען האָט ער אויסגעזעהען אַנ׳איינגע־בויגענער.

— ער איז קראנק — האָט געטראַכט מייטע.

זי איז אריינגעלאָפֿן צו נחמנ׳ען אין צימער און האָט אָנגע־צונדען דעם לאָמפּ. זיי זענען ביידע אריינגעקומען. ווידער האָט זי אויף איהם א קוק געטהון און זי האָט שיעור ניט פערבראָכען מיט די הענד. דאָ איינקעגען דעם לאָמפּען־ליכט האָט נתן אויסגעזעהען שרעקליך. אין פּנים איז איהם קיין טראָפּען בלוט ניט געווען. די לאנגע ברעמען האָבען זיין בליק ווייכער געמאכט, נאָר די אויגען האָבען איהם פיבעריש געגלאנצט. די שווארץ־געקרויזטע באָרד האָט איהם זיינע איינגעפאלענע באקען ניט צוגעדעקט און טעמפּ־פער־שפּיצט האָבען איהם ארויסגעקוקט די ביידע קינען פונ׳ם אָבגע־צעהרטען געזיכט.

— ער וועט לאנג ניט לעבען — האָט מייטע׳ן געדריקט דאָס הארץ פון רחמנות און זי האָט ניט געוואגט, אויסצורעדען א וואָרט.

נתן האָט זיך מיט אמאָל פערהוסט. פון אָנהויב שטיל, ווי ער וואָלט זיכער געווען, אז עס וועט גלייך אויפהערען און דערנאָך שטארקער. ער איז געוואָרען רויט און בלוי און דער הוסט האָט אָב־געהילכט הייזעריג־פערשארפט, ווי מען וואָלט אין א שליסעל־לאָך געבלאָזען. ער האָט זיך אנגעשפּארט מיט די פויסטען און די קני־הען און געטרייסעלט זיך אראָב און ארויף, נאָר מיט אמאָל האָט ער קינדיש געשמייכעלט, זאָגענדיג דערביי:

— וואַרט אויס. איך וועל באלד אויפהערען.

און ער האָט ווידער געהוסט מיאוס און פּיינליך. נחמן האָט אנ׳אויפגערעגטער געשפּאנט אויף און אָב איבער׳ן צימער. פיהלענדיג אויף זיך מייטעס בליק, האָט ער יעדעס מאָל זיך אומגעקוקט צו איהר און געשאָקעלט טרויעריג מיטן קאָפּ.

— איצט גיט מיר אַ ביסעל וואסער — האָט נתן ארויסגע־רעדט מיד, ווישענדיג זיך דעם שוויים פון פּנים.

מייטע איז ארוים פון צימער און נתן האָט געזאָגט געהיימ־ניספול, ווי ער וואָלט געוואוסט עפּים א סוד, וועלכען ער האָט ניט געוואָלט ארויסגעבען:

— וויפיעל איז מיר נאָך געבליבען צו לעבען?

— זאָל זיין, זעץ זיך — האָט מיטליידענד געזאָגט נחמן — וואָס האָבען זיי מיט דיר געטהון?

— נ׳מיר ניט ריידען דערפון, נחמן... איך בין דורכגעגאנגען

א גוטע לעהרע... איצט האָב איך אזא׳ן אוצר, אז איך וואָלט איהם ניט אוועקגעגעבען פארן שטיקעל צייט, וואָס עס איז מיר נאָך געבליבען צו לעבען. איך האָב זיך אונטערגעגעבען, נחמן, און האָב פערשטאנען...

מייטע האָט אריינגעטראָגען וואסער און נתן איז אויפ׳ן האלבען וואָרט שטעהען געבליבען. נחמן האָט ווידער געשפאנט אויף און אָב.

נתן האָט בעטראכט דאָס צימער און לאנג האָט ער געקוקט אויף יעדער זאך בעזונדער. דער נאָך האָט ער געוואָרפען א בליק אויף מייטען:

— דו האָסט זיך דאָ גוט איינגעאָרדענט, נחמן — האָט ער געזאָגט שטיל — איך וואָלט עס קיין מאָל ניט געגלויבט דו זאָלסט זיין אזא בריה...

מייטע איז געזעסען אן א זייט און האָט דורכאויס געקוקט אויף נתנ׳ען, וועלענדיג געפינען אין זיין אויסגעדארט פערגעלט פנים דאָס גאנצע שענקייט און גוטסקייט וואָס נחמן האָט איהר מיט אזוי פיעל ליעבע אָנדערצעהלט. ביסלעכוויים האָט זי אָנגעהויבען געוואוינט ווערען צו זיין קול. עפּיס נאָהנטעס און צארטעס האָט זיך געפיהלט אין זיין יעדעס וואָרט.

— וועגען מיר וועל איך דיר שפּעטער דערצעהלען — האָט זיך אָבגערופען נחמן — ווייניג גוטס און א סך צו דערצעהלען — האָט ער צוגעגעבען, רויט ווערענדיג.

און אין דער אָנגעשטאנענער שטילקייט האָבען זיך הילכיג אָבגערופען זיינע ווערטער:

—איך וואָלט זיך געוואָלט אונטערגעבען, נתן...

אין זיין קויל האָט זיך געפיהלט פערלוירענקייט און אומעט, אויף זיין געוויסען האָט ער געגומען די שולד פון נעסים אנטלויפען. אויך האָט איהם געברענט זיין בעגעגעניש מיט פייצשען, ווי אזוי לייבּ ער איז געפאלען, ווען זי האָט איהם נאָר א רוף געטהון מיטן פינגער. ס׳האָט זיך איהם געדאכט, אז נתן האָט שוין אריבערגעשפּאנט דעם גרויסען בארג און ס׳איז איהם שווער געווען צו זאָגען זיך, אז ער אליין האָט נאָך ערשט געקלעטערט און געדארפט דורכמאכען דעם פיינליכען בארג־ארויף.

— איך בין דורכגעגאנגען די לעהרע — האָט געזאָגט נתן —

און האָב גוט געליטען. און ווען מען קען בעווייזען די נשמה, ווי אזוי זי ווערט געלייטערט נאָך אזעלכע ליידען, וואָלט יעדערער גע־בענשט דאָס מינדעסטע ביסעל פיין. גיב מיר טהיי, נחמן...

אין זיינע אויגען איז געווען עפּיס א מין עקשנות, ווי ער וואָלט געהאַלטען אין די הענד אנ׳אוצר, וואָס ער האָט געפונען און מען האָט עס געוואָלט ביי איהם אָבנעהמען. נחמן האָט א וואונק געטהון צו מייטען און, אז זי איז ארויס פון צימער, זענען זיי ביידע גע־זעסען שווייגענדיג.

דאָס מיידעל האָט גלייך אריינגעטראגען געזאָטענע וואסער. זי האָט פערבריט טהיי, אָנגעגאָסען אין די גלעזער און געגעבען נחמנ׳ען מיט נתנ׳ען צום טרינקען. אליין האָט זי זיך ווידער אוועקגעזעצט אין א זייט.

— איך האָב געוואָלט פרעגען — האָט זי געזאָגט שטיל — ניט אלע מאָל ליידען דען מענשען פון צרות? זי האָט געמאכט א בע־וועגונג — אָט דאָ איז פערהאן א מיידעל... פייצשע... איז זי זעהר א ליידענדע.

נחמן האָט א קוק געטהון אויף מייטען. עפּיס איז ווי א שאָטען דורכגעלויפען פערביי און האָט זי פערשטעלט פון איהם.

— איך וועל איבערריידען מיט איהר — האָט געטראכט נחמן.

— מענשען מאטערען זיך פון צרות — האָט נתן געענטפערט

— איך ווייס עס. נאָר שולדיג, מייטע, אין דעם זענען מענשען, ניט די צרות.

— איך פערשטעה ניט — האָט נחמן איהם איבערגעשלאָגען.

— גיט מיר נאָך טהיי... אין לעבען, נחמן, דארף מען זיך אזוי איינאָרדענען, מען זאָל קאָנען ליעב האָבען דאָס ביסעל פיין. מיט דעם קאָן מען זיך ראטעווען. מען דארף בעשענען די צרות. זעהט, מייטע! — ער האָט אויפגעהויבען ביידע הענד און האָט זיי אזוי געהאַלטען — דאָס לעבען איז ליידען, דאָס לעבען איז פיין און מען מוז עס פערענדערען אין א ביסעל פערגעניגען. ווען מענשען קענען שוין...

ביי מייטען האָט זיך פערדרעהט עפּיס אין קאָפּ, ווי נתן וואָלט אויפגעעפענט א טהיר אין א נייער וועלט אריין און זי האָט אהין אריינגעקוקט. איצט זענען איהר קלאָר געוואָרען פייצשעס ווערטער.

די צרות האָט זי פערענדערט אין פערגעניגען. די בושה איז ביי איהר געוואָרען א צירונג.

— איך פערשטעהע אייך! — האָט זי געזאָגט בעגייסטערט — איך גלויב, איך גלויב... — זי האָט אנגעהויבען און זיך אָבגע־שטעלט... ווי אזוי שען איז זי געווען אין איהר אויפרעגונג! די שיין פונ׳ם לעמפּעל האָט זי אין גאָלד־קאָליר געפארבט און פון דעם דאָ־זיגען בעוועגליכען גאָלד האָבען, ווי פון א לעבעדיגען ראם, ארויס־געפינקעלט איהרע אויגען, וועלכע האָבען געשטראהלט מיט פרייד און ענטציקונג.

— איך פערשטעה ניט — האָט געזאָגט נחמן, ווען עס טהוט וועה טהוט עס וועה און דו ווערסט דערצו ניט געוועהנט ווערען.

איהם איז געוואָרען פערדראָסיג און ניט אָנגענעהם. ערשט נעכטען איז ער געווען ביי חיימ׳ען און האָט דאָרטען געזעהען אזעלכע צרות, אז איצט האָט זיך געדאכט איז געווען א בושה צו הערען נתנ׳ס טענות. און נתן, אָלס א מענש, וואָס האָט זיך דער־קענט צו דעם אמת און געוואָלט עס טיילען מיט א צווייטען, האָט געזאָגט הארציג:

— דו ביסט אין כעס, נחמן, איך זעה. און איך שעם מיך עפּיס אזוי ווי פאר דיר. נאָר איך האָב פערשטאנען... נאָך וואָס קעמפען, אז צרות מוזען זיין?...

ער איז אנטשוויגען געוואָרען. נחמנ׳ען איז געווען זעהר אומע־טיג אויפן הארצען. ווידער איז פאר איהם געזעסען דער פריהעריגער נתן, א ווייכער און א צארטער, מיט זיינע מילדע בעוועגונגען. אין הויף האָט זיך געשאָטענט די שטילקייט, א פּוסטע, א גלייכגילטיגע און א האָפענונגסלאָזע. מענשען האָבען שווער געשלאָפען נאָכן טאָג פון האָרוואַניע און פּיין, און אין דער דאָזיגער הכנעה פון דער נאכט האָט זיך געדאכט עפּיס געהייליגטעס אויף צוגרייטען כחות פאר די צוועקלאָזע ליידען פונ׳ם מענשען.

— מיר געפעלט אלסדינג, וואָס דו זאָגסט — האָט נחמן זיך אָב־גערופען נאָך א לענגערען שטיל־שווייגען — איך פערליר זיך.

— מען דארף דורכגעהען די לעהרע — האָט נתן געזאָגט פעסט — וואָס איז דער געדאנק? זיין זאַט? דאָס איז שרעקליך, נחמן... די ליידען זענען אייביג, נ׳מיר זיי פערענדערען אין פריידען. נ׳מיר מעהר ניט ריידען וועגען דעם.

— ס'פאַלט אויף מיר אַנ'אימה — האָט מייטע געשטאַמעלט אין דער שטיל.

— נ'מיר עס אָבלאָזען — האָט נתן איינגעשטימט — נאָר איך האָב געפונען אַ טרייסט. איך האָב זיך אונטערגעגעבען. איך האָב שלום געמאַכט און איך בין צופרידען. איך בין געווען אין פּאָלק דער איינציגער איד... מיר האָט וועה געטהון דאָס לייב. ס'האָט זיך געדרעהט דער קאָפּ... נאָר מיין נשמה האָט זיך געוואַרעמט ווי אונ־טער די ליכטיגע שטראַהלען פון דער זון. און איך האָב זיך געזאָגט: די ליידען זענען אייביג, מען דאַרף קענען זיי פערענדערען אין פריידען...

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען אַרומגעהען אי־בער'ן צימער. נחמן איז געזעסען אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט זיך איינגעהערט. ניט טראַכטענדיג שוין אויב נתן איז גערעכט, אָדער ניט און, כאָטש דאָס האַרץ האָט נאָך אַלץ אין איהם גע־שריען: ניין, איז ער דאָך געווען ענטציקט פון'ם געדאַנק וועגען שלום מאַכען מיט די ליידען פון'ם מענשען.

— נ'מיר אַרויסגעהען, האָט געזאָגט נתן — איך וועל דער־שטיקט.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און האָבען זיך אַוועקגע־זעצט אויף דער שוועל. מייטע איז געבליבען אַליין אין צימער. זי האָט געדרעמעלט, גע'חלומ'ט און אויפגעכאַפּט זיך צוריק. איהר איז זים געווען צו הערען די צוויי שטימען, וועלכע האָבען ניט אויפגע־הערט צו ריידען.

איצט האָט זיך נתן דערמאָנט צו דערצעהלען וועגען דעם וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט ביז ער איז געקומען אין זיין פּאָלק אַריין....

— גענוג — האָט נחמן געבעטען — איך וואָלט אומגעפאַלען אַ סך גיכער פון דיר...

— איצט האָט מען מיר געגעבען אַ ווייסען בילעט — האָט נתן געשמייכעלט.

זיי זענען ביידע אַנטשוויגען געוואָרען און לאַנג האָבען זיי גע־קוקט אויף דער לבנה. זי האָט געשוועבט שטיל, שטיל איבערן הימל און האָט, אַזוי ווי איבערגערוקט די שאָטנס, אונטען אויף דער ערד אום בעסער צו זעהען, וואָס עס טהוט זיך אין דער נידער. נאָר

עפּים אונענדליך־גוטעס האָט אויסגעדריקט איהר קיילעכדיג פּנים און דאָס מענשליכע שמייכעל איהר׳ס, נאָר דער טונקעלער קאַנט פון די ליפּען איז געווען א ביסעל פערקרימט אין א זייט, ווי פון מיטלייד.

— דערצעהל וועגען זיך — האָט זיך אָבגערופען נתן — איך בין שוין ביים סוף... מאָרגען וועל איך אוועקגעהען אין שפּיטאָל. אפשר שוין אויף אייביג. משונה — איז זיין קול שטילער געוואָרען — ווי אזוי ווייט זענען פון אונז אונזערע חלומות און האָפענונגען. דו געדענקסט די אָוונדען אין יענעם הויף?

— יאָ, יאָ — האָט נחמן אונטערגעכאַפּט, א דערפרעהטער מיט דער דאָזיגער פראַגע — איך פערשטעה עס אויך ניט. בערעכען זיך וואָס מיט אונז איז פאָרגעקומען פון יענער צייט. איך פערליר זיך, נתן... איך פרעג זיך אמאָל: וואָס וויל איך? קאָן זיין אז איך וויים, נאָר ווי אזוי מאכט מען עס? איך וויים ניט, נתן. איך וויים ניט. אזוי פיעל רעטענישען ארום מיר. מיך רינגלען ארום בערג מיט מענשען. מיר איז זיי שווער צו טראָגען...

... בערג מיט מענשען — האָט ער ארויסגעשטאמעלט שטיל.

— יאָ, יאָ, בערג. דו זעהסט דעם הויף? געה פון שטוב צו שטוב, וועסטו הערען אלע זיפצען, וואָס א מענשענס הארץ קאָן נאָר ארויס־וועהטאָגען פון זיך. נאָר געה פון שטוב צו שטוב. דו וועסט זעהען און הערען דאָס ערגסטע, וואָס עס איז פערהאַן אויף דער וועלט. איך בין מיט זיי א גאַנצען טאָג. גאַנצענע טעג, נתן!...

ער איז שטיל געבליבען, א צובראָכענער. צווישען זיי איז אדורך, אזוי ווי אנ׳עלעקטרישער שטראָם און האָט זיי פעראייניגט.

— נחמן! — האָט נתן געזאָגט שטיל.

— וואָס איז, נתן?

— דער טויט איז בעסער פונ׳ם לעבען. איך שווער דיר.

מייטע האָט זיך געוויזען ביי דער טהיר און האָט געזאָגט הויך:

— נחמן, איהם איז צייט צו שלאָפען. איך האָב דאָרטען ביי אייך אלסדינג צוגעגרייט.

— גוט, גוט — איז נתן געוואָרען בעוועגליך — איך פאַל פון די פיס.

— איך וועל נאָך זיצען א ביסעל, נתן. געה מייטע וועט דיר ווייזען וואו צו לייגען זיך. א גוטע נאכט!

נתן איז אריין אין שטוב און נחמן איז געבליבען אליין און אזוי

איז ער לאנג געזעסן א פארטרויערטער דעם קאָפּ איבער די הענט געבויגען.

נאָר מיט אמאָל האָט ער דערהערט הינטער זיך א שאָראָך.

— דאָס זענט איהר, מייטע? — האָט ער געפרעגט, ניט אומ־קוקענדיג זיך.

— יאָ, דאָס בין איך ,נחמן. נתן שלאָפט שוין.

— זעצט זיך נעבען מיר... וואָס טראכט איהר וועגען איהם?

— איך טראכט, אז ער וועט ניט לעבען.

— ער וועט ניט לעבען — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט אין צער. ווי ער וואָלט אָנגעוואָרען דאָס טייערסטע, וואָס ער פערמאָגט.

— ער איז א וואוילער, נחמן. א וואוילער, א טייערער...

— ווען דו פרעגסט און ס׳איז נישטאָ קיין ענטפער — האָט נחמן געזאָגט, ניט הערענדיג איהרע לעצטע ווערטער — דארף מען אומקומען...

ער איז שטיל געבליבען, פיהלענדיג, אז מיט איהם קומט איצט פאָר עפּיס זעהר וויכטיגעס. מייטע איז געזעסען נעבען איהם א צו־טערענדע און אנ׳אויפגערעגטע פון זיין נאָהנטקייט. זי האָט ניט גע־וואגט א קוק צו טהון אויף איהם, נאָר זי האָט איהם אינגאנצען גע־פיהלט אזוי נאָהנט, ווי זי וואָלט איהם געהאלטען אויף די הענד און געדריקט צום הארצען. און זי האָט אזוי ווי געוואַרט אויף זיין איינציג וואָרט צו ווארפען זיך איהם אין די אָרעמס אריין.

— איהר האָט גערעדט מיט פייצישען? — האָט זיך ווידער דערהערט זיין קול:

— איך האָב גערעדט, נחמן. זי איז א פערפייניגטע. אנ׳אומ־גליקליך מיידעל איז זי.

— נו, יאָ — האָט נחמן קוים ארויסגערעדט — מיר זענען דאָ אלע אזעלכע, ווי מיר וואָלטען געקלעטערט אויף א גלעזערנער וואנד. איהר ווייסט חיימ׳ס ווייב האלט ביים שטארבען.

זי האָט זיך צו איהם צוגערוקט נעהנטער, א דערשראָקענע פאר׳ן געדאנק וועגען טויט און ער האָט איהר אָנגעהויבען צו דערצעה־לען פון חיימ׳ס אומגליקליכען ווייבעל. נאָר זי האָט איהם ניט גוט געהערט. דערפיהלענדיג די ווארעמקייט פון זיין אקסעל, וועל־כער האָט זיך צו איהר געטוליעט, האָט זיך איהר פערדרעהט דער קאָפּ.

— נחמן! — האָט זי ארויסגעשטאמעלט מיט א פערכאפּטען אָטעם.

ער האָט זיך לעבהאפט אומגעקוקט צו איהר און, שאָקלענדיג מיטן קאָפּ, האָט ער, אזוי ווי געזאָגט: ניין, און ער האָט געוואַרט אין שרעק.

— נחמן, נחמן! — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט...

— דו שלאָפסט נאָך ניט? — האָט זיך אונערוואַרטעט דער־הערט נעבען זיי טשארנע׳ס קול.

דאָס מיידעל האָט אין שרעק א געשריי געטהון און נחמן האָט הארציג געזאָגט: מייטע...

— געה שלאָפען, מיין קינד — האָט טשאַרנע געזאָגט מיט צערטלעכקייט — די נאכט איז שוין בלייך געוואָרען און מען דאַרף אויפשטעהען פריה. געה שלאָפען, מיין ארבייטערין...

מייטע איז געהאָרכזאם אויפגעשטאנען פון אָרט און איז אוועק מיט דער מוטער אין שטוב אריין, נאָר נחמן איז נאָך לאנג געזעסען און ער האָט געטראַכט פון נתנ׳ען, פון מייטען... און פון די בערג מיט מענשען, וואָס האָבען איהם ארומגערינגעלט און זיין הארץ האָט נאָך אַלץ געדריקט דאָס טרויעריג געפיהל פון פערלוירענקייט...

ס׳האָט געטאָגט...

## VIII

א גאנצען חודש איז אויסגעקומען ארומצולויפען און זוכען שתדלנות ביז מען האָט געקאָנט אריינגעבען נתנ׳ען אין שפּיטאָל. ס׳איז שוין געווען אין טיפען הערבסט. דער שפּיטאָל איז איבער־פולט געווען מיט חולים און נאָר אַ דאנק שלמה׳ן, וועלכער איז געווען גוט באקאנט מיט׳ן רופא פונ׳ם שפּיטאָל האָט זיך איינגעגעבען צו באקומען דאָרטען א בעטעל.

אין מארק ביי די שטעלען האָט מען אהן אנ׳אויפהער גע־זיפצט און געוויינט אויף דער שלעכטער צייט, וועלכע האָט יעדען איינציגען געשראָקען מיט יאוש און דלות. א שווערער ווינטער גע־ווען און מען האָט געדארפט אָנשטרענגען אלע כחות ניט אומצופאַ־לען. נחמנ׳ס גוטע מארק־טעג זענען אויך פאָריבער. געווען זענען עס יענע ערשטע האנדעלס־טעג, ווען ער איז פער׳שכור׳ט געווען פון זיין אייגענטהום און פון זיין פרייהייט צו פארווענדען זיין צייט אויף וואָס ער וויל. דאן האָט זיך איהם געדאכט, אז פאראויס וועט אלסדינג געהען גלאט. נאָר די דאָזיגע גוטע טעג זענען שוין אוועק פון לאנג. דאָס אייגען געלד איז זיך ביי איהם צוגאנגען און איצט האָט איהם כסדר געדרעהט דער קאָפּ ווי אזוי אויפצוהאלטען די שטעלע מיט די קוישען. סחורה האָט מען דורכאויס געמוזט נעהמען אויף קרעדיט און דאָס האָט איהם ביסלעכווייז פארפלאָנטערט, ווי יעדען אנדערען קרעמער, וועלכער האָט קיין רוה און קיין חיי־שעה.

ביי די שטעלען האָבען זיך דערווייל געפעלט די הילכיגע שטי־מען. ניט געווען מעהר קיין עולם, קיין טומעל און קיין האנדעלס־פרייד. די הענדלער האָבען זיך געטוליעט אין זייערע ווארימע און צוריסענע ווינטער־בגדים, זיצענדיג אָנגעבלאָזען, ווי פערמאטערטע פייגעל. און אז עס פלעגט אָנהויבען צו רעגענען זענען די דאָזיגע

מארק־לייט געווען הילפלאָז און אומגליקליך ביז דער לעצטער מדרגה. זיי האָבן זיך דאן ארומגעדרעהט נעבן זייערע קוישען מיט דער־שראָקענע פנים׳ער. זיפצענדיג און וויינענדיג האָבן זיי געשיצט זייע־רע סחורה אונטער די געלעכערטע שירעם־דעכלעך און אליין פלעגען זיי זיך באהאלטען אין די טויערען פון די ארומיגע הייזער, אָדער אין די נאָהענטע קלייטען, אויב מען האָט עס זיי ערלויבט. און, קוקענ־דיג אויף זיי, האָט זיך געטראכט פאר וואָס מעגען אנדערע מענשען איצט זיצען אין טרוקענע צימערען און, אָהן פחד, ארומגעהען וועגען זייערע אינטערעסען און די דאָזיגע האָבען געמוזט זיין דאָ און קעמ־פען מיט דער נאטור. ס׳איז געווען ניט צום פארשטעהען, ווי אזוי אונטערטהעניג זיי האָבען געטראָגען זייער גורל.

דאָס שרעקליכסטע אין זייער עקזיסטענץ איז געווען דאָס, וואָס שטענדיג, ביי יעדער שעה און ביי יעדער רגע, האָבען זיי געמוזט לעבען אין שנאה איינס צום אנדערען. צובראָכענע פון קנעכטשאפט, וועלכע זיי האָבען פאר זיך ניט געזעהען, האָבען זיי אין צאָרען גע־קעמפט צווישען זיך און איינער האָט דעם צווייטען שלעכטס געוואונ־שען צוליעב דעם, ער זאָל אויף זיין חשבון כאָטש א קליין ביסעלע דערהויבען ווערען. זיי האָבען איינס ביי דעם אנדערען געריסען די קונים און האָבען זיך באריהמט מיט די דאָזיגע קענטעניישען. פאר פעהיגערע פון זיי האָבען זיי געציטערט און געקוקט זיך צו זיי און, איינגעטונקט אין נישטיגקייט, האָבען זיי זיך אָבגעגעבען מיט אזעלכע אינטערעסען, וואָס עס האָט אָנגעכאפט א צער פאר׳ן מיטגעפיהל צו זייערע ליידען. ווי אזוי גרינג זיי פלעגען פארגעסען זייערע שווערע מינוטען פון לעבען, זייער שקלאפישען גורל און שוצלאָזיגקייט!...

ליעבענדיג, האָט זיי נחמן פיינד געהאט...

פאר אלעמען האָבען זיי מורא געהאט. זיי האָבען געציטערט פאר דעם, וואָס איז רייכער און שטארקער געווען. פאר אזעלכען האָבען זיי מיט א העסליכער אונטערטהעניגקייט געבויגען די רוקענס און אָהן ווערטער וואָלטען זיי איהם אוועקגעגעבען אלסדינג פון זייערע קוישען ווען מען וואָלט עס ערנסט געפאָדערט פון זיי. אינ׳ם טאָג־טעגליכען קאמף פון דער גאס, וואו מען האָט געדארפט שיצען פאר זיך די קלענסטע לעבענס־רעכט — האָבען זיי נאָר אנערקענט די שטארקסטע און די נידעריגסטע מיטלען. אויסקויפען זיך מיט געלד איז געווען

דאָס בעסטע. וואָס עס זאָל ניט פאָרקומען, האָבען זיי געוואוסט איינס — מען דארף בעצאָהלען.

נחמן האָט זיי זעהר פיינד געהאַט. זיי זענען איהם נאָהנט געוועזן אלס מענשען, וואָס ער האָט מיט זיי אינאיינעם געטראָגען די שווערע לאסט פון לעבען און דאָס גאנצע מיטלייד פון זיין בלוטענד הארץ איז געוועזן אויף זייער צד, נאָר ער האָט זיי פיינד געהאַט, ווי מען האָט א מאָל פיינד אן אומגליקליכען ברודער, פון וועלכען מען ליידט זעהר פיעל. נאָר איצט, ווען דער הערבסט האָט א קלאַפּ געטאָן מיט זיין גאַנצער קראפט פון נאסע און קאלטע טעג, דאָס איז געוועזן די צייט פון גרויסע בלאָטעס, קליינעם מארק־פּדיון און שווערער הונגער־נויט. די דלות־קראנקהייט האָט דאן אלע מארק־הענדלער געוואָרפען פון די פיס. דאָס אלסדינג האָט נחמן געזעהען פאר די אויגען. ער האָט געזעהען, וואָס עס טהוט זיך אין יעדער שטוב פון דער פאָרשטאָדט, וואו הונדערטער פאמיליעס האָבען אין שטילען צער דערוואַרטעט די קומענדיגע טעג פון פיין — איצט האָט נחמנ׳ס פיינדשאפט צו זיי ניט אויסגעהאַלטען.

— זיי וועלען ניט אויסהאלטען — פלעגט ער זאָגען דניאל׳ן אין די מינוטען פון פערצווייפלונג — און דער ווינטער הייבט זיך נאָך ערשט אָן.

דניאל האָט געדרעהט מיט׳ן קאָפּ, אונטערגעהוסט שטיל און ער האָט געענטפערט פערטראַכט:

— מיר האָבען אויסגעהאלטען קנעכטשאפט גאנצע טויזענדער יאָהרען, וואָס איז איין ווינטער, אז דאָס גאנצע לעבען איז ווינ־טערדיג?...

מיט דניאל׳ן איז נחמן אלס נעהנטער געוואָרען און, פון זינד ער האָט אָנגעהויבען אריינקומען צו איהם אין שטוב, זענען זיי גע־וואָרען צווישען זיך די בעסטע גוטע פריינד. נחמן האָט דניאל׳ן באמת ליעב געהאַט. ער איז געווען א ריינער און א הארציגער מענש און דער־צו א גרויסער בעל־התפעלות. ריהרענד־פערליעבט איז ער געווען אין זיין ווייב און קינדער און פון דער צייט, וואָס ער האָט זיך דערקענט צום ציוניזם, האָט נאָך מעהר די גוטסקייט פון איהם ארויסגעלייכט. ער האָט איצט געלעבט אויף דערוויייל, אזוי ווי ער וואָלט צופעליג שטעהען געבליבען אויף א סטאנציע אין מיטען וועג און יעדע רגע האָט ער דערוואַרטעט דעם צוג, וואָס האָט אהם געדארפט אָפּפיהרען

אינ׳ם הייליגען לאנד. זיינע קינדער האָט ער דערציויגען אלס בירגער פון דער צוקינפטיגער יודישער מלוכה און משה׳לע מיט לייבעלע׳ן זענען געווען בעהאווענט אין אלע סדות פונ׳ם דאָזיגען זיסען חלום. אזוי ווי אינ׳ם לאנגער פונ׳ם שונא, האָט ער אָנגעשטרענגט זיין גאנץ פארשטענ־דעניש צו פערענטפערען מיט׳ן גלות אלע אידישע ליידען. מיט ליעבע און פרייד האָט געקלונגען זיין קול, ווען ער האָט גערעדט וועגען דער קינפטיגער ארץ־ישראל־עליה.

אָפט פלעגט נחמן קומען צו איהם מיט נתנ׳ען און מייטע׳ן. א מאָל איז ער אויך מיט שלמה׳ן געגאנגען אהין און די לאנגע אָוועגדען פלעגען אוועקגעהען אין געשפּרעכען. מען האָט גערעדט פון געשעפטען, פון אידישע צרות און וועגען דעם הייליגען לאנד. אזוי ארום איז מען אלס נעהנטער געוואָרען.

מייטע האָט דאן איבערגעלעבט די ערשטע פרייד פון באגעגע־נישען מיט נייע מענשען און נחמן האָט, ניט וועלענדיג, זיך אונטער־געגעבען דעם רייץ פון איהר יונגער התפעלות. זי האָט זיך איהם ניט געוואָרפען אין די אויגען, נאָר ביי יעדער רגע, וואָס ער האָט פאר־בראכט אין דער היים, האָט ער געפיהלט איהר צארטע נאָהענטקייט, אין יעדען ווינקעל האָבען איהם באגלייט איהרע צארטע בליקען און די גאנצע פרייד פון דער דאָזיגער סודות׳פולער ליעבע האָבען זיי ביי־דאָ איבערגעלעבט שווייגענדיג. זי האָט איהם שוין פערשטאנען אויף יעדען טריט און נאָך זיינע אויגען פלעגט זי דערקענען ווען ער האָט געבענקט נאָך איהר און דאן פלעגט זי פארשווינדען, ווי א שאָטען, ניט צושטערען איהם. זי איז שוין זיכער געווען, אז ער וועט זי רופען, ווען עס וועט מעגליך זיין, און אז די געגארטע מינוט איז געקומען, האָט זי איהם אמוזירט מיט איהרע רייד און חלומות, וועלכע זי פלעגט איהם אויסטרוימען דאָ אויפ׳ן אָרט.

אלס ליכטיגער האָט פון איהר ארויסגעשטראהלט איהר אי־נערליכע שעהנקייט. זי האָט איהם דערצעהלט פון שטארקע און גוטע מענשען, וועלכע וועלען אראָפּקומען אין דער פאָרשטאָדט און וועלען דאָס לעבען מאכען גרינגג... נאָר מאָלענדיג די דאָזיגע העלדען האָט זי אויך נחמנ׳ן באשענט מיט זייערע מעלות און די ליעבע צו איהם האָט ביי איהר ארויסגעזונגען פון יעדעם וואָרט.

— ער וועט זיין א גוטער, נחמן — האָט זי דערצעהלט, אונטער־

שפּאָרענדיג מיט די הענד דאָס גאָמבעלע און בייסענדיג זיך די פינגער — זעהר א גוטער...

נחמן האָט געפיהלט איהר באגער און נאָהענטקייט און דאָס האָט איהם דערמאָנט נעסי'ס געשטאלט, וואָס האָט איהם פערפאָלגט אור־מעטום, ווי א לעבעדיגע. ס'האָט זיך איהם גוט געדענקט די לעצטע מינוטען פאר זייער צושיידען זיך. מייטע'ס רייץ פלעגט בלאס ווערען אינ'ם שיין פון די דאָזיגע מינוטען. ווי א געהאמערטע פיגור פון גע־לעכטער און א סימבאָל פון פרייד איז געשטאנען נעסי פאר זיינע אויגען, און איהרע ליפּען האָבען געוואָרפען פלאמענדע רייד וועגען דער שטאָדט...

ער פלעגט זיך עס דערמאָנען און עס האָט זיך איהם געדאכט, אז ערשט נעכטען איז עס געווען, ווען ער איז געגאנגען נאָך איהר, און האָט זי געבעטען און זי האָט איהם ניט געענטפערט. ער האָט זי געפרעגט: פאר וואָס, נעסי? א, שווייג ניט אזוי! און זי איז אוועק פאר־עקשנ'ט, ווי פון שטאָל אויסגעגאָסען...

ווען ער האָט זיך צופעליג דערוואוסט ביי שלמה'ן, אז נעסי איז געווען ביי דער מוטער און זי האָט איהר איבערגעלאָזען געלד, איז ער אוועק אויף א גאנצען אָוונד אין שטאָדט און האָט דאָרטען גע־בלאָנדזעט איבער די גאסען, טראכטענדיג זי צו טרעפען ערגעץ און דער'הרג'ענען. א פארטיפטער אין זייגע פערלאנגען, איז ער, ווי א משוגענער, פארבייגעלאָפען אלערליי רייכע הייזער און, אריינקוקענדיג אין די באלייכטענע פענסטער, האָט ער גערדאהט מיט די פויסטען. און אין דער היים איז ער דערנאָך לאנג געזעסען א פערשטארטער און אויף מייטע'ס אלע פראגען האָט ער געענטפערט מיט א געבעט:

— געהט אוועק, מייטע! איך דארף מעהר גאָר ניט... זענט א וואויל מיידעל! איך דארף מעהר גאָר ניט...

נאָר די טעג זענען געגאנגען און געגאנגען און מייטע האָט ווי־דער געפונען א וועג צו זיין הארצען. אפילו די אימה און די עקעל, וואָס ער האָט געפיהלט, דערמאָנענדיג זיך אָן פייצשען, האָבען איהם אויך אויפגעהערט צו שרעקען. ער האָט שוין איצט אָהן מורא געקוקט דעם מיידעל אין די אויגען אריין און אויסגעהערט איהרע אָפּגע־שפּעטע ווערטער:

— איהר האָט מיך פיינד, נחמן? פאר וואָס? נאָר... געהט אייך אייער וועג.

דאָס אינערליכע לעבען האָט אָבער ניט פאַרשטעלט די אָנגערוקט געדרוקטע צרות פונ'ם פוילען הערבסט און, אַז נחמן האָט אין צוויי קלייטען צו דער צייט ניט געצאָהלט פאַר דער סחורה, האָט ער אָנ־געוואָרען זיין קרעדיט.

ער האָט אָנגעזאָגט דניאל'ן די שלעכטע בשורה און דער ביי האָט ער גלייך צוגעגעבען:

— איך מיין, אז אונז וועט איינגיכען אויסקומען אָבצולאָזען דאָס

— אזא יאָהר געדענק איך ניט — האָט געענטפערט דניאל...

— וואָס האָט איהר צו רעדען. איך בין אליין שולדיג. האנדלען ביי די שטעלען דאַרף מען קענען. שלמה האָט מיר פריהער געזאָגט.

ער האָט זיך דערמאָנט זיין פרייד פון די ערשטע מארק־טעג, ווי אזוי ער איז גליקליך געווען מיט זיין ביסעל אייגענעם, ווי אזוי ער האָט ליעב געהאַט זיין סחורה און ער האָט געזאָגט, פאַר'חלום'ט:

— אין דעם, דניאל, איז עפּעס גוטעס געווען... נאָר האנדלען ביי די שטעלען דאַרף מען קענען...

— ניט מיר אליין וועלען דאָ אומקומען — האָט דניאל געענט־פערט א פערמאַטערטער.

— וואָס זשע וועלען מיר טאָן ווינטער?

— הערט אויף, נחמן, צו פרעגען. ביז ווינטער וועלען מיר אפשר ניט דערלעבען.

ביידע זענען זיי געוואָרען טרויעריג. נאָר א זייגער דריי האָט זיך דער פדיון א ביסעל פערבעסערט און נחמן איז פרעהליכער גע־וואָרען.

— אָט זעהט — האָט ער געזאָגט — וויפיעל מיר האָבען גע־ליטען... מיר וועלען זיך נאָך ניט אונטערגעבען. איצט וועל איך געהען נאָך סחורה, פאַר מזומן.

אָן אָוועגט, געהענדיג אהיים, האָט דניאל פאָרגעלייגט נחמנ'ען ער זאָל אריינגעהען צו איהם א ביסעל פערברענגען. ס'וועט קומען דינה, דער חתן איהרער לייזער דער שוסטער וועט אויך זיין און ס'וועלען נאָך, מסתמא, אריינקומען פייוועל דער סטאָליאַר מיט'ן ווייב און דער אלטער שוסטער עזרה.

— איך וועל קומען — האָט נחמן געזאָגט, צושאָקלענדיג איהם מיט'ן קאָפּ. — איך וועל אפשר אויך נעהמען מיט זיך מייטע'ן.

זיי האָבען זיך צושיידט. נחמן איז געווען אויפגערעגט און צו־

פרידען און ווי ער איז נאָר אריין אין שטוב, האָט ער גלייך גע־זאָגט.

— טוהט זיך אָן, מייטע! מיר וועלען באלד געהען צו דניאל׳ן. מיר וועלען נאָר אָפּעסען.

ער האָט אין דער גיך אָפּגעגעסען. מייטע האָט זיך דערווייל אָנגעטהון און גרייט געמאַכט, און, אז עס איז געוואָרען גוט פינסטער זענען זיי ביידע אוועקגעגאנגען.

דניאל׳ס ווייב האָט זעהר הארציג אויפגענומען מייטע׳ן, און זי האָט זי אוועקגעזעצט צווישען זיך און סימע׳ס טאָכטער דינה׳ן. דניאל האָט נחמנ׳ען אריינגענומען צווישען די מענער.

— נו, אָט איז ער דאָ — האָט ער איהם גוט־ברודעריש געקלאַפּט איבער׳ן אקסעל — איך האָב געמיינט, אז איהר וועט שוין נישט קומען.

נחמן האָט זיך בעגריסט מיט די אלע, וואָס זענען דאָ געזעסען. געווען איז דער אלטער עזרה — א מענש ביי די פופציג יאָהר. קראנקע אויגען האָט ער געהאַט און אַ קורץ גרוי בערדלע. נעבען איהם איז געזעסען דינה׳ס חתן, לייזער דער שוסטער און א ביסעל ווייטער האָט האָט זיך צוגעשפּארט פּרץ דער מעקלער. דעם קליינעם משה׳לע, וועל־כער האָט קיין אויג ניט אראָפּגענומען פון דינה׳ן, האָט ער א גלעט געטאָן דאָס בעקעל.

— א גלאָז טהיי — האָט געזאָגט דניאל, א צופרידענער פון דער געזעלשאפט, וואָס האָט איהם ארומגערינגעלט — וועט ניט שאַדען נאָך דער קעלט פון דער גאס. וואָס וועט איהר זאגען דערויף, נחמן? משה׳לע, ארבייט! גיס אן אויך פאר מייטע׳ן. זי וועט זיך, מסתמא, ניט אָפּזאָגען.

ער האָט זיך צולאכט. מייטע איז, אָהן א סיבה רויט געוואָרען און האָט געענטפערט:

— ס׳שאַדט ניט, משה׳לע — האָט דניאל ווידער געזאָגט — מעגסט אָנגיסען. ביידע וועלען אויסטרינקען.

— א דאנק אייך, דניאל. מיר איז אזוי אויך גוט.

פּרץ דער מעקלער, אנ׳אלטער מענש מיט אומעטיגע אויגען און א טרעסלענדיגען קאָפּ, האָט געהערט עזרה׳ן מיט גרויס אינטערעס און דערנאָך האָט ער געזאָגט הויך:

— זאָגט נאָך עפּעס, עזרה! ווען מען הערט אייך רעדען, פאַר־געסט מען אַלע דאגות.

ער האָט זיך אָבגעצויגען אויף זיך זיין אַלטען געלאַטעטען סורדוט און דער קאָפּ האָט זיך איהם אָנגעהויבען טרעסלען, ווי ער וואָלט אין געהיים געגריסט זיך מיט אימיצען.

ווידער איז אָנגעשטאַנען אַנ׳אַנגענעהמע שטילקייט, ווי פריהער, פאַר נחמנ׳ס אריינקומען. פינטלענדיג מיט זיינע קראַנקע אויגען, האָט עזרה אָנגעהויבען צו רעדען רוהיג און געטאַקט און אַלע האָבען זיך צוגערוקט אום בעסער צו הערען:

— הייסט עס האָב איך געזאָגט — האָט ער אָנגעהויבען, וואַר־פענדיג א בליק אויף מייטע׳ן — אז מיר דאַרפען געהען א היים. דער בעסטער גאַסט הויבט אָן דערעסען, ווען ער פערזיצט זיך צו פיעל. אָט ווי אזוי איך פאַרשטעה עס. דאָס איז ניט קרום און ניט גלייך. ניט קורץ און ניט לאַנג. דאָס איז קלאָר. מען דאַרף געהען א היים. איך בין א קליין מענשעל, נאָר דער קאָפּ איז מיר ניט אזוי שמאָל. איך ווייס איינס: מען דאַרף געהען א היים.

— מען דאַרף געהען א היים — האָט איינגעשטימט פּרץ, שאָק־לענדיג מיט זיין ציטערענדען קאָפּ.

— וואָס דאַרף איך דאָ? — האָט געפרעגט עזרה פאַרוואונדערט

— וואָס דאַרפט איהר דאָ? — האָט ער זיך געווענדעט צו נחמנ׳ען — אפשר ווייסט איהר? און איך מיין, אז איהר, דניאל און משה׳לע, דאַרפט איהר דאָ אויך גאָר ניט האָבען. נומיר געהען א היים...

— פאַר וואָס? — האָט נחמן געזאָגט, אוועקשטעלענדיג די גלאָז אויפ׳ן טיש, אַלע האָבען זיך אומגעקוקט צו איהם און דניאל האָט אַנ׳אויפגערעגטער אָנגעהויבען וואַרפען מיט די הענר:

— נאָר איהר הונד מיט אויערען, ווי מיין נאָמען איז דניאל

— האָט ער הייס אין איהם אריינגערעדט — אויב איהר פרעגט, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. א פיינע קשיה... מען קאָן מיינען, אז איהר באָדט זיך דאָ אין מילך און אין האָניג.

— איך באָד זיך ניט — האָט נחמן געענטפערט, קוקענדיג אויף עזרה׳ן — נאָר וועמען איז גוט?

— אַלעמען איז גוט, א חוץ אונז — האָט לייזער געזאָגט מיט כעס — איהר זענט א בלינדער.

— איהר זענט ניט קיין איד — האָט זיך אָפּגערופען דינה, אויפ־

שטעהענדיג פון'ם אָרט. זי איז צוגעגאנגען צו איהם און האָט ווידער געזאָגט דאָס זעלבע: — איהר זענט ניט קיין איד...

זי איז געשטאנען א בלאסע פון צאָרען און אן אויפגערעגטע ביז די טיעפעניש פון איהר געוויסען דורך דעם דאָזיגען פרעמדען מענשען, וועלכען מען האָט געדארפט רעכענען פאר אן אייגענעם... ניט דאָס ערשטע מאָל האָט זי געהערט זיינע טנות...

פון זינד דינה האָט זיך דערקענט צו דער אידעע פון דער אידישער פאָלקס־בעפרייאונג, איז איהר לעבען פערוואנדעלט געוואָרען אין א קרבן פאר דער דאָזיגער אידעע. זי איז געווען אנ'אלפאבעטין און זעהר פרימיטיוו, נאָר דאָס נאציאָנאלע געפיהל האָט געשאפען וואונדער. זי האָט זיך אָנגעהויבען לערנען און ריהרענד איז עס געווען אָנצוקוקען, ווי אזוי זי איז נאָך דער ארבייט ביים געניי, געזעסען דורך די נעכט איבער די למודים. איהר בעסטער חלום איז געווען פאָהרען אהיים און לעבען דאָרטען, ווי די פויערטע אין דאָרף ביי פעלד און גאָרטען. און פון איהרע צוועלף רובעל א חודש, וואָס זי פלעגט פארדינען האָט זי א טייל דערפון אָפּגעשפּארט צוליעב דער ארץ־ישראל־רייזע, אויסרעכענענדיג פאר פינף יאָהר אָנצוזאמלען די נויטיגע סומע. איהר חתן לייזער, וועלכער איז געווען איהרער א תלמיד, האָט אויף אלסדינג געקוקט מיט איהרע אויגען און ער האָט זי געהאלטען פאר א העלדין. זי פלעגט אויפציטערען, ווי פון א פאטש, ווען מען האָט אָנגעריהרט איהר נאציאָנאל געפיהל און אין יעדען יודען, וואָס האָט נאָך ניט אָנערקענט זיך די פליכטען פאר'ן פאָלק, האָט זי געזעהען א קנעכט און א פאררעטער און פיינד געהאַט האָט זי איהם מעהר. ווי יעדען שונא פון דער פרעמד.

— נאָר איך בין דאָך א איד — האָט נחמן געזאָגט הויך — און דאָס פארשטעה איך ניט פאר וואָס מיר מוזען אוועקגעהען פון דאנען. זענט ניט אין כעס — האָט ער זיך פארכאפּט אין ערוואַרטונג אויף איהר צאָרענדיגען ענטפער — איך זעה, ווי אזוי ס'לעבט זיך אונז שלעכט. נאָר אנדערע לעבט זיך אויך ניט בעסער.

— "דאָרטען" זענען פערלאָזען אונזערע פעלדער -- האָט איהם איבערגעשלאָגען דניאל.

און דער אלטער פרץ האָט אונטערגעכאפּט:

— אונזערע הייזער זענען חרוב...

— מיר וועלען געהען, א היים — האָט עזרה גערעדט, אנ־

אויפגערעגטער — איך בין א קליין מענשעל, נאָר דער קאָפּ איז ביי מיר ניט שמאָל און איך ווייס, אז משה האָט אונז געגעבען א לאנד און גע־זאָגט האָט ער: לעבט אויף אייער ערד. פרעג איך, ווי אזוי קאָן דאָס זיין אנדערש? האָבען אן אייגען לאנד און אן אייגען פאָלק, און ארביי־טען אין דער פרעמד און אָפּגעבען אלע כחות א פרעמדען פאָלק. איך וויל ניט קיין סך. איך האָב ליעב מיין פאָלק און מיין לאנד. איך האָב א שטארקען געפיהל און איך וויל אלע אידען זאָלען האָבען שטארקע געפיהלען זיי זאָלען קענען זאָגען אזוי ווי איך: לאָמיר געהען א היים... איך ארבייט אין אונזער חברה... מען דארף האָבען געלד, געלד און געלד פאר יענעם גרויסען טאָג, וואָס וועט קומען. איך זאמעל עם צווישען אונזערע צו איינציגע גראָשענס. מיר זענען דאָך אלע אָרע־מע לייט. און א גליקליכער בין איך יענעם טאָג, ווען איך קלייב צונויף א רובעל פאר'ן פאָנד. יעדער קאָפּיקע געהט דאָך אויף אויסצוקויפען די ערד פון אונזער הייליג לאנד. איהר הערט, ערד פאר א קאָפּיקע, נאָר די ערד וועט זיין אונזערע. פון דאָרטען וועט מען אונז שוין נישט קאָנען ארויסטרייבען.

דניאל האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און אין די אויגען זענען איהם טרעהרען געשטאנען. וואָס פאר א גליקליכער חלום ס'האָט איהם געשמייכעלט!... ערד נאָר פאר א קאָפּיקע. ער וואָלט עס אָבער ניט אויסגעביטען אויף אלע פאלאצען פון שטאָדט. אויף דעם דאָזיגען קאָפּיקענעם שטיקעלע ערד וועט זיך אָפּרוהען דאָס אידישע פאָלק פון זיינע טויזענד־יאָהריגע ליידען.

—ביי משה'לען — האָט ער געזאָגט בעגייסטערט, ווייזענדיג אויפ'ן יונגעל — איז שוין פאראן מארקעס פאר אַ גאנצען רובעל.

— ביי מיר וועט זיין מארקעס פאר א סך רובעלס! — האָט זיך ארויסגעכאפּט משה'לע, קוקענדיג מיט פרייד אויפ'ן פאָטער — מיר וועלען אויסקויפען אונזער לאנד.

— און ווער איז אונזער פיהרער? — האָט מיט גדלות געפרעגט דניאל, ווינקענדיג צו עזרה'ן.

— הערצל — האָט געענטפערט דאָס יונגעל.

— דו האָסט ליעב הערצל'ען?

— איך האָב איהם ליעב, אזוי ווי משיח'ן, ער וועט אונז באַ־פרייען פון גלות.

— אָט אזוי — האָט דניאל געשטאַמעלט אַ געריהרטער ביז

טרעהרען — מיר האָבען אַלע ליעב, הערצל'ען! וואָס פאַר א שענער נאָמען. ס'רופט זיך אָפּ אין הארצען, הערצל! ס'איז די האָפענונג פון פאָלק...

נחמן איז געזעסען אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, געוועגדעט דעם בליק צו דער ערד. עפּעס עהנליכעס, ווי חרפּה, האָט איהם דאָס הארץ גענאָגט און דאן האָט ער געפיהלט, אז ס'ווירקט אויף איהם ניט.

— דאָס ריהרט מיך ביז טרעהרען — האָט ער אָפענהערציג געזאָגט, ווענדענדיג זיך צו דינה'ן — נאָר יעדער שטיין פון גאס שרייט דאָך צו מיר דאָ: דו ביזט מיינער, דו ביזט מיינער. הערט מיך אויס. איך בין דאָך ניט קיין שונא פון אידען. איך וויל ברוט פאַר'ן פאָלק און איהר באשיט א שטיין מיט צוקער און איהר זאָגט: נא, אָט דאָס וועט דיך זאט מאכען, נאָר דאָס פאָלק וויל ברויט, פרייהייט...

מייטע איז געזעסען פערטראכט און האָט זיך איינגעהערט צו די ארומיגע געשפּרעכען און עפּעס א זיסען ציטער האָט זי דערפיהלט אין איהר גאנצעס וועזען. א אידיש־לאנד. דאָס ערשטע מאָל האָט זי געהערט פון אזעלכעס. און עזרה'ס ווערטער האָבען ביי איהר ארויס־גערופען טרעהרען פון באליידיגונג און טרעהרען פון פרייד. עפּעס גרויסעס און ליכטיגעס איז איהר געוואקסען פאַר די אויגען. און געווען איז אין דעם עפּעס אייגענעס און היימליכעס, וואָס האָט געצויגען זיך, ווי א מאַמע. פון דער ווייט האָט עס נאָך פאַר איהר געלויכטען נאָר ס'האָט געוועקט אין איהר אלערליי ריהרענדע שטימונגען. ס'האָט צו עפּעס צוגעבונדען און דערביי האָט איהר עס זעהר באנג געטהון און, טראכטענדיג דערפון, איז זי געווען אינגאנצען אונטערען איינדרוק פון די דאָזיגע נייע געפיהלען. זי האָט געטראכט וועגען נחמנ'ען, אויב ער איז גערעכט, אָדער ניין.

עזרה האָט געפינטעלט מיט די אויגען און געפּרואווט זיך רעדען. נאָר דניאל מיט לייזער'ן האָבען איהם איבערגעשלאָגען, ניט צולאָזענ־דיג איהם דעם כבוד אָבצוענטפערען נחמנ'ען און נאָך העכער האָט זיך דינה'ס קול געשטארקט. בעפעהלעריש האָט זי געפאָדערט:

— לאָזט מיך זאָגען. איך וועל איהם ענטפערען!

אַלע זענען שטיל געבליבען און זי האָט הויך געפרעגט: פאַר וואָס?

נחמן האָט געקוקט אויפ'ן מיידל, ווי א פלאַם וואָלט זיך פון איהר געריסען. זי איז געשטאנען געגען איהם, ווי א מענש, וואָס

איז געוועהנט צו ריידען און מיט צאָרן אין די אויגען האָט זי איהם ווידער געפרעגט: פאר וואָס, פאר וואָס?

— נאָר דער — האָט זי געזאָגט ליידענשאַפטליך, — וואָס האָט אין הארצען פעראטען דאָס לאנד פון די אבות — קאָן פרעגען: פאר וואָס... דאָס פאָלק האָט אָנגעוואוירען זיין גלויבען אין זיך. מיר דארפען ניט קיין תענוגים. מיר וועלען דאַרטען אויך ליידען נאָר דאָרטען אינ'ם אייגענעם לאנד וועט צוריק אויפלעבען ז'ער גייסט פון פאָלק. קיינער ווייגט ניט, ווען מען זאָגט: מיר זענען אין גלות. אזוי ווי מאלפּעס מאכען מיר נאָך א פרעמד לעבען... מיר האָבען שוין פערגעסען אונזער אייגענעם פּנים... איז פארהאן ביי אונז ווער עס זאָל דאָס לעבען אוועקגעבען פאר'ן פאָלק? וואו זענען אונזערע העל־דען? דער גלות האָט אונז צופוילט. אונזערע הערצער קלאַפּען רוהיג, ווען מיר זאָגען: אידען אין לאנד. מיר זענען געוואָרען קליין און גלייכ־גילטיג צו אלס. מיר זענען געוואָרען פּחדנים און אונזערע רוקענס בויגען זיך, ווי מיר וואָלטען שטענדיג אזוי ארומגעגאנגען מיט די אויסגעקרימטע הויקערס... דער גייסט פון פאָלק איז קליין געוואָרען. וועלען מיר אוועק פון דאנען! נ'מיר אוועקגעהען, וועלען מיר ראטע־ווען דאָס פאָלק, מיר וועלען ראַטעווען זיין גייסט און די גרויסע שיין, וואָס דאָס אידענטום האָט געגעבען און וועט נאָך געבען שפּעטער.

אלע האָבען געהערט מיט א פארכאַפּטען אָטעם און אלע האָבען אין דעם מאָמענט איבערגעלעבט דאָס הויכע ליידענס־געפיהל וועגען דעם פאָלקס פערלוירענע שענקייטען און ס'האָט זיך געוואָלט גלייך אָנשטרענגען אלע כחות און אָנצינדען דאָס הארץ מיט העלדען־לוסט און ראטעווען דאָס פאָלק און זיין גייסט, וועלכער איז צובראָכען און געפאלען.

— מיר וועלען געהען אהיים — האָט זיך אין אויפרעגונג דער־הערט עזרה'ס קול.

—שווייגט! — האָט דניאל אויסגעשריען פערשטיקט, שווייגט!

— איהר פרעגט פאר וואָס? — האָט דינה ווידער גערעדט — נאָר ס'איז דען דאָ גרעסערע ליידען, ווי צו זעהען אזא לעבען פון א גרויס פאָלק, וועלכער האָט געגעבען דער וועלט אזוי פיעל הערצער און אזוי פיעל געדאנקען...

זי האָט אינגאנצען געברענט. אין יעדעם וואָרט איהר'ס האָט

זיך אָבגערופען א הייליגער צאַרען און אלעמען האָט זיך געוואָלט בוקען צו איהר, קושען איהר די הענד און דעם זוים פונ'ם קלייד. זי האָט אלעמען בעגייסטערט. זיי האָבען געזעהען פאר זיך אידען אומעטום און, ווי טויזענדער הענד וואָלטען זיך געצויגען צו זיי פון אלע זייטען — האָט יעדער איינציגער דאָ אין צימער זיין ענטפער געגעבען:

— איהר הערט, נחמן — האָט געזאָגט דניאל, אויסציהענדיג זיך אין זיין גאנצער גרויס — איבערשפּארען דארף מען ניט. איך בעט אייך. דאָס איז הויך, ווי דאָס קלענסטע שטערענדעל אין הימעל און נאָהענט. ווי דאָס אייגענע הארץ. מען דארף שמייכלען און אויס־שפּרייטען די הענד. מען דארף אויסשפּרייטען די הענד און צו וויינען זיך פון פרייד. איהר פיהלט, נחמן? אויב ניט, לייגט אונטער דעם קאָפּ אונטערן פליגעל. דער גלויבען וועט שוין קומען...

ער האָט שוין גערעדט אויף ניט קיין פערשטענדליכען לשון, נאָר די אָפּענע שיין פון זיין נשמה האָט גערייצט דאָס געפיהל. איצט איז ער געשטאַנען מיט האלב־צוגעמאכטע אויגען אויסגעבויגען דעם קאָפּ אָן א זייט און האָט צאַרט געשמייכעלט.

ס'איז געוואָרען שטיל און אין דער דאָזיגער שטילקייט איז פאָר־געקומען עפּעס וויכטיגעס און הויך־מענשליכעס... ס'האָבען געארבייט די הערצער מיט זיגערישער לעבענס־פרייד פון איינינקייט צווישען איינעם און מיליאָנען זיין גלייכען. און אזוי האָבען זיך גערוקט די שעה'ן.

— נו, אָט — האָט אָבגעזיפצעט לייזער — זענען מיר שוין געקומען צוריק, אזוי שווער, אז דו כאַפּסט זיך אויף און דו זעהסט אז דו ביזט נאָך דאָ!...

ער האָט אָנגעהויבען רעדען מיט א מעלאנכאָלישער שטים פון דעם, ווי אזוי ער ליידט דאָ אין דער פרעמד און שווער איז געווען צו הערען די דאָזיגע שענע ווערטער וועגען זיין בענקעניש. ער האָט ניט געקאָנט ליידען די לופט פון גלות. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער אָטעמט מיט א סם און ער איז קראנק געווען דערפון.

— איך ווייס אליין ניט וואָס עס איז מיט מיר — האָט ער ערצעהלט און אלע האָבען געהערט מיט אראָבגעבויגענע קעפּ — איך בענק. אזוי ווי איך וואָלט שוין פון לאנג אוועק פון דער היים

און איך וויל געהען צוריק. איך ארבייט און איך זאָג זיך אלע מאָל:
— די היים. אָט וואָס עס האלט מיך אויף.

נחמן איז אויפגעשטאנען. די דאָזיגע מענשען פון ארום האָבען איהם אויסגעזעהען ווי א לעבעדיגער פאָרוואורף געגען אלע זיינע מיינונגען און ער האָט דאָ מעהר ניט געקאָנט פערבלייבען מיט זיי.

— איך פיהל ניט — האָט ער געזאָגט הויך — איך פיהל ניט — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט אין פערצווייפלונג — איך קאָן וויינען פון אייערע ווערטער, נאָר מיין בלוט האָט זיך דאָך אויסגעמישט מיט ערד פון גלות... איך וויל גליק, נאָר דאָ.

— איהר זענט ניט קיין איד! — האָט אָבגעהאקט דינה מיט צאָרען.

— איהר זענט ניט קיין איד! — האָט אין שנאה אויך אָבגעהאקט לייזער.

— שוין שפּעט — האָט נחמן בעמערקט, אָנשטאָט צו ענטפערען זיי ביידען. — איהר געהט, מייטע?

ער האָט אָנגעהויבען זוכען זיין הוט און דניאל האָט איהם, צוואווינקענדיג, געזאָגט שטיל:

— ערגערט זיך ניט, נחמן, איהר אָדער ער — ס׳איז אלס איינס. איהר זענט איין זוהן און ער איז א צווייטער. ערגערט זיך ניט, איך בעט אייך, מיר טוט עס וועה.

— ס׳שאד ניט, דניאל... איך פיהל זיך דאָך, אז איך בין גערעכט.

מייטע האָט שוין געוואַרט אויף איהם. נחמן האָט זיך געזעגענט מיט יעדען בעזונדער און זיי זענען ביידע ארויס פון שטוב. דער הויף איז געוועזען א פינסטערער. ס׳האָט געגאָסען א רעגען און די פּיס האָבען געזונקען אין דער בלאָטע. נחמן מיט מייטען זענען געגאנגען פּאָרזיכטיג, האלטענדיג זיך ביי די הענד ניט צו פערלירען זיך און ניט אומצופאלען. אין גאס האָט פערשמעקט מיט ווינד. פאָראויס זענען געגאנגען מענשען און ס׳האָט זיך געדאכט, אז זיי האָבען זיך געטוליעט צו זיך אליין, און פון יאוש האָבען זיי ניט געוואָלט פיהלען דעם ווינד, ניט זייער לעבען, ניט דאָס צוועקלאָזיגקייט, וואָס האָט זיי ארומגערינגעלט און וואָס האָט זיי דער־

ווארטעט, און דער רעגען האָט, אזוי ווי האָפענונגסלאָז, געקלאַפּט איבער זיי.

— איהר שווייגט? — האָט נחמן געזאָגט שטיל.

זיי האָבען זיך נאָך אלס געהאלטען אונטער די הענד, ווי זיי וואָלטען מורא געהאט צו פערלירען עפּיס א טייערע זאַך, וואָס איז זיי איצט זעהר נויטיג געווען אין פינסטערניש און איינזאמקייט.

— ס'איז מיר שווער צו דערצעהלען, נחמן. נאָר איך האָב דאָרטען געפיהלט עפּיס אזוינס, ווי ס'וואָלט זיך פאר מיר געעפענט דער הימעל!...

זי האָט ניט געוואָלט ארויסגעבען אינגאנצען, וואָס זי האָט געטראכט דערפון און אין איהר קול האָט זיך אָבגערופען א שטילער אומעט:

— איך האָב ניט געוואוסט, אז איך בין א אידיש קינד. א איידין, נחמן? דאָס הייסט א אידיש קינד — ס'איז דאָך גאָר עפּעס אנדערש...

זיי זענען אלס טיעפער געגאנגען אין דער פאָרשטאָט און פון די פייערלעך אין די פענסטער האָט געוועהט מיט אזא מין אומעט, ווי זיי וואָלטען בעליכט טויטע געשטאלטען און אלס ארום, די ברייטע גאסען, פערזונקענע אין בלאָטע, די נאקעטע בוימער און די אָרימע הייזער — אלץ איז אזוי בעהערשט געווען מיט אומעט, אז עס האָט זיך געדאכט, דאָס זיי טוען תפילה אין דער שטיל מען זאָל זיי צונעהמען ערגעץ, וואו בעסער איז...

— א אידיש קינד — האָט זיך מייטע ווידער דערמאָנט, טור־ליענדיג זיך צו נחמנ'ען — וואָס פאַר אַ גוט וואָרט דאָס איז! אַ פרייד. מיר זענען אידען. איהר זענט א איד. נחמן איז א איד!...

זי האָט זיך אין דעם וואָרט אזוי ווי געשפּיגעלט. זי האָט עס ארויסגערעדט הויך. דערנאָך א ביסעל שטילער און שפּעטער האָט זי עס קוים בעריהרט מיט די ליפּען. ווי א פערליעבטע, האָט זי עס געקושט און ניט געקאָנט זיך צושיידען מיט דעם.

— פון דעם דרעהט זיך דער קאָפּ — האָט געזאָגט נחמן — נאָר מען דאַרף ניט ווערען שכור. אונזער היים איז דאָ. דער כח איז ניט אין אנטלויפען...

ער האָט זיך אומגעקוקט א דערפרעהטער און א שטארקע ליעבע האָט זיך פון זיין קול אָבגערופען, ווען ער האָט געזאָגט ווייך:

— איהר זעהט דעם הימעל, מייטע — ער איז איצט שווארץ. נאָר אַט דעם שווארצען הימעל האָב איך בעסער ליעב פון דער זון, וואָס לייכט דאָרטען... די נאכט וועט אוועק און ס'וועט אויפשיינען דער טאָג. נאָר דער טאָג וועט זיין דאָ...

דער רעגען האָט הילפלאָז געקלאפּט איבער די דעכער. ער האָט געקלאפּט פּאָראויס און ער האָט נאָכגעיאָגט פון אלע זייטען, ווי ער וואָלט געזוכט א וועג צו פערלעשען דעם זיסען חלום.

# IX

איצט האָט מייטע פערבראַכט איהרע טעג אין חלום. די צייט איז ביי איהר אריבער ביי דער ארבייט אזוי ווי פריהער, נאָר אין הארצען האָט זיך ביי איהר געוועבט א ליכטיג און א צארט געפיהל, וועלכער פלעגט אויפברויזען פון צייט צו צייט מיט גרוים בעגייס־טערונג. זי פלעגט אויפוואכען פון שלאָף מיט א שמייכעל. אזוי האָט זי געשמייכעלט צו אלע ווינקעלעך פון שטוב און צו דעם גרויסען פרעמדען הויף. און די אלע ליעבע געשטאלטען, וועלכע זענען איהר זעהר טייער געוועזן, האָבען זי אַרומגערינגעלט דעם גאַנצען טאָג. איהר האָט זיך געדאכט, אז זי וועט נאָר זאָגען נחמנ׳ען וועגען איהר ליעבע צו איהם, וועט ער איהר גלייך ענטפערען דאָס זעלבע. דערנאָך וועלען זיי זיך ביידע פערבינדען מיט דער ״היים״ און דינה וועט אויך דאָרטען זיין. אזוי ארום וועט זיך שאפען א בריק פאר אידען אריבערצוגעהען אינ׳ם הייליגען לאנד, וואו זיי וועלען זיין פריי און גליקליך. אלע מיידלעך וועלען זיין ארבייטערינס. זיי וועלען מיט די סערפּען געהען אין די פעלדער אריין און דאָס לעבען וועט דאָר־טען זיין א גן עדן. און אלסדינג, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, האָט זיך עם וואונדערליך פערענדערט אין ליעבע. און אזוי ווי מען קאָן אין קיין טייך ניט אונטערשיידען די וואסערען פונ׳ם אור־קוואל, אזוי האָט זי איצט ניט געוואוסט מיט וועלכער ליעבע זי האָט ליעב נחמנ׳ען, דאָס הייליגע לאנד און דינה׳ן... צו דינה׳ן האָט איהר שטארק געצויגען און, ריידענדיג מיט נחמנ׳ען, האָט זי אָפט גע־פרעגט וועגען איהר. מייטע האָט זי פאָרגעשטעלט זיך א ליידענדע און א שטארקע און זי האָט איהר געוואָלט דינען מיט אלע כחות. און דערפאר האָט זי זיך געפיהלט ניט ווירדיג צו רעדען מיט איהר און איז גרייט געוועזן בוקען זיך צו איהר, יענע זאָל זי נאָר בעמער־

קען און צוגעבען א ביסעל מוט... אין אָווענד פלעגט זי דערהיטען פייצשען, חלומ'ענדיג צו דערגעהען עפּיס ביי איהר וועגען דינה'ן, און איז ניט צופרידען געווען מיט פייצשע'ס קאַלטקייט צו דער שוועסטער.

— ווען איך האָב אזא שוועסטער — האָט איהר איין מאָל געזאָגט מייטע — וואָלט איך ניט אָבגעטראָטען פון איהר.

געווען איז דאָס ענדע נאָוועמבער, באלד נאָך דעם, ווי מען האָט די אַלטע סימע געפונען אין גאס א צושלאָגענע, ווען ס'האָט זי אומגעוואָרפען פון די פיס א שכור'ער וועגעלע־שטופּער. דיביידע מיידלעך זענען געזעסען ביי נחמנ'ען אין צימער און פייצשע האָט זיך געאיילט אוועקצוגעהען ער זאָל זי ניט טרעפען.

— נישטאָ קיין צייט ,מייטע — האָט געענטפערט פייצשע — מיר האָבען ליעב דינה'ן, נאָר מיר האָבען קיין צייט ניט ארויסצוּווייזען איהר די ליעבע. אָט זענען אריבער די רעגענס — האָט זי געערעדט מאָנאָטאָן — און דער ווינטער טרייבט פון פאבריק אויפ'ן גאס און פון גאס אויף דער פאבריק. און די מאמע ליגט נאָך. די פיס זענען איהר נאָך אלס אזוי ווי די קלעצער. די קוישען שטעהען אויפן אויוועז און ווען זי גיט אויף זיי א קוק, בעגיסט זי זיך מיט טרעהרען.

— אודאי — האָט אומגעדולדיג געזאָגט מייטע — צרות איז פערהאן גענוג, נאָר דינה — איז די שיין פון דער זון.

— די זון — האָט פייצשע איבערגע'חזר'ט — נאָר אונז ועט שוין די זון אויך ניט דערוואַרעמען. אז דו זיצסט א ביסעל אין שטוב, וואו די מאמע ליגט אויף איין בעט און אויף דער אנדערער ליגט איטע, זי טראָגט שוין ווידער פון עפּיס א אינגעל, און אז דו זעהסט, אז זיי פייניגען זיך ביידע, ועסטו שוין דעמאָלט אָן זיך פערגעסען. ביידע טענה'ן זיי זיך אויס, ביידע שרייען זיי פון כעס, מען שעלט זיך און מען וויינט... און דער הונגער זיצט מיט זיי ווי א לעבעדיגער.

מייטע האָט שוין געשוויגען. און ס'האָט זיך געדאכט אז דאָס מיידעל האָט פאר זיך דאָס בוך פון שלעכטס און פון דאָרטען לייענט זי ארויס איהרע ווערטער.

— ווען ניט איך און ניט פרומע וואָלטען זיי שוין לאנג אויסגעגאנגען פון הונגער. און ביי נאכט איז פון די מיידלעך ניט דורכ־

צוגעהען די גאס. און מען וועט בייז למאי זיי נעהמען ביי דיר צו דאָס ביסען ברויט פון מויל.

— דאָס איז שרעקליך — האָט מייטע ארויסגעשטאמעלט, א פערקרימטע, ווי מען וואָלט זי געשלאָגען.

— וועסט געוואוינט ווערען, מייטע — האָט זיך אָבגערופען פייצשע א רוהיגע און א פעראומערטע — ס'וועט צו דיר אויך קומען, ווי דער בעסטער גוטער פריינד. ס'וועט אָבזוכען די שטוב, וואו דו וואוינסט, דיין דירה וועט עס געפינען. ס'וועט אָנקלאַפּען אין פענסטער און דו וועסט ארויסגעהען. אויב דער ווינטער וועט דיך ניט ארויסטרייבען, וועט דיך דער זומער פערפיהרען. און ס'טרייבט, און ס'ציהט, מייטע...

ס'האָבען זיך דערהערט נחמנ'ס טריט און פייצשע איז, ווי פייל אויסען בויגען ארויסגעלאָפען פון צימער.

— נו, אָט בין איך פריי — האָט ער געזאָגט מיד — גוטען אָוונד, מייטע! וואָס טוט מען איצט?

ער האָט ניט אויסגעטהון און אזוי האָט ער זיך אוועקגעזעצט. אין דער רגע האָט צשארנע אויף איהם א בליק געוואָרפען דורך דער אָפענער טהיר און זי איז ווידער נעלם געוואָרען ערגעץ ביי זיך אין שטוב...

בייטאָג איז נחמן געזעסען מיט דניאל'ן אין טראַקטיר, נאָכ־דעם, ווי זיי האָבען אויספערקויפט די רעשטען פון זייער סחורה, האָבען זיי זיך צוטיילט מיט'ן געלד און, ארויסקוקענדיג צו די שטע־לען האָט נחמן געזאָגט:

— מיר האָט שלמה פריהער געזאָגט, אז עס וועט זיין אזא סוף. נאָר נעמט זיך ניט שטארק צום הארצען, מיין ליעבער שותף. ס'קאָן זיין, אז פאר פסח וועלען מיר ווידער ווערען סוחרים.

— יאָ — האָט געענטפערט דניאל, פרואווענדיג זיך צו שמייכ־לען — דער ווינטער האָט טאקע אָבגעהאקט דעם קאָפּ. אמת, מיר האָבען זיך נאָך געהאלטען ביז נאָוועמבער. אויך א טרייסט. א סך זענען זיך דאָך צולאָפען נאָך פריהער מיט צוויי חדשים...

— צו זיין א קרעמער דארף מען דערצו געבוירען ווערען — האָט נחמן געזאָגט פעסט.

— זאָל זיין אזוי — האָט איינגעשטימט דניאל — איך וועל אייך ניט איבערשפּאַרען. גיט מיר דאָס טשייניקעל. איצט איז ביי

מיר נאָר דאָס איינציגע געבליבען. דערהאַלטען זיך ביז נאָך פּסח און דערנאָך ארויספאָהרען קיין ארץ־ישראל. מיר זענען אין פיערען און אלע וועלען מיר ארבייטען... אין דער היים. מען דארף זיך נאָר דערשלאָגען צו די, וואָס גיבען הילף ארויסצופאָהרען פון דאנען.

— וואָס־זשע וועט איהר טהון דעם גאנצען ווינטער? — האָט נחמן געפרעגט פעראומערט.

— דאָס, וואָס איהר. פונקט דאָס אייגענע. א ביסעלע וועלען מיר צוהונגערען, א ביסעל וועלען מיר אויסבעטען און א ביסעל וועלען מיר פערדינען... נאָר גלויבט מיר, איך טראכט ניט דערפון. איך זאָל נאָר ניט אומפאלען פון עפּיס א קרענק און געפינען די, וואָס זאָלען אמאָל ווארפען א בליק אויף מיינע פויגעלעך. "דאָרטען" וועל איך אלע מאָל גאָט בעטען פאַר זיי.

נחמן האָט ניט געענטפערט און לאנג זענען זיי געזעסען פער־טראכט, צורודערטע פון די צרות, וואָס זיי האָבען פאַראויסגעזעהען און דערוואַרטעט פון טאָג אויף טאָג.

— איצט וועל איך אייך דאָ גוט דערעסען, מייטע — האָט נחמן געזאָגט ווייך, קוקענדיג מיט רחמנות אויפן מיידעל, וועלכע איז געזעסען מיט א געבויגענעם קאָפּ זעהר א פערטרויערטע — נאָר בעוויינט מיך ניט. איך וועל נאָך אפשר אָבזוכען עפּיס אנדערש.

— מיר טרייבען אייך ניט, נחמן — האָט זיך דערהערט פונ'ם צווייטען צימער טשארנעס קול — זיצט דערווייל. וואָס מיינט איהר, איך בין עס אזא קמצנ'טע? — האָט זיך דערהערט איהר לאנגער און גוט־שטילער געלעכטער... אייער מסחר דערמאָנט מיר איצט יענעם אידען, וואָס האָט געהאנדעלט מיט עפּיל אין דעם טאָג, ווען מען האָט ביי איהם גע'גנב'עט די קוישען. און ער האָט ניט גע־וואוסט וואָס צו טהון מיט די עפּעל.

— זאָרגט זיך ניט, מייטע — האָט טשארנע איבערגע'חזר'ט, בעווייזענדיג זיך אויף דער שוועל — מייטע ארבייט מיט די הענד און איך מיט די פיס... זיצט דערווייל מיט אונז.

— גוט טשארנע. אייער גוטסקייט וועל איך קיין מאָל ניט פערגעסען.

— איי, איי, איי — האָט זי געזאָגט, לאכענדיג — גוטסקייט! ביי אייך קומט עס אויס, ווי ביי יענעם פויגעל, ווען דער בעל־

הבית האָט ביי איהם אוועקגענומען דעם ווייץ, וואָס ער האָט זיך געקליבען צו עסען.

.... גוטסקייט! מען דאַרף זיין גוט, נחמן, אמת גוט! איך לעב נאָר דעמאָלט, ווען איך בין א גוטע. עפּיס ווער איך דעמאָלט ברייטער ווי לענגער...

— איהר הערט, נחמן? — האָט מייטע געשטאמעלט, קוקענדיג מיט ענטציקונג אויף דער אלטער.

— ווען ס'ווערט מיר שלעכט, דעמאָלט ווער איך ערשט גוט. איך בין געבליבען א יונגע אלמנה. איך האָב געוויינט. מיר האָט זיך געדאכט, אז די וועלט איז חרוב געוואָרען, נאָר איך בין געווען א גוטע, א גוטע... ביי מיר זענען פיער קינדער געשטאָרבען. איך האָב געוויינט, נאָר איך בין געווען א גוטע, א גוטע... וואָס וועט איהר זאָגען, נחמן? איהר וועט אודאי מיינען, אז איך בין געגליכען צו יענעם שלים'מזל'דיגען פוהרמאן, וואָס האָט געקושט דאָס פערד, ווען יענער האָט זיך אָבגעזאָגט צו פאָהרען...

זי איז ווידער ארוים פון צימער און לאנג האָט זיך נאָך געהערט איהר קול, איהר געלעכטער און איהר שטיל פלאפלעריי.

— ביי אייך איז זעהר א גוטע מאמע — האָט זיך אָבגערופען נחמן א דערפרעהטער, אליין ניט וויסענדיג פון וואָס.

— זי האָט אַלע ליעב — האָט דאָס מיידעל געזאָגט ערנסט

— איך וואָלט געוואָלט זיין אזוי, ווי זי.

— איהר זענט אויך אזעלכע — האָט ער אָנגעהויבען און האָט זיך אָבגעשטעלט, בעמערקענדיג ווי זי איז רויט געוואָרען.

— איך וועל איהם זאָגען — האָט מייטע געטראַכט, ניט אויפהויבענדיג די אויגען — איך וועל איהם זאָגען...

דערווייל האָט איהר נחמן אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען דניאל'ען, ווי אזוי ער קלייבט זיך נאָך פסח אין וועג אריין און טשארנע, הערענדיג עס פונ'ם צווייטען צימער, האָט ניט צופרידען געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

—אלסדינג איז דאָס שוין געווען — האָט זי געזאָגט, בעווייזענדיג זיך ביי דער טהיר — פערהאַן שעהנע מעשות צו דערצעהלען...

זי האָט געפינטעלט מיט די אויגען. איהר פוסטער מויל אָהן

צייהן האָט קלוג געשמייכעלט און זי האָט גערעדט, נאָר נחמן האָט געקוקט אויף מייטע'ן, טראַכטענדיג זיינע שווערע רעיונות.

ס'זענען פאַריבער עטליכע טעג. ס'האָט אָנגעהויבען צו שנייען. איצט זענען אין הויף ווייסע בערג געווען אָנגעשאָטען און זיי האָבען אונטערגעשפּאַרט די פענסטער... נחמן האָט זיך זעהר געלאַנגווייליגט, ניט קאָנענדיג זיך קיין אָרט געפינען. די אַלטע טשאַרנע האָט געזוכט פאַר איהם אַרבייט, נאָר ס'איז גאָר נישט געווען צו קריגען.

— נ'מיך צוגעהען צו שלמה'ן — האָט ער זיך איין מאָל געזאָגט אין א פריהמאָרגען.

שלמה האָט שוין געוואוסט פון נחמנ'ס שלעכטע געשעפטען. און ער האָט איהם בעגעגענט אויף זיין גוטמוטיגען שטייגער, ווי תמיד:

— א, נחמן! — האָט ער געזאָגט שמייכלענד — זאָל זיין ערגעץ וואו. געדענקסט, איך האָב דיר פריהער געזאָגט.

נחמן האָט זיך אָבגעזוכט א פּלאַץ צום זיצען. ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס זעהט איהר ניט לאה'ן?

— זי איז דאָ ביי א שכנה. נו, דערצעהל עפּיס. וואָס איז מיט דניאל'ן?

— נישטאָ אפילו וואָס צו דערצעהלען. איך פערשטעה ניט אליין, ווי אזוי האָב איך זיך נאָך געהאַלטען ביז אהער.

— איך האָב אַלסדינגג געזעהען, ווי אויפ'ן האנד — האָט שלמה געזאָגט ערנסט — נאָר פרואווען האָסטו געדאַרפט. דאָ האָסטו אָנגעוואַרען, וועסטו אין אנ'אַנדער אָרט געווינען.

— מיר טוט עס ניט באַנג. פאַר זיך וועל איך נאָך עפּיס געפינען וואָס צו טון, נאָר דניאל'ן איז אַ רחמנות. ער טראַכט איצט צו לאָזען זיך אין וועג אריין....

שלמה האָט אָנגעטהון די ברילען און ער האָט אויפמערקזאַם געקוקט צו נחמנ'ען.

— דו לאַכסט ניט? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, שלמה. איך לאַך ניט.

דער אַלטער איז שטיל געבליבען אין צער און ערגערניש...

— יאָ, מען פאָהרט — האָט ער זיך אָבגערופען בעדויערענד, ווי ס'וואָלט איהם שווער געווען זיך מודה צו זיין אין דעם, נאָר

ער האָט ניט געוואָלט זאָגען קיין ליגען... — ס'ברענט ניט, נאָר מען פאַהרט. וואו דו גיסט זיך א קער, זעהסטו א פוהר און פון די שטיבער טראָגט מען ארויס די בעביכעס פון קבצנים. יאָ, יאָ. ס'ברענט ניט. ס'איז ניט קדחת. מען שרייט ניט, מען רעש'ט ניט. נאָר מען פאַהרט. וואוהין? ווער ווייס? אזוי ווי אויף דער גרעניץ וואָלט געשטאנען א גרויסער גוטער פריינד און וואָלט אלעמען גערופען צו זיך...

— נו, יאָ — האָט געזאָגט נחמן, הערענדיג דעם אלטען מיט גרויס אינטערעס — איהר זאָגט דאָך אליין.

— איך וואָלט געוואָלט שרייען, נחמן, נאָר ווער וועט הערען? דעם טייך וועסטו ניט אָבשטעלען, ווען ס'צוגיסט זיך זאָל עס אפילו אוועקטראָגען מיט זיך דאָס טייערסטע, וואָס דו פערמאָגסט.

— איך פערשטעה אייך זעהר גוט — האָט נחמן געזאָגט מיט היץ.

— ניין, ניין, דו פערשטעהסט ניט... ס'איז שווער. — און זעה דאָס שווערע לעבען... אזוי ווי דער וואלד, וואָס שטעהט אין וואסער און פוילט — אזוי זעה איך דעם מענשען. נאָר דער יונגער ווייַן ווערט אויך ארויסגעפיהרט אין אלטע כלים. איך וויל שרייען, נאָר מיין געשריי ווערט דערשטיקט...

— וואָס זשע טהוט מען, וואָס זשע טהוט מען? — האָט נחמן געפרעגט אין אומעט.

דער אלטער איז געזעסען שטיל. די ברילען זענען איהם געווען פעררוקט אויפן שטערען און פון די אויגען האָט איהם פייער ארויס־געבליצט.

— זאָלען די שוואכע אוועקגעהען, די שטארקע זאָלען בלייבען — האָט ער געזאָגט — זאָל אוועקגעהען דער, וואָס האָט א קראנקע ווייב און קראנקע קינדער, זאָל אוועקגעהען דער שלימזל און דער שוועכלינג, זאָלען אוועק די קאליקעס און בעטלער, זאָל אוועקגעהען דער, וואָס זיין קלאָרער שכל האָט איהם אויפגעהערט צו דינען און זיין הארץ איז איהם צובראָכען... נאָר ס'געהען אוועק אונזערע האָ־פענונגען... און מיין געשריי ווערט דערשטיקט...

נחמן איז געזעסען א פעראומערטער און פיינליך האָבען זיך איהם זיינע מחשבות געוועבט:

— נו, דערציעהל עפּיס פון זיך — האָט שלמה געזאָגט לסוף,

ווי ער וואָלט זיך ארויסגעריסען פון זיינע גאדנקען — וואָס טראכסטו איצט צו טהון?

— איך בין אונגליקליך, וואָס איך האָב ניט קיין פאך אין האנד.

— א פאך? און פארוואָס זאָלסטו זיך ניט צולעהרנען ביי חיימ׳ען ביז וואנען דו געהסט אזוי ארום ליידיג.

— וואָס האָט איהר געזאָגט? — האָט נחמן געפרעגט אין אויפרעגונג.

עפּיס האָט א בליץ געטון פאר זיינע אויגען. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער איז געשטאנען ביי א וואנד, ווע̇לכע האָט זיך מיט אמאָל צוטיילט אויף צוויי העלפט און ס׳האָט זיך געוויזען א ברייטער וועג פאָראויס.

— זעהר א גוטער געדאנק — האָט ער ארויסגעשטאמעלט — איך פערשטעה ניט, ווי אזוי עס איז מיר פריהער ניט געקומען אויפ׳ן זינען.

— וואָס טהוט עפּעס מייטע? — האָט שלמה געפרעגט מיט א שמייכעל.

— מייטע? — ער איז רויט געוואָרען — זי ארבייט... ווי אזוי מיינט איהר, חיים וועט מיר עס טהון?

— אודאי יאָ. וועסט טרינקען טיי? נעהם זשע דעם טשייניק און ברענג אריין געזאָדען וואַסער. ניט דאָרטען, ניט דאָרטען זוכסטו. אָט דאָ הינטערען אויוועלע שטעהט דער טשייניק.

נחמן האָט געבראכט טהיי און ביידע האָבען זיי זיך צום טיש געזעצט. זיי האָבען ווידער צווישען זיך געשמועסט און גערעדט האָבען זיי וועגען די שלעכטע געשעפטען און ארבייטסלאָזיגקייט. שלמה האָט אלץ געמאָלט דאָס שרעקליכע בילד פונ׳ם שלעכטען ווינטער אין די רייהען פון דער אידישער אָרימקייט. מענשען האָבען געקרענקט און געהונגערט און, קוקענדיג דורך די פענסטער אויפ׳ן קלאָרען שניי פונ׳ם הויף, וועלכער האָט געבלענדעט פון ווייסקייט, איז געוועזען שווער פאָרשטעלען זיך, אז די אלע מענשליכע ליידען האָט ארויסגערופען דער דאָזיגער העלער צודעק, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער דער ערד. לאנג זענען זיי נאָך ביידע געזעסען און האָבען גערעדט צווישען זיך, דערנאָך האָבען זיי זיך פריינדליך צושיידט.

איצט איז נחמן אזוי געוועהנט געוואָרען צו שלמה'ן, אז זיין גאנצע צייט האָט ער נאָר פערבראכט מיט איהם. ער פלעגט אוועק־געהען צו איהם אין דער פריה און גאנצענע טעג האָבען זיי גע־שמועסט וועגען די געשעהעענישען פון דער פאַרשטאָט און די ליי־דען פונ'ם מענשען און שלמה'ס ערפאהרונגען האָבען איהם גע־לעהרענט, ווי א בוך פון לעבען. אָפט פלעגען זיי בעזוכען נתנ'ען, וועלכער איז געלעגען אין שפּיטאָל און אין די קליינע שעה'ן פון זייערע געשפּרעכען האָבען זיי זיך אלע דערנעהנטערט צווישען זיך און יעדען איינציגען פון זיי האָט זיך ענטפּלעקט עפּיס נייעס, וואָס פריהער האָט עס קיינער פון זיי ניט געוואוסט. נתן איז נאָך אלס געווען קראנק, אזוי ווי פריהער, נאָר ער איז נאָך פעסטער געוואָרען אין זיין געדאנק וועגען צופּאַסען זיך צו די ליידען פון לעבען און דעריבער האָט ער שטיל געדולדעט זיין קראנקהייט, רוהיג האָט ער דערוואַרטעט דעם טויט און האָט זעהר שעהן גערעדט וועגען זיין גליק וואָס ער האָט זיך דערקענט צו דעם אמת. שלמה האָט היים גע'טענה'ט מיט איהם, נחמן האָט איבערגעשפּאַרט זיי ביידען און אלע דריי האָבען זיי איבערגעלעבט שעהנע און גליקליכע מאָמענ־טען, וואָס מען האָט עס מיט קיין ווערטער ניט געקאָנט בעציי־כענען.

די טעג זענען דערווייל געגאנגען. געווען איז עס אָנהויב־יאַנואר און שלמה האָט איין מאָל געזאָגט צו נחמנ'ען:

— נעכטען איז ביי מיר געווען חיים. איך האָב מיט איהם גע־רעדט וועגען דיר. ער איז מסכים אויסצולעהרנען דיך מאכען סי־גארען און נאָך פּסח וועסטו קאָנען אָנקומען אויף דער פאבריק.

נאָך אין דעם זעלבען אָוונד האָט נחמן פערנאנדערגעפרעגט ביי טשארנע'ן, וואוהין חיים האָט זיך ארויסגעצויגען, ווייל זי איז געווען זיינע א ווייטע קרובה און גלייך איז ער אוועק צו איהם א היים. ווען ער האָט פערקערט אינ'ם געסעל, וואו יענער האָט גע־וואוינט, איז ער אריין אין א שמאָלען דורכגאנג פון דריי שפּאַן די ברייט.

— איך האָב קיין מאָל ניט געוואוסט, אז עס איז פערהאַן ערגעץ אזא געסעל — האָט נחמן א טראכט געטהון, אָנצינדענדיג א שוועבעלע אום צו געפינען דעם וועג אינ'ם טיעפען ארומיגען שניי.

די צוויי שטאָקיגע אַלט־גראָהע געביידעס זענען געווען אזוי

נאָהנט, אַז פֿון דעם מינדעסטען ווינטעל האָבען זיי גערראָהט אומ־צופאַלען איינס אויף דאָס אנדערע. זיי האָבען זיך געצויגען ווייט און אין עק פֿון׳ם געסעל האָט אין א לאַמטערען, ווי א ליכט, געברענט א נאַפט־לאָמפּ. נחמן האָט אלס געצונדען שוועבעלעך, א בייזער אויפ׳ן ווינד, וועלכער האָט זיי געלאָשען. לסוף האָט ער אָבגעזוכט א פּאָר שמאָלע טויערלעך און איז אריין אין הויף. און דאָרטען ווידער איז ער פערזונקען אין שניי, נאָר ער האָט אזוי לאַנג געבלאָנדזעט ביז ער האָט אָנגעטראָפען א לעבעדיג באַשעפעניש, וועלכעס האָט צו איהם אויסגעשריען מיט א הייזעריגען קול, אז חיים וואוינט אין מיטען פֿון׳ם אינוויינינגסטען פליגעל און ווייטער זאָל דער רוח נעה־מען פרעמדע בעזוכער און דעריגע שכנים... נחמן איז ארויפגעגאנגען אויף די שמאָלינקע טרעפּלעך און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו עפענען די צוגעפראָהרענע טהיר.

— דאָס ביסטו חיים? האָט זיך דערהערט א שטילע פרויען־שטים.

— ניין, ס׳איז ניט חיים, האָט געענטפערט נחמן. איך אַליין דארף האָבען חיים׳ען. ער וועט באַלד קומען?

— געהט אריין און פערמאַכט די טהיר. דאכט זיך איהר זענט עס נחמן.

— יאָ, נחמן. איך בין ביי אייך אמאָל געווען. איהר געדענקט?... איך האָב צו חיים׳ען עפּיס אנ׳אינטערעס.

ערשט איצט האָט ער זיך אומגעקוקט און ס׳איז איהם בעפאלען א שווערער אומעט. חיים׳ס ווייב גאָלדעלע איז געלעגען אויפ׳ן איי־זערנעם בעטעל און דאָס פּנים איז איהר געווען אזוי פערענדערט, אַז נחמן האָט זי קוים געקענט דערקענען. די באַקען האָבען איהר גע־ברענט און די ארויסגעשטאַרטע קין־באַקען מיט דער איינגעפאַלענער איבערשטער ליפּ האָבען איהר צוגעגעבען אזא גרויזאַמקייט, אַז דאָס געפיהל פֿון רחמנות האָט גלייך בעהערשט א פּחד. דאָס צימער האָט אויסגעזעהען, ווי א קליין קעסטעלע און ס׳האָט געשטיקט אין האַלז פֿון דער פייכט־שארפער לופט, וועלכע איז געווען אָנגע־זאַפּט מיט׳ן נאַסקייט פֿון די ווענד און דעם שווערען טיטין־ריח. אויפ׳ן טיש איז געלעגען א קופּקעלע טיטין צוגעדעקט מיט א נאַסער שמאַטע. אין אויוועלע האָט דאָס פייער קוים געצאנקט.

— זעצט זיך — האָט גאָלדעלע געזאָגט לאנגזאם און פער־

שטיקט — איך האָב אייך גלייך דערקענט — זי האָט א שמייכעל געטהון פון פרייה, וואָס דער זכרון דיענט איהר נאָך אזוי גוט — חיים איז געגאנגען נאָך גילזען. זעצט זיך א ביסעל נעהנטער.

ער האָט זיך איבערגעזעצט, ווי זי האָט איהם געוויזען און צו טרייסטען זי א ביסעל, האָט ער געזאָגט:

— איהר זעהט אויס בעסער, ווי דעמאָלט, ווען איך בין דאָס ערשטען מאָל געווען ביי אייך. באמת! ווי אזוי פיהלט איהר זיך?

— אַ, און איהר ווילט מיך אָבנארען — האָט זי געזאָגט א פעראומערטע — אלע ווילען אָבנארען גאָלדעלען מיט א גוט וואָרט. איך בין דאָך א פערענדערטע! איהר קאָנט זאָגען דעם אמת, איך האָב ניט מורא. גאָלדעלע האָט קיין מורא ניט. איך האָב שוין, דאנקען גאָט געזעהען דעם טויט פאר די אויגען. דאָ איז דאָך אלעמען אזא סוף. איך בין שוין געוועהנט. איהר קאָנט זאָגען דעם אמת. נאָך דאנקען גאָט, וואָס ביי אונז זענען קיין קינדער נישטאָ...

זי האָט אָבגעזופּט דעם טהיי פון גלאָז, וועלכע איז געשטאנען נעבען איהר אויף א בענקעל, און זי איז א ביסעל צו זיך געקומען.

— וואָס הערט זיך ביי אייך? — האָט זי געפרעגט — איהר האָט דאכט זיך געהאנדעלט ביי די שטעלען.

איהר איז אלס מעהר אָנגענעהם געווען, וואָס ער איז דאָ גע־זעסען. די לעצטע צייט פלעגט מען זי בעזוכען זעהר זעלטען און זי האָט געבענקט נאָך דער גאס און נאָך מענשען... און ס'האָט איהר פערשאפט פערגעניגען דאָס אָנקוקען א נייעם און פרישען מענשען, וועלכער איז געווען ברייט־פלייציג. א געזונד פּנים האָט ער געהאט און א הויך קול.

— יאָ, איך האָב געהאנדעלט — האָט נחמן געענטפערט, פער־הוסטענדיג זיך — נאָר איך בין געגאנגען צום גרונד. די שטעלען גיבען קיין ברויט ניט.

— אזוי גאָר — האָט זי זיך געוואונדערט — כאָטש דעם אמת געזאָגט, איז עס אזוי. איך מיט חיים'ען האָבען מיר תמיד געמיינט אז א פאך איז בעסער, ווי האנדלען, נאָר איין זאך האָבען מיר ניט געקאָנט פערשטעהען, ווי אזוי חיים'ען איז איינגעפאלען צו ווערען דוקא א סיגארען־מאכער. אפשר איז אין אנדערע פאבריקען, ביי אנדערע פאכען אויך ניט בעסער — איך האָב שוין געזעהען, ווי אזוי מען לעבט דאָרטען אויך, נאָר ערגער פון אונזער פאך קאָן שוין ניט

זיין. איהר פיהלט דאָ די לופטל דער טיטין לייגט זיך אויפ'ן הארצען און ער עסט עס אויף.

— דער מענש ווייסט קיין מאָל ניט, וואו ער וועט אומפאלען

— האָט זי נחמן ווידער געפּרובט טרייסטען — אָט בין איך אויך אריינגעפאלען. האלב פון מיין געזונד האָב איך פערלוירען, שטענדיג די עטליכע חדשים ביי די שטעלען. שרעקט מיך ניט מיט דער פאבריק. חיים האָט דען אייך ניט דערצעהלט, וואָס שלמה האָט מיט איהם גערעדט וועגען מיר?

זי האָט אין שרעק א קוק געטהון אויף איהם און ער, שמייכלענדיג אויף איהר בייזען וואונדער — האָט געזאָגט שטיל:

— קוקט ניט אויף מיר אזוי. איך קאָן זיך אָבזאָגען צו ארבייטען מיט חיים'ען, נאָר אויב ניט דאָס, ווייס איך ניט, וואָס עס וועט זיין מיט מיר!

— איך שטער אייך ניט — האָט זי ארויסגערעדט אין אומעט

— נאָר גיט א קוק אויף מיר. איך אליין האָב מורא א קוק צו טהון אויף זיך אין שפּיגעל. איך קאָן עס ניט אריבערטראָגען. ווען איך האָב חתונה געהאט מיט חיים'ען, בין איך געווען א געזונדע, א שיינענדיגע מיט רויטע בעקלעך, ווי אנ'עפּעל. ער איז שוין דעמאָלט געווען אָנגעגריפען פונ'ם טיטין. און איך האָב דאָס געוואוסט, נאָר איך האָב איהם ליעב געהאט... מיר האָבען געדונגען א צימער און, דאכט זיך, ווען מלאכים וואוינען דאָרטען, וואָלט ניט געקאָנט זיין בעסער. ער-האָט פערדינט דרייסיג רובעל א חודש און איך בין געוואָרען א בעל־הבית'טע. נאָר באלד האָבען אָנגעהויבען צו פאלען די פרייזען... חיים איז געקראָכען פון דער הויט. פרעג איך אייך — ווי אזוי האָט מען געקאָנט זיצען מיט פערלייגטע הענד? האָב איך זיך גענומען איהם אונטערצוהעלפען. און זעהט וואָס פון מיר איז געוואָרען. פאר פינף יאָהר האָט מיך אויפגעגעסען דער טיטין...

— וואָס זשע זאָל איך טהון? — האָט נחמן עקשנות'דיג געפרעגט — פון א קרענק קאָן מען זיך ניט איינהיטען אין ערגעץ.

זי האָט אָנגעהויבען ווארפען מיט די הענד און דערצעהלען וועגען דעם שווערען לעבען פון די סיגארען־מאכער. אלע זענען זיי קראנק געווען אויף שווינדזוכט. מיט קראנקע לונגען האָבען זיי אלע געלעבט אין נויט און אזוי ארום זענען אויך אומגעקומען זייערע

קינדער, ווייל פריהער, אָדער שפּעטער האָט זיי פּער׳סמ׳ט דער טיטין...

— דאָ זענען פערהאַן אַזעלכע אומגליקען — האָט זי געזאָגט — וואָס אַ פערד וואָלט פון זיי אומגעפאַלען. אָט וועל איך אייך דערצעהלען... ניט לאַנג האָט מען פערנומען אין שפּיטאָל חיים׳ס אַ חבר, לייב הייסט ער. אַ דעריגער. שוין געווען ביי איהם די לעצטע טעג. אין אַ וואָך ארום האָט זיך אוועקגעלייגט דאָס ווייב זיינס. זי איז אויך געווען אַ דעריגע. האָט מען זי אויך געמוזט אוועקפיהרען אין שפּיטאָל. די קינדער זענען געבליבען אויף די הענד פון אַ ניינציעהריג מיידעלע. נעכטען איז געשטאָרבען די מוטער און היינט אין דער פריה האָט לייבע אויך אָבגעגעבען זיין כשר׳ע נשמה. אַזוי זענען ביידע געשטאָרבען, גאָר ניט וויסענדיג איינס פון׳ם אַנ־דערען... ניט זוכה געווען אפילו צו געזעגענען זיך...

גאַנץ אונערוואַרטעט האָט זי זיך מיט אַמאָל צואוויינט און נחמנ׳ען האָט פון איהרע טרעהרען פערקלעמט דאָס האַרץ.

— וויינט ניט! — האָט ער זי געבעטען...

— אין קיין זאַך געהט אונז ניט — האָט זי געזאָגט דורך טרעהרען — מיט דער פאַבריק איז ניט געגאַנגען, מיטן לייפּציגער צעטעל איז אויך ניט געגאַנגען און מיטען געזונד געהט עס אויך שלים־שלימזל... און פאַר וואָס איז עס אונז אַזוי ניט געגאַנגען? מיר האָבען אַלס געטהון. מיר האָבען געאַרבייט. ניט דערעסען און ניט דערשלאָפען. אַלס געגרייט זיך אויף בעסערס, און קיין מאָל האָט מען ניט געלעבט.

— אַזוי, אַזוי — האָט נחמן געדרעהט מיטן קאָפּ.

— מיט יעדען טאָג ווערט אַלס שווערער צו לעבען. פון אומעטום קומען אָן מאַסען מענשען און מען שלאָגט די פּרייזען. שוין געקומען אַזוי ווייט, אַז ניט גערען צאָהלט מען די דרייסיג קאָפּיקעס פונ׳ם טויזענד. איצט זאָגט מען, אַז עס איז שוין פערהאַן מאַשינקעס אַזעלכע, וואָס מאַכען סיגאַרען... איהר האָט געהערט פון דעם? די קרענק מאַטערט, נאָר אַז דו גיסט אַ טראַכט, וואָס עס שטעהט דיר פאָר, האָסטו שוין אין דעם אויך אַ נחמה... ווער איז דאַרטען? דאַכט זיך חיים. יאַ, יאַ, דאָס איז ער...

נחמן האָט זיך אומגעקוקט. די טהיר איז שוין געווען אָפען

און אין צימער איז אריינגעקומען חיים. ער האָט שווער געאָטעמט און האָט זיך יעדעס מאָל אָבגעלאָזען.

— גוט אָוועגד, חיים! — האָט געזאָגט נחמן.

אָ, נחמן — האָט זיך חיים דערפרעהט — פון וואנען קומט איהר אָן? גוט אָווענד!

ער האָט אוועקגעלייגט די גילזען אויפן טיש און האָט אָנגעהויבען אויסטהון דעם פּאַלטאָ.

— ווער וואָלט זיך עס געריכט, גאָלדעלע — האָט ער געזאָגט — אז נחמן וועט קומען. ווארט אויס. וואָס פאר א יום טוב איז ביי אונז היינט? ווען איינער קומט איין מאָל אין יאָהר צו גאסט צו א גוטען ברודער דארף ער זאָגען זיך אליין: זאָל זיין היינט א יום טוב. איך געה צו א גוטען ברודער.

— איהר האָט געטראָפען — האָט נחמן געלאכט — ביי מיר איז יום טוב שוין העכער א חודש.

— יא, יאָ, שלמה האָט שוין מיר דערצעהלט — ער האָט זיך אוועקגעזעצט — שוין אריינגעפאלען אין דער קלעם?

— איך וועל נאָך, חיים, פּרואוען א צווייטע.

— איך וויים שוין דאָס אויך. דער טהיי איז נאָך היים, גאָלדעלע? ארבייט א ביסעל מיט מיר. אויב געהען אויף יענער וועלט ניט געאיילט, איז דען ניט אלץ איינס, אויב דו וועסט קומען אהין א סיגארען־מאכער, אָדער א הענדלער ביי די שטעלען? די ערד נעמט צו אלעמען אָהן טענות... אין א פּרט איז עס אפשר בעסער צו הענגען איבערן גרוב אנ׳אונטערגערויכערטער...

נחמן האָט זיך צולאכט. ער האָט א קלאפּ געטהון חיימ׳ען איבער דער קניה, זאָגענדיג א צופרידענער:

— איהר זענט געבליבען א לץ, ווי געוועזן... אויף מיין וואָרט, איהר זענט א וואויל מענשעל. מיט פערגעניגען וועל איך מיט אייך ארבייטען! אייער גוף פעלט נאָר א ביסעל שמאלץ. איהר זענט, חיים, א ביסעל מאָגערער געוואָרען.

גאָלדעלע האָט איהם פון דער זייט געגעבען א וואונק. נחמן האָט זיך א ביסעל פערלאָרען און ער האָט געזאָגט זעהר ערענסט:

— נאָר אז איך זאָג מאָגערער, איז עס דערפאר, ווייל איך פערגלייך אייך צו זיך. אָט ווען איהר זענט אזא אייזערנער, ווי איך...

— יאָ — האָט חיים איינגעשטימט, אוועקשטעלענדיג די גלאָז אויפֿן בענקעל. ער האָט געבלאָנדזעט מיט די בליקען איבער'ן צימער און זיין קול איז אויך ערענסטער געוואָרען — מאָגערער הייסט עס. אלע זענען מאָגערער געוואָרען. איצט וועמען דו בעגעגענסט, טראכסטו גלייך, ער איז מאָגערער געוואָרען. וואוהין, נחמן, קומט עס אהין דאָס פעטקייט פונ'ם מענשען? קליינע קינדער זאָגען, אז זיי וויסען. איהר וועט גלויבען, אז מיין פעטקייט ליגט אין דער גראָ־בער האנד פון מיין בעל־הבית? איהר לאכט ניט, נחמן?...

— פוסטע זאכען — האָט נחמן ארויסגעשטאמעלט.

— נו, זאָגט עס ניט! אין יעדען אמת איז אויך פערהאַן א קליין שטיקעלע ליגען. אזוי ווי, למשל, אינ'ם לייפציגער צעטעל. אויסשפּילען קאָן ער, נאָר ער נארט כסדר... כ'לעבען, נחמן, איך בין אייך מקנא. איהר זענט א געזונדער אינג און איהר האָט ניט קיין לייפציגער צעטעל, וואָס געווינט ניט...

— איהר וועט נאָך געווינען — האָט איהם נחמן געטרייסט.

— דו הערסט, גאָלדעלע? איך זאָג אייך דאָס אייגענע. צעהן דאָקטוירים וועל איך דעמאָלט צונויפרופען. גאָלדעלעך וועל איך אוועקשיקען אין דאָרף אריין און זי וועט ווערען א שיינענדיג עפּעלע, אזוי ווי זי איז געווען. איך וועל איהר נעהמען א קינדעלע ביי עפּים אנ'עלענד ווייבעל און זי וועט ביי מיר ווערען א מאמע.

ער האָט אָנגעהויבען צו פאנטאזירען פונ'ם געווינס און ס'האָט זיך געדאכט, אז די פייכטע ווענד זענען דערפרעהט געוואָרען, אזוי אָנגענעהם איז געווען פון זיינע זיסע חלומות, וואָס ער האָט זיך אליין אויסגעטרוימט. גאָלדעלע האָט זיך אויך גלייך אונטערגעגעבען דער דאָזיגער שטימונג. מיט ברייט־געעפענטע אויגען האָט זי א גליקליכע געהערט דאָס שעהנע מעשה'לע וועגען זייער קינפטיגען לעבען.

— איך זאָג אייך — האָט זיך חיים געקאָכט א רויט־פער־שוויצטער פון אויפרעגונג — ס'איז דאָס איינציגע. נאָר ס'איז א פעסטע האָפנונג. אלסדינג וועט אָבנארען, נאָר ניט דער לייפציגער צעטעל. דאָס לעבען איז פינסטער, ווי די נאכט. קיין קינדער נישטאָ, קיין ברויט נישטאָ... ווער טראכט וועגען אונז? ווער האָט אונז אין זינען?

— אודאי — האָט איינגעשטימט נחמן — קיינעם אַרט ניט פאַר אונז.

— דער גביר וועט דען צובינדען די מאַטניא פאַר חיים'ען? און אזא מין חיים דאַרף ער דאָך מעהר, ווי איך איהם...

— חיים — האָט איהם גאָלדעלע איבערגעשלאָגען — גיב נחמנ'ען טהיי.

— איך וועל איהם געבען טהיי... און מיטן צעטעל לעבסטו אזוי, ווי דו וואָלסט תמיד געקוקט אין פענסטער אריין צי געהט ניט דער, וואָס מען וואַרט אויף איהם. און ביי נאַכט חלום'ען זיך דיר בוימער, מאַרקען, א קינד...

פון פרייד האָט ער זיך צולאַכט און גאָלדעלע מיט נחמנ'ען נאָך איהם.

— באמת — האָט ער צוגעגעבען — אָהן דעם קאָן מען גאָר ניט לעבען. דאָ איז דאָך אמאָל אזוי, אז די פינגער הויבען אָן גי־סען מיט טרעהרען. איצט איז איהר גרינגער, מיין גאָלדעלען... ער האָט גענומען דעם טשייניק פונ'ם אויוועלע און האָט אָנגעגאָסען נחמנ'ען א גלאָז טהיי.

— זיצט און טרינקט זיך אָן — האָט ער געזאָגט גוטמוטיג — איך וועל שוין ארבייטען ביי נאַכט. — ער האָט איבערגעטראָגען דעם טיש צום בעט, דערנאָך האָט ער אוועקגעשאַרט דעם טיטין, צוגערוקט דאָס לעמפּעל ס'זאָל זיין ליכטיגער און אַלע דריי האָבען זיי אָנגעהויבען פריינדליך צו שמועסען וועגען פערדינסטען, וועגען בעקענטע און וועגען דער פאַבריק מיט נחמנ'ס פּלאָנען צו ארביי־טען. אז ער איז אוועק פון זיי, איז שוין זעהר שפּעט געוועזן...

איצט האָט נחמן געשפּאַנט איבער די פּוסטע און ווייס־פּער־שנייטע גאַסען אינגאַנצען אונטער דעם איינדרוק פון דיביידע גוטע מענשען, מיט וועלכע ער האָט פערבראַכט דעם אווענד און זיין האַרץ האָט זיך איהם געפרעהט פון עפּעס א גוטען און שטאַרקען פאַר־געפיהל, וואָס וועט איהם פעסט שטעלען אויף די פיס. און די רעיו־נות זענען איהם גרינג געוועזן. איהם האָט זיך געטראַכט פון מייטען, וויסענדיג, אז זי דערוואַרט איהם.

— זי שלאָפט ניט — האָט ער זיך אליין געזאָגט א צופרידענער — ווי גליקליך זי וועט זיין.

ווען ער איז אריין צו זיך אינ'ם פינסטערען צימער און האָט

אַנגעהויבען זוכען שוועבעלעך, האָט זיך צו זיינע אויערען דער־טראָגען א שטיל געמורמעל און ער האָט ניט באַלד דערקענט מייטע׳ס קול.

— דאָס זענט איהר, מייטע? — האָט ער שטיל געפרעגט, פיה־לענדיג א לייכטען ציטער.

— דאָס בין איך, נחמן. פרומע איז אוועק אין א "הייזעל" און סימען האָט מען קוים אָבגעראַטעוועט...

— ווער האָט עס אייך געזאָגט? — האָט ער געפרעגט אין שרעק.

— פייצשע — האָט מייטע ארויסגעשטאַמעלט שטיל — פרומע איז אונטער׳ן רויטען לאַמטערען שוין פון נעכטען אָן. מען האָט זי שוין דאָרט געזעהען.

— דינה ווייסט?

אין דער פינסטער האָט ער אָבגעזוכט איהר האַנד און, ניט ווילענדיק האָט ער זי צוגעדריקט. מייטע האָט ניט געענטפערט. ביידע זענען זיי געשטאַנען שווייגענדע און פערזונקענע אין פּחד.

— איך האָב מורא — האָט מייטע זיך אָבגערופען מיט אמאָל. איהר קול האָט מען קוים געהערט און פּאַמעלעכען האָט זי איהם צו־געצויגען צו זיך — איך האָב מורא!

— וואָס דאַרפט איהר מורא האָבען — האָט ער געענטפערט אין דער שטיל, זעצענדיג זיך אויפן בעט — איך בין דאָך דאָ — האָט ער צוגעגעבען זאַכליך און דערביי האָט ער זי אוועקגעזעצט נעבען זיך.

ווידער האָבען זיי ביידע געשוויגען, ערגערענדיג זיך אלס מעהר, וואָס זיי זיצען אזוי נאָהנט אין דער פינסטער. עפּיס ליכטיגעס און שטראַהלענדעס האָט זיך נעבען זיי געטוליעט און מעהר האָט זיך עס שוין ניט געקאָנט בעהאַלטען. דאָס גליק האָט זיך געמאַכט א וועג. מייטע האָט מיט אמאָל ארומגענומען נחמנ׳ען און זי האָט געזאָגט א דערשראָקענע:

— איך קאָן שוין מעהר ניט, נחמן. איך האָב אייך ליעב! איך האָב מורא — איך האָב ליעב... זענט ניט אין כעס! איך וועל אייך ניט זיין שווער. איך וועל ארבייטען, ארבייטען...

נחמן האָט געהערט און ס׳האָט זיך איהם געדרעהט דער קאָפּ. די דאָזיגע ווארימע און גוטע ווערטער האָבען איהם געגלעט דאָס

הארץ און, ניט ענטפערענדיג, האָט ער זיך געצערטעלט צו איהר אין דערוואַרטונג נאָך עפּיס אזוינס צו הערען:

— נאָך פּסח וועט מיר שוין זיין זעכצעהן יאָהר — האָט זי געשטאַמעלט — איך וועל אוועק אין פאבריק... איך וועל ארבייטען. איך וועל אייך העלפען פערדינען... האָט מיך ליעב!

איינגאַנצען א בעהערשטער מיט זיין פרייד, האָט ער איהר אָב־געגעבען דאָס ליבענדע הארץ זיינס און, ווען ער האָט זי אָנגעהויבען צו קושען, האָט זי געפרעגט מיט א ציטער!

— איהר האָט נאָך ליעב נעסין? איהר האָט נאָך ליעב?

ער האָט איהר ניט געענטפערט. ארומגענומען און שווייגענדיג זענען זיי געזעסען ביז דאָס העלע ליכט פון טאָג האָט זיי פערטרי־בעז איינס פון דאָס אנדערע...

זיי זענען געוועזן פער׳שכור׳ט פון גליק.

# X

נחמנ׳ס לעבען האָט זיך איינגעאָרדענט מיט אמאָל. איהם האָט זיך געדאכט, אז ביז אהער איז ער אומגעגאנגען מיט פערבונ־דענע אויגען און אלע מאָל האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף א שטע־כער, נאָר מיטאַמאָל איז אַראָבגעפאלען דער באַנד און ער האָט דערזעהען א גלייכען און א גוטען וועג פאר זיך. ערשט איצט, ווען ס׳האָט זיך איהם ענטפּלעקט דער סוד, איז איהם קלאָר געוואָרען דאָס גרויס גליק פונ׳ם מענשען, וואָס ער האָט זיינע ניט־ערשעפּטע פע־היגקייטען צו פרעהען זיך מיט אלסדינג. פאר נחמנ׳ען מיט מייטען איז איצט אָנגעשטאנען, אזוי ווי א נייע קינדהייט. דאָס ארומיגע האָבען זיי געזעהען פאר זיך און אנדערע הארמאָנישע פארבען און קלאנגען און, ווי זיי וואָלטען זיך דערקענט צו דעם סוד פונ׳ם אמת, האָבען זיי מיט א ציטערענדער פרייד צוגענומען אלסדינג, וואָס עס איז צו זיי געקומען פון דער פרעמד און פון זיך אליין.

זיי זענען געוואָרען בעסער און געפיהלפאלער. עפּיס מעלאנכאָ־לישעס האָט בעהערשט זייערע האָפענונגען וועגען דער צוקונפט. דאָס קינפטיגע לעבען האָט זיך זיי געמאָלט אין א זיסער ליעבע־פרייד און זיי האָבען ביידע גלייך געפיהלט, ווי אזוי פוסט און צוועקלאָז ס׳איז געווען זייערע פריהעריגע לעבען.

די אלטע צשארנע האָט אויפגענומען זייער ליעבע אויף איהר שטייגער און, לאַבענדיג, האָט זי דערצעהלט געשיכטען וועגען קייסערישע טעכטער און איינעם א נארעלע, וועלכער איז געווען זעהר א וואוילינקער... דאן איז געוואָרען גאָר גרינג אויפן הארצען און דאָס לעבען איז געווען גוט און ליכטיג. נחמן האָט געארבייט א גאנצען טאָג ביי חיימ׳ען, א גליקליכער, וואָס ער וועט זיך אויס־לעהרנען א פאך... ביי איהם אין שטוב איז תמיד געווען פרעהליך

און אמוזירענד, כאָטש ס'האָט געזיפצעט דערביי די קראנקע גאָלדעלע. חיים מיט זיינע ווערטלעך און זיין גוטמוטיגקייט האָט בעוואונדערט יעדען איינציגען, וואָס איז צו איהם אריינגעקומען און וועגען די אלע און דאָס אלסדינג פלעגט נחמן דערנאָך רעדען מיט מייטען.

דאָס מיידעל האָט געלעבט אין אנ'אָנשטרענגונג פון אלע איהרע כחות. מיט פרייד פון ליעבע האָט זיך ביי איהר אָנגעהויבען דער טאָג און מיט ליעבע־פריידען האָט פאר איהר דער אָוונד בעלייכט די שטוב, ווען נחמן איז געקומען אהיים... דאָס בעסטע און טייערסטע פון טשארנע'ס געשיכטען האָט זיך איצט פערענדערט אין דער ווירקליכקייט צווישען איהרע אייגענע פיער וואנד און מייטע האָט עס איבערגעלעבט יעדע שעה און יעדע רגע. זי האָט ניט דערקענט קיין מענשען, די אייגענע שטוב פלעגט זי ניט דערקענען אין דעם הויף, וואו זי איז אויסגעוואקסען און זי האָט זיך געפרעהט מיט אלסדינג, וואָס עס איז געווען ארום איהר, ווי זי וואָלט מיט א מאָל אריינגעפאַלען אין א פרעמדער שטאָדט, וועלכע האָט זי בעצויבערט מיט איהרע וואונדער־שענקייטען. אָפט פלעגט אריינקומען שלמה מיט דניאל'ן און דאן האָט נחמן געשיינט פאר פרייד. מייטע איז געזעסען אָן א זייט און, ווי א קינד, האָט זי מיט דרך ארץ זיך איינגעהערט שטיל, וואָס עס רעדען עלטערע מענשען. זי האָט ליעב געהאט צו הערען דעם אלטען שלמה'ן און דעם הויכען דניאל'ן, נאָר נאָך מעהר איז איהר געפעלען געווען, וואָס נחמן האָט גערעדט. זיין קול, זיינע אויגען און זיינע בעוועגונגען האָבען אויף איהר אזוי געווירקט, אז איהר האָט זיך געוואָלט קושען די ערד, וואו ער איז געשטאנען... א פער'חוש'טע פון אויפרעגונג, פלעגט זי אוועקגעהן צו דער מוטער און יענע האָט איהר מיט א גוט קול דערצעהלט ווי לאנג און פערשידען ס'איז דאָס מענשליכע לעבען.

ווען זי איז געבליבען מיט איהם אליין, האָט זיך אָנגעהויבען זייער אונענדליכע ענטציקונג פון פרייד און רייץ איינס איבער דאָס אנדערע. זיי האָבען גערעדט וועגען זייער קינדהייט, וועגען ליעבע און פאָלק, און זייערע אייגענע האָפענונגען, נאָר וועגען אלסדינג אין אויפרעגונג און אין איילעניש, ווי זיי וואָלטען אויף אלס גלייך געדארפט געבען אנ'ענטפער, וועלכען מען האָט פון זיי ערוואַרטעט...

צייטענווייז פלעגט אויף איהר אָנפאלען א פחד. זי האָט ניט גע־וואוסט פון וואנען דאָס נעהמט זיך צו אהיר און דאָס האָט זי זעהר געפּייניגט. איהר האָט זיך געדאכט, אז עמעצער דערוואַרט די מינוט איהר גליק זאָל זיך דערהויבען ביז צו דעם פּולען בעכער, וועט ער עס צושטערען מיט אמאָל, און דאן האָט זי שטארק גע־וויינט, ווי דאָס אומגליק וואָלט שוין געשעהן פאר איהרע אויגען.

אין אָנהויב־מערץ האָט זיך איינגעגעבען דניאל'ן צו קריגען ארבייט אויף דער לעדער־פאבריק און נחמן האָט דעם אָוונד פון'ם דאָזיגען גליקליכען טאָג פערבראכט אינ'ם קרייז פון זיין פאמיליע.

— איצט — האָט געזאָגט נחמן, געזעגענענדיג זיך — איצט, דניאל, בין איך פאר אייך רוהיג. ס'וועט עפּעס א ביסעל פרעה־ליכער...

— מיר האָבען דעם, וואָס זיצט אויבען — האָט זיך אָנגע־רופען דניאל'ס ווייב, הויבענדיג די אויגען צום הימעל.

—נו, נו, געהט שוין — האָט דניאל געשמייכעלט — איהר שטעהט דאָך דאָ, ווי אויף שפּילקעס. געהט שוין, געהט. מען דארף שוין אונז קיין פינגער אין מויל ניט אריינלייגען...

זיי האָבען זיך פריינדליך צולאכט, קוקענדיג איינער אויפן צווייטען און זיי האָבען זיך צושיידט.

נחמן איז שוין געווען ווייט פון'ם הויז, וואו דניאל האָט געוואוינט, ווען ס'האָט פּלוצלונג אָנגערופען זיין נאָמען א בעקענ־טע פרויען־שטים.

— נעסי! — האָט ער א טראכט געטהון, פערמאכענדיג די אויגען.

— ווארט זשע אויס, נחמן! — האָט זיך ווידער דערהערט איהר קול.

— דאָס זענט איהר? האָט ער ארויסגעשטאָמעלט קוים, פיהלענדיג, אז זיין פרייד פערלאָזט איהם.

— יאָ, דאָס בין איך. וואָס זשע מען קאָן מיך שוין גאָר ניט דערקענען?

ער האָט אויף איהר אין איילעניש א קוק געטהון, עפּיס האָט זיך אין איהר פערענדערט, נאָר וואָס איז געווען שווער צו זאָגען. ס'האָט זיך געדאכט, אז זי איז רייפער געוואָרען, נאָר דאָס האָט איהר אזוי געפּאסט, ווי א קינד, וואָס טהוט זיך אָן אין די קליידער

פון א דערוואקסענעם מענשען. די אויגען זענען איהר געבליבען ליוטער און ברייט־געעפענט ווי פריהער, נאָר ס'האָט פון זיי ארויס־געקוקט א נייער צאַרען, וועלכער איז פריהער אין זיי ניט געוועזן.

— יאָ, דאָס בין איך — האָט זי געזאָגט — קוקענדיג צו דער ערד.

זיי זענען בײדע אוועק פאַראויס. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, ווי ס'וואָלט איהם באַנג געטהון, וואָס ער דערווייטערט זיך פון דער פאַרשטאָדט און זי — מיט איהם בייגלייך. אומעטום איז געלעגען דער טיפער שניי, בעהאַלטענדיג אין זיך דאָס גראה־טרויעריגע בילד פון דער ארומיגער נויט און אָבגעלאָזענקייט, נאָר א שווערער אומעט האָט געהערשט אין די פוסטע גאַסען און געסלעך. נחמן האָט גע־שפאנט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, ניט וואגענדיג צו גלויבען, אז נע־בען איהם געהט נעסי און ער האָט פון צייט צוצייט א בליק אויף איהר געוואָרפען, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב ער האָט קיין טעות ניט. עפּעס אַ ווייט יוגענד־געפיהל האָט זיין האַרץ געררייצט און איהם האָט זיך געדאכט, אז אין א שפּאַס האָט זיך צו איהם אומגעקערט דאָס, וואָס ער האָט אמאָל אזוי געגארט און ס'איז איהם אזוי טייער געוועזן. מיט א צארטען אומעט און בענקעניש פון א דערוואקסענעם מענשען האָט ער געקוקט אויף דער דאָזיגער פערגאנגענהייט, וועלכע האָט שוין אויף איהם קיין שליטה ניט געהאט. ווי אזוי לאַנג דאָס איז געווען און ווי אזוי נאָהענט...

— איך געה מיט אייך — האָט ער געזאָגט — און איך פּרואוו מיך טראַכטען, אז עס איז גאָר ניט פאָרגעקומען... ס'איז גאָר ניט פאָרגעקומען, נעסי! אָט בין איך ערשט געקומען פון די שטעלען. איך בין אוועק צו אייך און איהר האָט מיך בעגעגענט. נאָמיר זיך פערנעמען אין דעם געסעל, ס'זאָל זיך דאַכטען, אז מיר געהען שפּאַצירען.

— ניין, ניין, נחמן!... איך דערקען ניט די גאַסען. דערצעהלט מיר עפּיס פון זיך...

— אָט געהט איהר אוועק פון מיר — האָט נחמן ווידער גע־זאָגט — איהר געדענקט, ווי אזוי איך האָב אייך ליעב געהאט?

— איך האָב אייך ניט ליעב געהאט — האָט נעסי געענטפערט קאַלט.

— ... און איצט געה איך מיט אייך און איך פיהל גאָר ניט.

און דאָך טהוט מיר עפּיס באַנג ביז טרעהרען... פאַרוואָס זענט איהר אוועק, איידער איהר האָט זיך געזעהן מיט מיר?

זי איז אוועק שנעלער, אַנ'אויפגעברויזטע דורך זיינע זכרונות. זי איז געריהרט געוועזן פון זיין דערצעהלונג ווי אַזוי ער האָט זיך געפּייניגט אין בענקעניש נאָך איהר.

— נאָר איך בין געקומען צו אייך! — האָט זי אויסגעשריען, ניט אויסהאַלטענדיג. זי האָט איהם אָנגעכאַפּט און ווידער האָט זי געשריען — איך בין געוועזן ביי אייך, און האָב געוואַרט!...

זיי האָבען געקוקט איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אריין און ביידע זענען זיי געווען פערצווייפעלט.

— אַנ'אומגליק געוועזן! — האָט ער געשטאַמעלט.

— איך האָב אייך אַזוי ליעב געהאַט, נחמן — האָט זי זיך מודה געוועזן, אַראָבוואַרפענדיג פון זיך די אָנגעצויגענע קאַלטקייט און זי האָט איהם ווידער אָנגענומען פאַר'ן האַנד — נאָר איהר זענט געוועזן אַ שוואַכינקער, אַ שוואַכינקער... דערנאָך איז מיר שוין דאָס אויך גוט געוועזן. איך האָב דאָס אויך אָנגענומען פאַר ליעב און איך האָב געוואָלט נאָר אייך, אייך דעם איינציגען. זעהען אייך און הער־רען. דערצעהלט מיר עפּיס... אַז איהר פלעגט רעדען, האָט מיר דאָס האַרץ געציטערט פאַר פרייד. נאָר איין וואָרט אייערס האָט גע־פּעלט... ניין, ניין. דערצעהלט בעסער עפּיס וועגען זיך!

זיי זענען שוין געוועזן אין דער ברייטער גאַס, וועלכע האָט געפיהרט אין שטאָדט אריין און, וואַרפענדיג אַ בליק אויף די פייערען, האָט נעסי געזאָגט פּשוט:

— אָט קוק איך אויף דער שטאָדט און ווידער רייסט מיר עפּיס דאָס האַרץ, אַזוי ווי פריהער. ווידער ווילט זיך מיר פליגלען ארויפצופליהען אויפ'ן פייער. ניט די שטאָדט האָט מיך גערופען. זאָגט — ווער? נאָר ס'איז דאָ עפּיס אַזוינס, וואָס איך בין צופרידען. איך זעה ניט דעם דלות, איך זעה ניט דאָס אומריינקייט און די פאַבריקען אויך ניט. און דאָך, נחמן, ווערט מיר דאָס האַרץ קלענער...

— אַ, האָב איך אויף אייך רחמנות! — האָט נחמן געזאָגט שטיל, דריקענדיג איהר די האַנד — איהר טהוט מיר אַזוי באַנג.

זי האָט פּלוצלונג ארויסגעריסען די האַנד און געזאָגט האָט זי מיט פּיינדשאַפט:

— האָט אויף מיר ניט קיין רחמנות, נחמן. דאָס איז גוט פאַר קאַליקעס.

זי האָט זיך אָבגעשטעלט און צו בערוהיגען זי האָט ער אָנגע־הויבען דערצעהלען וועגען זיך.

— נו, וואָס זשע איז — האָט זי געזאָגט — ביי אייך איז פרעהליך. זאָגט מייטען, אז איך האָב זי ליעב. איהר וועט ארביי־טען אין פאבריק? ווער קאָן עס אייך מקנא זיין? און אין ערגעץ ציהט אייך ניט? איך האָב רחמנות אויף אייך מיט מייטען. פאַר־וואָס? אָט איז א שליטעל. איך זעץ זיך אויף. זענט געזונד, נחמן!

— זענט געזונד, נעסי!

זיי האָבען זיך לאַנג געזעגענט, ווי זיי וואָלטען זיך געשיידט אויף אייביג און, ווען זי איז אוועקגעפאָהרען, האָט ער אין בענקעניש איהר נאָכגעקוקט, ווי זי וואָלט אוועקגעפיהרט מיט זיך עפּיס נוי־טיגעס פאר איהם, אָהן וועלכעס עס וועט איהם גלאַט ניט געהען אין לעבען.

— אייך ציהט ניט אין ערגעץ? — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט.

אנ׳אויפגערעגטער האָט ער זיך אומגעקעהרט א היים און די געדאנקען זענען איהם געווען שטארק פערפּלאָנטערט... אפשר האָט ער געטראכט וועגען דעם גורל פונ׳ם מענשען. ער איז דאָך פעהיג געווען צו פערשטעהען זיין אויפרעגונג, וועלכע איז עהנליך געווען אויפ׳ן מיטלייד צו דעם ארומיגען שניי, וואָס האָט געסקריפּעט אונ־טער די פיס? אליין איז ער געווען אנ׳אָהנמעכטיגער טייל פון דעם אלעמען, וואָס האָט איהם ארומגערינגעלט, ווי אזוי זשע האָט ער עס אלסדינג געקאָנט באזיגען? ווידער איז איהם געשטאנען נעסי פאַר די אויגען און ער האָט זי געגליכען צו גאָלדעלען, דינה׳ן און מייטען. וואָס פאַר א ליכטיגע געשטאַלט! פערשידענע און מייטע האָבען זיי אלע ווי זיי וואָלטען זיך צונויפגערעדט, אין איין שווערער טהיר געקלאפּט פון ערגעץ אונטער דער ערד.

— מען דארף זיין גוט — האָט ער זיך דערמאָנט טשארנעס ווערטער, נאָר זיין הארץ איז איהם געווען שוואך און צובראָכען...

אין הויף האָט ער געטראָפען א גרויסען עולם, וועלכער איז געשטאנען נעבען א שכנ׳ס א טהיר און נחמן האָט זיך געפרעגט אין אומרוה: וואָס איז געשעהען?

ער איז געשווינד אריינגעלאָפען אין שטוב, נאָר דאָ האָט ער

זיך נאָך מעהר דערשראָקען, ווייל ער האָט דערזעהען מייטען אין טרעהרען און נעבען איהר פּייצשע׳ן, וועלכע האָט זי געטרייסט. בעמערקענדיג נחמנ׳ען, האָט זיך פּייצשע אויפגעהויבען אוועקצו־גהן, נאָר ער האָט איהר א מאַך געטהון מיט דער האנד זי זאָל בלייבען. איהם איז נאָך אלץ שווער געווען מיט איהר צו בעגע־גענען, כאָטש נאָכ׳ן אומגליק מיט פרומען זענען זייערע בעציהונ־גען א ביסעל אויסגעגלייכט געוואָרען.

— געהט ניט אוועק, פּייצשע — האָט ער געבעטען — וואָס איז דאָ געשעהן? אין הויף איז זיך צונויפגעלאָפען אנ׳עולם...

און פּייצשעס קול האָט געציטערט, כאָטש זי האָט זיך אנ־געשטרענגט צו ענטפערן איהם פשוט און זאכליך:

— בייטאָג א זייגער דריי איז פּלוצלונג געשטאָרבען בליומ־קע׳ס מאמע. אלע זענען שוין אהן כחות. אזא צער אויפ׳ן מיידעלע. א שרעק.

— ס׳קאָן ניט זיין! האָט נחמן אויסגעשריען אנ׳איבער׳רעש־טער — וואו זשע איז בליומקע?

ביי מייטען האָט זיך ארויסגעריסען א טיפער זיפץ און נחמן איז ארויס פון שטוב. ער איז געלאָפען צו דער שניידערין אין דער דירה. דער פרעמדער עולם, וואָס איז זיך צונויפגעלאָפען איז נאָך אלם דאָ געשטאַנען און, ווי אזוי נחמן האָט זיך ניט אָנגעשטרענגט, האָט ער אלם ניט געקאָנט צוקומען צו דער טהיר. צווישען די זיפ־צען, ריידערייען און געוויינען האָט זיך פון צייט צו צייט גע־הערט א דין קלאָגענדיג קול׳כעל:

— מאמע, מאמע!....

נחמן איז פערשטארט געוואָרען אויפ׳ן אָרט. ער האָט זיך אזוי לאנג געשפּארט צווישען דעם עולם ביז מען האָט איהם ארייננגע־שטויסען אין פּאָרהויז אריין און דורך דער אָפענער טהיר האָט ער דערזעהן דאָס בעקאַנט בילד, ווי אַזוי מען באַווייגט א טויטען פאר דער לויה. אויף דער ערד אונטערגעבעט א ביסעל שטרוי איז מיט די פים צו דער טהיר געלעגען די געשטאָרבענע צוגעדעקט מיט א שווארצען געוואנד. צעקאָפּענס האָבען ליכט געברענט, וועלכע האָבען אויסגעזעהען, ווי די לעצטע נשמה־פלעמלעך, ארויסגעהויכטע פון דער מענשליכער נישטיגקייט. די ליכט האָבען געברענט שלעכט. זייערע רויטע צינגלעך האָבען זיך אין רויך געצויגען צו די באל־

קענס און פונ׳ם צושמאָלצענעם חלב האָט זיך א פערשטיקטער ריח געטראָגען. ארום זענען אלטע ווייבער געזעסען מיט ארונטערגע־בויגענע קניען און, ארויפלייגענדיג די הענד אויפ׳ן מת האָבען זיי אין קלאָגענדיגע געזאנגען ארויסדערצעהל׳ט די מעלות פון דער פערשטאָרבענער. דערביי זענען זיי זיך פון צייט צו צייט פערגאנגען אין געוויין, בעטענדיג יעדערע פאר זיך צו זיין א מליץ דאָרטען פאר דעם, וואָס אין זיין האנד איז דאָס לעבען און דער גורל פונ׳ם מענשען... און ארום האָט געהערשט די מאכט פון יאוש און שרעק. דער צוגעדעקטער מת מיט׳ן שווארצען געוואנד, די שלעכט־רויטע פלעמליך פון די שמעלצענדע ליכט און דאָס זיס־טרויעריגע געזאנג פון די אלטע ווייבער — האָבען לייכט געבראָכען די ארויפ־געטרייסעלטע הערצער פונ׳ם ארומיגען עולם...

צוגעדריקט ביי טשארנען אויף די הענד איז געזעסען בליומקע א פערשוואָרצטע פון שרעק אין ליידען. און יעדעס מאָל, ווען דער קלאָרער געדאנק האָט זי דערמאָנט אין דער ווירקליכקייט, האָט זי ווילד און קלאָגענדיג געשריען: מאמע, מאמע! און האָט זיך אָנגע־הויבען ווארפען און שלאָגען זיך אליין... נאָר טשארנע האָט עפּיס מיט איהרע אייגענע ווערטער איינגערעד׳ט דאָס מיידעלע און איבער איהר גוט און מילד פּנים האָבען זיך איהר די טרעהרען געגאָסען. נאָך דעם מת האָבען זיך געביטען די ווייבער. אלע מאָל זענען גע־קומען אנדערע און זייערע איינטאָניגע זינגענדע שטימען האָבען ארויסגעוויינט די זעלבע שעהנע ווערטער פון אומבאהאָלפענקייט און צער. דערביי זענען זיי געווען אזוי ריהרענד, אז די ווענד האָבען געטרויערט און ארום האָבען געגאָסען מיט טרעהרען פרעמדע מע־נער און פרויען, וועלכע האָבען צופעליג פערבלאָנדזשעט אהער.

נחמן האָט עס מעהר ניט געקאָנט צוזעהען און ער איז אוועק אהיים.

— וואָס וועט עס מיט איהר זיין? — האָט מייטע ווידער זעהענדיג איהם ביי דער טהיר.

נחמן האָט ניט געענטפערט און פייצשע האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי אזוי דאָס איז פאָרגעקומען, ווען בליומקע האָט פלוצלונג דערזעהען, אז איהר מאמע איז טוידט.

— וואָס איז מיט בליומקען? — האָט געפרעגט מייטע, דער־געפרעגט — וואָס וועט עס מיט איהר זיין?

זי האָט ווידער אָנגעהויבען וויינען, דערמאָנענדיג זיך, ווי אַזוי דאָס מיידעלע איז אריינגעלאָפען און האָט זיך איהר געוואָרפען אין די אָרעמס אריין.

— מיר וועלען זי נעמען צו אונז, מייטע — האָט נחמן גע־זאָגט שטיל.

א בעזונדער צארטקייט האָט ער איצט געפיהלט צו איהר און ס'האָט זיך איהם איצט געוואָלט פייצשע זאָל דאָ ניט זיין, וואָלט ער איהר אלסדינג דערצעהלט וועגען זיך. נאָר פייצשע האָט גלייך פערשטאנען, אז זיי ווילען ביידע בלייבען אליין און זי איז אוועק. דאן האָט זיך נחמן אוועקגעזעצט נעבען מייטען און ער האָט איהר געזאָגט בעגייסטערט:

— אין לעבען, מייטע, דארף מען זיין גוט. מען דארף רחמנות האָבען... מיר אליין זענען שוואך, מיר זענען קליין, נאָר מען דארף רחמנות האָבען.

— מיר וועלען רחמנות האָבען — האָט זי געזאָגט, קושענדיג איהם די האנד — מיר וועלען רחמנות האָבען...

זי האָט ניט אוועקגענומען זיין האנד פון איהרע ליפען און זי איז אזוי געזעסען. ער האָט איהר דערצעהלט וועגען נעסי'ן און ביי־דען האָט זיך אויף'ן הארצען געלייגט דער טרויער...

שוין געוועז זעהר שפעט, ווען טשארנע איז געקומען א היים מיט בלומקען אויף די הענד. דאָס מיידעלע, א מידע פון געוויין, האָט געשמאק געשלאָפען. מייטע האָט זי אויסגעטהון, קושענדיג איהר דאר קערפער'ל מיט די דארינקע הענדטעלעך און דערביי האָט זי געוויינט אויף איהר שווער קינדערשען מזל. טשארנע האָט אוועקגעלייגט בלומקען נעבען זיך און א גאנצע נאכט האָט זי גע־זיפצעט, ניט וואגענדיג מיט איהר קול געבען צו וויסען דעם שלאָ־פענדיג־בליפענדען מיידעלע, אז זי נעכטיגט ניט אין דער היים. ערשט פארטאָג האָט זיך בלומקע אויפגעכאפט און, דערזעהענדיג זיך אין א פרעמדער שטוב, האָט זי זיך, ווי אדערוואקסענע, שטיל צוויינט...

מיט א שווער געמיט איז נחמן געקומען צו חיים'ען.

— א, גוט וואָס איהר זענט דאָ — האָט חיים געזאָגט שטיל

— איך האָב געמיינט, אז די נאכט וועט זיך שוין ציהען אייביג. עפעס זענט איהר מיר אויך ניט מיט אלעמען...

ער האָט זיך אומגעקוקט צו גאָלדעל׳ען און האָט געזאָגט נאָך שטילער:

— איך האָב געמיינט, אז די נאכט וועל איך זי שוין אָן... דאָס הארץ ווערט מיר צוריסען. א גוטע, אוי א טייבעלע, א גוטע, נחמן, א גוטע!

אָהן א זשילעט, א בארוועסער, עהנליך אויף א קראנק יונגעל, איז ער געשטאנען נעבען טיש און האָט, אונטערהוסטענדיג, אויס־געמישט פערשידענע קופּקעלעך טיטין. נחמן איז געשטאַנען אינ׳ם פּאַלטאָ, אזוי ווי ער איז אויך אריינגעקומען און האָט מעכאַניש דערצעהלט וועגען בליומקע׳ן.

— יאָ, יאָ — האָט חיים געזיפצט — ניט פרעהליך ביי אונז אין שטעטעל בעטלער און הוליים... און פאר וואָס געהט עס ניט דעם מענשען אויף דער וועלט?

נחמן האָט אראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם פּאַלטאָ. נעבען אי־וועלע האָט ער אָנגעווארעמט די הענד און איז צוגעגאנגען צום טיש.

— וואַרט נאָך אויס — האָט איהם חיים אָבגעשטעלט — דער טיטין איז נאָך טרוקען...

— איך פארשטעה עס ניט — האָט נחמן געזאָגט, קוקענ־דיג, ווי אזוי חיים האָט אָנגענומען פון קווארט וואסער אין מויל און האָט געשפּריצט אויפ׳ן טיטין — ניין. איך פארשטעה עס ניט! אָט, זאָגט איהר, די נויט. דער מענש אַרבייט, דאַרף ער זיין פריי. נאָר די ארבייט העלפט ניט. נישטאָ קיין פרייהייט, נישטאָ קיין זעטיגקייט און נישטאָ קיין געזונד. איך רעד עס, אזוי ווי א קינד און איך ווייס עס... נאָר איין אומגליקליכער קאָן ניט העלפען דעם אנדערען אַזעלכען, ווי ער איז אליין, און אלסדינג בלייבט ווי געוועזן. איך, חיים, וואָלט געקאָנט זאָגען, אז איך בין גליקליך, נאָר איך האָב זיך פערפּייניגט.

ער האָט גערעדט אזוי הארציג, אז גאָלדעלע האָט זיך אָנ־געשפּארט אויף די עלענבוים זי זאָל בעסער קענען הערען.

— גוט, וואָס איך האלט שוין ביים סוף — האָט זי גע־זאָגט פערשטיקט.

— איהר זענט גאָר, אזוי ווי קינדער — האָט חיים געזאגט א צוטראָגענער — וואָס קלאָגט איהר זיך? דאָס דריקט ביים

הארצען, דאָס שניידט, אזוי ווי מיט א מעסער, נאָר קוקט מיך אָן. א ביסעל אָבגעלאָזט דער וועהטאָג — דאַרף מען ווידער שטעהען אויף די פיס. איך האָב א צעטעל, נאָר יעדערער האָט זיך זיינס. איך בין ניט מסכים מיט די חברה, נאָר זיי האָבען זייער צעטעל. און דאָ גלויב איך זיי. איך וויל ניט קיין אנדער ווארט אויס, נחמן, היינט ווערט דאָ צו מיר קומען איינער פון די חברה נעהמען דעם אדרעס פון א קליענט, וואָס איך האָב פאר איהם געפונען. אָט מיט איהם רעדט זיך א ביסעל דורך!

— דוד דאַרף קומען? — האָט גאָלדעלע געפרעגט א דער־פרעהטע.

— נו, יאָ — האָט חיים געענטפערט, לאכענדיג — דאָס איז, נחמן, זעהר א וואוילער יונג. ער איז די טעג געקימען צו פאָהרען פון... מען האָט איהם געדארפט קענען, אז ער איז געווען א קליין אינגעל.

זיי האָבען אָנגעהויבען ארבייטען. נחמן האָט געדרעהט די ציגארען און חיים האָט אריינגעשטעלט די ציגארען־טרייבלעך.

— אָהאָ — האָט חיים ווידער געזאָגט א דערפרעהטער — אויף מיין וואָרט — ער וועט שוין באלד ארבייטען, אזוי ווי איך...

— נו, נו. נאָך ווייט צו אייך.

— ניט ווייטער, נחמן, פון דעם טיש. נאָך פסח וועט איהר אָנהויבען ארבייטען אויף דער פאבריק.

אזוי האָבען זיי געארבייט ביז מיטאָג. דער נאָך האָבען זיי עפּיס צוגעביסען און ווידער זיך געזעצט ארבייטען. ארום דריי א זייגער האָט זיך דערהערט א שאָראָך ביי דער טהיר.

— אודאי, דוד — האָט געזאָגט גאָלדעלע.

חיים האָט זיך אומגעקוקט אויפ׳ן גאסט און האָט אויסגע־רופען הויך:

— יאָ, דאָס איז ער. דוד, קומט אריין!

אין שטוב האָט אריינגעשפּאנט א מענש געקליידעט, ווי אנ׳ארבייטער. נחמן האָט אויף איהם א בליק געוואָרפען און ער האָט זיך גלייך אנטוישט. דאָס איז געווען א יודערדיגער אינגער מאַן מיט א ברייט פּנים, א גרוים מויל און זעהר א לאנגע נאָז. די אויגען זענען איהם געווען טונקעל־ברוין, מוטנע און איינס האָט

אויסגעזעהען קלענער פונ׳ם אנדערען. ער האָט געמאכט דעם איינ־דרוק פון א רמא, אָדער א בלינדען, וועלכער איז ערשט זעהענדיג געוואָרען. איבער׳ן פער׳עקשנ׳טען שטערען האָט זיך איהם גע־קרויזט אַ גרויסע פּאָטעלע האָר, מיט ברייטע אַקסלען און ניט קיין בעוועגליכער ווי א בער.

— וואָס פאר א משונה׳דיגער מענש — האָט נחמן א טראכט געטהון.

—נו, אָט זענט איהר ווידער ביי אונז — האָט חיים גע־זאָגט, אוועקזעצענדיג דוד׳ן נעבען גאָלדעלע׳ן און אליין האָט ער זיך ארומגעדרעהט איבער׳ן צימער — שוין אוועק די צייט, ווען אהר האָט אָהן אונז א טאָג ניט געקאָנט לעבען. ווען איז עס געווען? נאָך מיט זעקס יאָהר צוריק. ווי אזוי געפינט איהר איצט אנדעלען?

— זאָגט ניט, דוד — האָט זיך אריינגעמישט גאָלדעלע — איהר וועט מיר דאָך אבנאַרען. וואָס איז דאָ צו זאָגען. די ארבייט האָט מיך אויפגעגעסען און שוין. אָט איהר זעהט אזוי גוט אויס, נאָר אויך האָט איהר זיך געביטען. פון וואנען קומט איהר איצט?

— פון ווייט — האָט דוד געענטפערט.

א דערשיטערטער פון גאָלדעלע׳ס אויסזעהען, האָט ער ניט גערן געענטפערט. כמעט א געזונדע האָט ער זי איבערגעלאָזען און איצט איז זי אזוי פערענדערט געוואָרען... זי האָט אלס פער־נאנדערגעפרעגט און ער, בארוהיגענדיג זיך ביסלעכווייז, האָט איהר אָנגעהויבען דערצעהלען, וואו ער איז געווען ביז פאראַ־יאָהרען, און וועלכע שטעט און וועגען דעם, ווי אזוי עס לעבען דאָרטען די ארבייטער.

חיימ׳ען האָט עס באלד פארשמעקט אין דער נאָז אריין און ער האָט אָנגעהויבען רעדען... נאָר ווען ער האָט דערמאָנט, אז די בעסטע ארבייטער ארבייטען אויס ניט מעהר ווי אכטציג קאָ־פּיקעס אַ טאָג, האָט ער לאַכענדיג געוויזען אויף זיך מיט׳ן פינגער און דערביי האָט ער געשמאָמעלט:

— איך בין נאָר דערגאנגען ביז זעכציג קאָפּיקעס — מעהר ווי צוויי טויזענד קאָן איך ניט מאכען. אין א יאָהר ארום וועל איך, מסתמא, מאכען צוויי מיט א האלבען טויזענד, נאָר איך וועל ווערען נעהנטער צו דער ערד אויף גאנצע צעהן יאָהר.

— וואָס זשע טוהט מען? — האָט זיך אונערוואַרטעט אָפּ־גערופען נחמנ׳ס קול און ער אליין האָט זיך פארקוקט אויף דוד׳ן.

— דאָס איז נחמן — האָט חיים געזאָגט, ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג אוועקגעריסען פון זיינע טענות — ער לערנעט זיך א פּאך.

— מען קאָן גאָר נישט טהון — האָט גאָלדעלע געענטפערט מיט א טרויעריגער רוהיגקייט.

— איהר האָט זיך גיך אונטערגעגעבען — האָט איהר דוד אויפמערקזאם געמאכט מיט א שמייכעל — ס׳איז דאָ וואָס צו טהון!...

נחמנ׳ען האָט מיט א מאָל באהערשט א סימפּאטיש געפיהל צו דוד׳ן.

— אפשר ווייס דער — האָט ער געטראכט.

— אָט דער מענש, נחמן, ווייס — האָט חיים געזאָגט א צופרידענער, ווי ס׳וואָלט געווען א שטורם און ער האָט זיך אויס־באהאלטען פון דעם — פרעגט איהם און ער וועט אייך ענטפערען. ער וועט אייך ענטפערען, נחמן!

— וואָס זשע טוהט מען? — האָט נחמן געטאקט זיינע ווער־טער, פרעגענדיג מיט א ברען אין די אויגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דוד האָט ניט געענטפערט און לאנג האָט רע געקוקט אויף איהם.

— זאָגט — האָט נחמן געבעטען — זאָגט...

ווידער איז געוואָרען שטיל און אין דער דאָזיגער שטילקייט, האָט זיך, ווי געשמאָלצענער מעטאל, צוגאָסען זיין היים־רופענדע שטים...

— נו, גענוג — האָט דוד געזאָגט נאָך א לאנגען שטיל־שווייגען — גיט מיר דעם אדרעס, וועל איך געהען.

— היינט וועל איך מעהר ניט ארבייטען — האָט פּלוצלונג געזאָגט נחמן, אויפהויבענדיג זיך פון אָרט.

ער האָט אויסגעזעהן אזוי אויפגערעגט, אז גאָלדעלע האָט באַמערקט אנ׳אומרוהיגע:

— וואוהין וועט איהר איצט געהען, נחמן? איהר זענט דאָך עפּעס ניט מיט אלעמען.
— אפשר איז אונז מיט'ן וועג, וועלען מיר געהען אינאיינעם — האָט פאָרגעשלאָגען דוד.
— הערסט, גאָלדעלע, האָט זיך חיים צולאכט — ער פיהרט נאָך איהם אליין אוועק.
— איך וועל געהען מיט אייך — האָט נחמן געזאָגט פשוט
— איך דאַרף נאָך אייך פרעגען...
ער האָט גערעדט פער'עקשנ'ט, ווי ער וואָלט געפּאָדערט. דוד האָט באהאלטען דעם אדרעס און דער ביי האָט ער געענטפערט ניט הויך:
— גוט. איך וועל געפינען פאר אייך צייט...
ביידע האָבען זיי זיך געזעגענט מיט חיימ'ען און מיט גאָלדעלע'ן און זענען ארויס אין גאס.
און ווידער איז געקומען דער פריהלינג...
יעדען טאָג איז ער געקומען פון די פעלדער, פונ'ם ים, פון ווייטע לענדער און וואָס ווייטער איז ער זיך אלס מעהר פארזעסען אין שטאָדט. פון פריהמאָרגען האָט זיך שוין געווייסט דער וואַרימער טוי אויף די דעכער און ביז'ן זונען־אויפגאנג האָבען רעגען־גרויע נעבלען געבלאָנדזעט אין די גאסען, אין דער לופט און אין די הימלען... ס'האָבען ארויסגעשפּראָצט אלערליי גראָזען. אין די צימערען האָבען זיך אָנגעגאָסען די בלומען. אלס א אָפטער האָט זיך געהערט דער גלאָקען־קלאנג.
ס'האָט פארשמעקט מיט פסח...
פון טאָג אויף טאָג האָט זיך אין די אויסגעטרוקענטע גאסען געמעהרט דער גרוי־ריינער מענשען־המון. ס'זענען געגאנגען זעל־נער אין דעשטרינטע רייהען און האלב געזונגען זייערע לידער. און וואוהין דאָס אויג האָט ניט א קוק געטאָן — פון די טויערען און פון די קלייטען, פון די פּראָנטאָווע טירען — פון אומעטאום האָבען זיך געוויזען מענשען און אלע האָבען זיי געשמעקט מיט פריהלינג, מען האָט ניט געקאָנט פערשטעהען, וואָס עס איז געשעהען, נאָר צו זעהען די הייזער איז געווען אומעגליך. ס'האָבען זיך געעפענט די פענסטער ארויסצולאָזען דעם ווינטער פון שטוב און די ווארים־זיסע לופט האָט געשככור'ט דעם מענשען, ווי א פרוי

און געשלעפּט איהם ערגעץ ארומצובלאָנזען און האָבען אלע אויס־געזעהען דערפרישט זיי, אלע זענען געווען עהנליך אויף יונג־גראָז און ס׳איז זיי ניט געווען צו דערקענען ווי אזוי וואויל זיי זענען גע־וואָרען... מיט׳ן אָנקומענדען פריהלינג זענען אלע געשעפּטען אזוי ווי צולאָפען זיך ערגעץ און מענשען האָבען געקאָנט לעבען פריי, ווי די פייגעל. ס׳האָט זיך פארלענגערט דאָס לעבען. פאר׳ן טאָג האָט מען געקאָנט ארבייטען, געהען איבער די פאריונגערטע גאסען און שמייכ־לען צו יעדען פארבייגעהענדען. א גאנצען טאָג פון פריה ביז נאכט אין דער ארבייט, אָדער אויף דער פריי זענען מענשען געווען גוט, וואויל און זיי זענען אויף קיינעם בייז ניט געווען...

דער פריהלינג האָט זיך אומגעקעהרט... פון די פעלדער איז ער געקומען א צארטער און א פערבענקטער אין מענשען... פון פריה־מאָרגען האָט אין די פעלדער געהילכט דער האָרן־פייף, וועלכער האָט די זעלנער אויף דער לעהרע גערופען.

דאָס וויכטיגסטע געשעהניש ביי טשארנע׳ן אין שטוב איז איצט געווען די ליעבע — צווישען פייצשע׳ן מיט נתנ׳ען, וועלכער האָט זיך אויסגעשריבען פון שפּיטאָל. זיי האָבען זיך אָנגעהויבען דערנעהנטערען נאָך דאן, ווען ער איז געלעגען אין שפּיטאל און פייצשע פלעגט לויט טשארנע׳ס בקשה טראָגען איהם אלערליי זיסע געבעקסען און פירות צום קוויקען זיך. אין פעברואר האָט איהם אָנגעהויבען צו געהען בעסער און אין מערץ האָט ער זיך שוין געפיהלט אזוי קרעפטיגט, אז ער האָט זיך אויסגעשריבען פון שפּיטאל. נתן האָט די ערשטע צייט געוואוינט ביי נחמנ׳ען און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דער אמת׳ער ראָמאן מיט׳ן גאנצען רייץ פון דער שטילער און ניט־אויסגערעדטער ליעבע. זיי פלעגען זייערע בליקען בעהאלטען פון מענשען. גערעדט האָבען זיי אויפ׳ן וואונק און, אזוי ווי קינדער, זענען זיי געלאָפען אויף א בעגעגע־ניש ערגעץ הינטער דער וואנד נעבען די פיהרלעך.. . פייצשע האָט איהם דערצעהלט דעם גאנצען אמת פון איהר ביטערען לע־בען און דאָס, וואס זי איז געצוואונגען געווען צו פארקויפען זיך פאר געלד, האָט זי געמאכט אין זיינע אויגען פאר א מארטירערין. זיי האָבען אליין ניט בעמערקט, ווי אזוי זיי האָבען זיך פערליעבט איינס אין דאָס אנדערע און, כאָטש זייערע געשפּרעכען זענען מיט יעדען טאָג צארטער געוואָרען, האָט זיך נאָך דאָס אמת׳ע וואָרט

ביי זיי ניט אויסגעזאָגט, ווייל ער האָט ניט געוואגט און זי האָט זיך געשעמט.

אין די וואָכנדיקע טעג פלעגען צו נחמנ׳ען קומען געסט. געווען זענען עס זיינע גוטע פריינד: דער אַלטער שלמה, זיין געוועזענער שותף דניאל און חיים. ביי טשארנע׳ן אין שטוב איז דאן געווען א ביסעל טומעלדיג. בליומקע איז רוהיגער געוואָרען פון איהר דערשיטערונג און זי איז שוין געוואוינט געווען מיט טשארנע׳ן. מיט נחמנ׳ס געסט איז זי אויך געוואָרען היימיש, און זי פלעגט ליעב האָבען צו זיצען ביי שלמה׳ן אויף די הענט, איינהערענדיג זיך וואָס מען רעדט. מען האָט געשמועסט וועגען פריהלינג, וועגען גוטע האָפענונגען און וועגען אידען... נחמן פלעגט דערצעהלען פון דוד׳ן, וועלכער איז אבגעפאהרען אין אנ׳אנדער שטאָדט אריין און אין א חודש ארום האָט ער דערווארטעט זיין קומען צוריק. דערביי האָט זיך מייטע דורכאויס געהאלטען נעבען דער מוטער ניט צושטער-רען נתנ׳ען מיט פייש׳ען.

— איך וועל ארויסגעהען — האָט נתן געזאָגט אויפ׳ן וואונק צו פייצשע׳ן — זיי האָבען אונז איצט ניט אין זינען.

— איך געה נאָך אייך — האָט פייצשע געענטפערט מיט א האנד-באוועגונג אויף איהר שטייגער — געהט...

אומבאמערקט פלעגען זיי זיך ארויס׳גנב׳ענען און פייצשע דערפיהלענדיג אויף זיך מייטע׳ס א גליקליכען בליק, ווען זי איז מיט נתנ׳ען געשטאנען נעבען די פיהרלעך, האָט גערעדט שטיל מיט א ווילד פרייד אין הארצען:

— זיי פערשטעהען אלסדינג... ס׳איז מיר א בושה.

— איך בין צופרידען, וואָס מען פארשטעהט — האָט נתן געענטפערט, מיט פערשאפטען אָטום — איך וואָלט זיך געוואָלט פיהלען געזונד איך זאל עס קאָנען הויך אלעמען דערצעהלען.

— נתן...

— וואָס איז, פייצשע?...

—איהר זענט זיכער אין דעם, וואָס איהר ווילט זאָגען?

— אזוי ווי איך וואָלט זיך געוואָלט פיהלען פעסט אויף די פיס...

— איך בין געוואָרען אנ׳אנדערע... נתן!

— רעדט ניט וועגען דעם .איהר זענט א הייליגע!

— א הייליגע? איהר קענט ניט דאָס לעבען...

— —איך קאָן עס גוט, פּייצשע. איהר זענט א הייליגע.

זי האָט צוגערוקט פאר איהם אַ נידעריג וועגעלע ער זאָל זיך זעצען. זי פּלעגט זיך שטעלען נעבען איהם און ער האָט גערעדט מיט הארציגער שטים וועגען לעבען, וועגען געפאלענע מיידלעך, וועגען דער זיסקייט פון ליידען און זייערע געפיהלען האָבען זייביידען געהאלטען ווייט פון דער ערד...

און אין דער צייט האָט זיך מייטע איבערגעקוקט מיט נחמנ'ען און איהרע אויגען האָבען איהם געזאָגט:

— זיי זענען נישטאָ. זיי האָבען זיך ליעב.

און די ערנסטע שמועסען וועגען פריהלינג, גוטע האָפענונגען און אידען האָבען ניט אויפגעהערט...

ס'איז שוין געווען פאר פסח. אין אלע הייזער פון דער פאָר־שטאָט האָט מען שווער געארבייט, גרייטענדיג זיך צום יום־טוב. אומעטאום האָט מען געוואַשען, גערייניגט און געשאָבען. איבער די הויפען האָבען זיך געטראָגען הילכיגע ווייבערישע קולות און די גליקליכסטע האָבען אויסגעזעהען די קינדער.

ביי טשארנע'ן אין שטוב איז געווען א יריד. די הילצערנע בעטען האָט מען ארויסגעטראָגען אין הויף אריין. בליומקע האָט געשאָבען די פּאָרלאָגע, טשארנע האָט געוואשען די טישען און מייטע האָט צונויפגעשטעלט אין קויש דאָס חמצ'דיגע געפעס. ארבייטענדיג האָבען אלע גערעדט צווישען זיך און נתן, וועלכען מען האָט געטריבען פון איין צימער אין דעם אנדערען, האָט שטיל געשמייכעלט און אלסדינג געפאָלגט מיט גרויס הכנעה.

— דאָס לעצטע מאָל ארבייטסטו ביי מיר — האָט געזאָגט טשארנע צו מייטע'ן — איבער יאָהר פסח וועסטו שוין זיין אַ בעל־הבית'טע ביי זיך און איך וועל דיר קומען העלפען...

— מיר וועלען וואוינען אינאיינעם — האָט מייטע גע־ענטפערט, רויט ווערענדיג.

— איך ווייס שוין די היינטיגע קינדער! — האָט זיך טשארנע צילאכט...

— מומע טשארנע — האָט זיך אריינגעמישט נתן, וועלכער איז געזעסען אינ'ם צווייטען צימער — ערגערט זיך ניט אזוי שטארק. איך וועל בלייבען מיט אייך...

— מיט פייצשע׳ן? — האָט טשארנע געזאָגט אַ צופרידענע.

ער האָט ניט געענטפערט.

— א, ער שווייגט — האָט צשארנע געזאָגט א צופרידענע.

— מומע טשארנע, איך שווייג דערפאר — האָט זיך אָפּגערופען זיין הארציג־שטילער קול — ווייל איך וואג נאָך ניט צו רעדען דערפון. נאָר ווען איך בין געזונד, וואָלט איך זיך געשטעלט אין מיטען הויף און איך וואָלט עס אויסגעשריען פאר אלעמען.

— איך האָב תמיד געטראכט, אז ער איז אַ שטיקעל משוגענער — האָט זיך אבגערופען די אלטע — און ס׳וואָלט מיר דאָס אויך קיין חדוש ניט געווען.

— מומע טשארנע — האָט נתן געזאָגט, שטעהענדיג אויף דער שוועל.

— יאָ, איך בין טשארנע. איך וויים...

— איהר זענט די בעסטע אידענע, וואָס איך האָב געזעהען אויף מיין לעבען.

— און איהר זענט דער נארעשסטער פון אלע אידען אין שטאָדט.

— מאמע, לאז איהם אָפּ — האָט זיך אריינגעמישט מייטע.

— ער איז פּאָרט דער נארעשסטער — איז טשארנע אָבגעשטאנען — נאָך א ברכה געהט מען צו אַ מאמען, ניט צו אַ מומען.. מומען...

— מאמע, דאָס וואסער אין עמער איז שוין קאלט — האָט געזאָגט בליומקע — באלד נאכט. שטערט ניט, נתן!

נתן איז נעלם געוואָרען און אין א ווײלע ארום איז ער ווידער געקומען.

— מומע טשארנע, האָט ער געזאָגט.

— און איך זאָג אייך, אז מיר זאָגט עס עפּעס ניט צו גוטען...

— און מיר זאָגט דאָס הארץ צו גוטען.

— נו, נתן?

— עפּעס האָב איך א שלעכט געפיהל...

ער איז ווידער ניט געוואָרען און מייטע האָט געזאָגט, קוקענדיג אין פענסטער:

— אַט געהט נחמן...

ביז נאַכט איז שוין אַלסדינג געווען אין דער בעסטער אָרדע־נונג און אויף מאָרגען איז געבליבן גאָר ווייניק ארבייט.

— נו, דאנקען גאָט — האָט געזאָגט טשארנע, דערלאַנגענ־דיג דאָס עסען צום טיש — דעם לעצטען ערב פסח בין איך אינאיינעם מיט מיין טעכטערל און מיט איהר חתן. איבער א יאָהר, אמיה"שם, וועלען זיי שוין זיין בעל הבתים ביי זיך.

אין דער רגע איז ארייגעקומען פייצשע און מען האָט נאָך ניט באוויזען זי צו באגעגענען מיט'ן היימישען גוטנאָווענד, האָט זיך ביי דער טהיר בעוויזען דער לאנגער דניאל...

אלע האָבען זיך מיט א מאָל אויפגעהויבען פון די ערטער און האָבען ארומגערינגעלט דניאל'ן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# די איינזאַמע

— אזוי איז עס — האָט אָנגעהויבען גרשון, ענטפערענדיג אויפ'ן געדאנק, וואָס אימעצער פון אונז האָט דאָ ארויסגעזאָגט — דאָס לעבען איז אזוי משונה און אזוי ביטער, אז זעלטען ווער עס קען דעם אנטקעגען שטעלען עטוואָס גרויסעס און מעכטיגעס וואָס זאָל קומען פון זיין צוטרייסעלטען גייסט אין די טיפענישען פון זיין נשמה. ווי אנ'אייזערנער האַמער פאלט דאָס לעבען אויפ'ן רצון פונ'ם מענשען. ס'צוברעקעלט איהם און ער ווערט ווייך און נאָכגעביג. נאָר טרעפט אַ מאָל אַ צופאל, ווען דער מענשליכער ווילען ווערט צוגעדריקט ביז דער לעצטער מדרגה, רייסט עס אויף און עס וואקסט פון דעם ארויס מיט א מאָל די אמת'ע גרויסקייט פונ'ם מענשען. נישטאָ מעהר קיין זיפצען, נישטאָ מעהר קיין טרעהרען, אנ'אויסגעמאטערטער, אַ ליידענדער, נאָר דער מענש האָט זיך אויפגעהויבען אין דער הויך. אין אַזאַ מינוט דאכט זיך, אז עס איז דיר מיט אמאָל ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. דו דערזעהסט דעם וואונדער פונ'ם בורא־עולם, ווי אזוי ער האָט פעראייניגט אינ'ם מענשען דאָס קלייןליכע און דאָס גרעסטע פון זיין גייסט. פאר קיין אופן קען מען עס נישט פונאנדערטהיילען, נאָר אז עס קומט דער נויטיגער מאָמענט, פלאַמט עס אויף, ווי א פונק ביים קלאַפען פון האמער איבערן אייזען.

קוקענדיג אויף אונז אלעמען מיט זיינע טיף־שארפע בליקען, האָט ער אָנגעהויבען זיין געשיכטע:

— קיינער פון אייך האָט זיכער קיין מאָל נישט געוואוסט פון יענעם פארוואָרפענעם ווינקעל, וואָס האָט א מאָל געהייסען דאָס אידישע געסעל. איצט האָט זיך דאָרטען אויסגעבויט אַ לאנגע שענע גאס מיט נייע הויכע מויערען און אקאציען־ביימער זענען דאָרטען פערפלאנצט פוןביידע זייטען טראָטואַר. אלע זאָגען, אַז די גאַס איז איצט זעהר שעהן. די הייזער זענען דאָרטען געבויט אין רחבות, אין באקוועמליכקייטען אין פראכט פאר'ן אויג און די שכנים, וואָס

וואוינען אין זיי, זענען זעהר וואוילע און אָנשטענדיגע מענשען, נאָר פאר מיר איז דאָס אלטע אידישע געסעל אויך געווען דאָס שעהנסטע און דאָס ליעבסטע ווינקעלע אויף דער וועלט. דער ריח פון די אמאָ־ליגע אידישע הויפלעך, וועלכער האָט זיך געטראָגען אין דער לופט, איז מיר געווען אזוי אנגענעם, ווי דאָס בלומען־דופט פון אַ בליהענ־דען גאָרטען און די אלע אידישע קבצנים, וועלכע האָבען דאָ גע־האנדעלט מים אלצדינג, וואָס עס איז זיי צו די הענט געקומען, זענען מיר געווען טייער, ווי זיי וואָלטען די קלוגסטע און די בעסטע מענשען אין דער וועלט געווען.

גערופען האָט מען עס דאָס געסעל, נאָר געווען איז עס אַ ברייטע גאַס, ווי אַ פעלד. תמיד איז זי פול געווען מיט אידען און ווייבער און זייערע אינגאלאך און מיידאלאך. צווישען דעם מענשען־עולם האָבען זיך ארומגעדרעהט אלערליי הינט, גענז, הינטלאך און הינער און אלע אינאיינעם האָבען געמיטלעך געטומעלט אויפ׳ן היימישען שטייגער, ניט אונטערשיידענדיג אין זייער פשטות קיין לעבעדיגע באשעפענישען. די גענז מיט די הינער האָט מען גע־קוילעט, די הינט פלעגט מען שיסען און דאָס ביסעל מענשען האָט מען צונויפגעטריבען אין די נאָרעס און אויף אַ באַזונדער אופן לע־בען ניט געלאָזט. נאָר אין אלגעמיין איז אין דעם קיין אונטערשייד ניט געווען, ווייל אלץ, וואָס לעבט ווערט צופוילט און מוז צופוילט ווערען, פונקט ווי ס׳מוז שרייען, פייניגען זיך און באגיסען זיך מיט׳ן אייגענעם בלוט. דאָס זענען אלץ פשוט׳ע און געוועהנליכע זאכען, וואָס גענען דעם האָט גאָר ניט צוזאָגען ניט דער חכם און ניט דער נאַר.

איבער דעם דאָזיגען גאסען־טומעל, וועלכער איז געווען אזוי נאטירליך, ווי דער גערויש פון ווינט און רעגען, האָבען אָבגעהילכט די קולות פון די „חדרים“, וואו קליינע אידאלאך האָבען תורה גע־לערענט מיט אַ זעלכע געשרייען און האָרעוואנע, ווי דאָס וואָלט זיי געדארפט פערהיטען פון אלע צרות, וואָס ערווארטעט זיי אין לעבען. פון די הויפען האָבען זיי זיך געריסען אין גאס ארויס די ווײַ־בערשע קריגערייען צווישען די שכנות. און די אלע קולות האָבען זיך צוזאמען געמישט אין איין באוועגליכען רעש, ווי די טייכען וואָס גיסען זיך צונויף אין די ברויזענדע כוואליעס פון ים. און איבער דעם אלעמען האָבען אראָבגעקוקט די אייביגע הימלען. רוהיג און

געמיטליך האָבען זיי זיך איינגעהערט, ווי אזוי מיר, די אויסדערוועהלטע, שווערען זיך און נארען אָב איינס דאָס אנדערע, וויסענדיג, אז גערעכטיגקייט און אומרעכט, געשרייען און געבעט, דאָס יאָגעניש נאָך אַ גראָשען פערדיענסט און דער אפּעטיט צום עסען — זענען אלסנדינג הבל הבלים און אלסדינג וועט עס פארשווינדען און שטיל ווערען, ווי אזוי ס'פאַרשווינדעט אלע מאָל דאָס גוטס און שלעכטס און דאָס פרעהליכע און דאָס אומעטיגע פון אונזער שטיקעל ערד, וואו מיר האלטען זיך פאר די גרעסטע חכמים און וועלט־קענער. און איבער אונז האָט געשיינט די זוהן, דערפרעהענדיג מיט גאָלדענער ליכטיגקייט אונזערע נידעריגע און אלט־פינסטערע שטיבלאך. דער זונען־שטראהל האָט גערויטעלט אונזערע גרויהע און פריי־געעלטערטע פּנים'ער. ווי א מאמע האָט שטיל געשמייכעלט די זונען־שיין צו די טומעלדיג־אָנגעבלאָזענע גענז און הינער, וואָס אונזערע קינדערלעך האָבען מיט פרעהליכע געשרייען געטריבען פאָראויס, אזוי ווי ס'האָבען זיי אַ מאָל געטריבען מיט געשרייען זייערע טאטעס, וועלכע דער געטרייער טויט אין געשרייען פערטריבען צו דעם הייליגען אָרט פון דער אייביגער רוהיגקייט. און די וואָלקענס האָבען שטיל געשוועבט אין דער הויך איבער אונזערע הייזער, איבער אונזער טומעל און איבער אונזערע געשרייען און זענען פארשוואונדען גווארען ערגעץ ווייט אונטער אונזערע הימלען, וואו אזוי שטיל און אומבאמערקט ס'ווערען נעלם אלע מענשען, וואָס לעבען אויף דער וועלט.

נאָר אזוי ווי אין די זומפּיגע וואסערען פון אונזער גאס האָבען זיך פינקטלעך אָבגעשפּיגעלט אונזערע הינער, די קענדערלעך, וואָס האָבען זיך געשפּיעלט ביי די טויערען, די הינט, אונזערע אלטע האלב־איינגעפאלענע הייזער און די אריביגע הימלען מיט אלע זייערע פארבען און שענקייטען — אזוי האָבען זיך אינ'ם אבגעזונדערטען ביסעלע תושבים פונ'ם געפּלאָגטען פאָלק, וועלכע האָבען בעוואוינט דאָס פארוואָרפענע אידישע געסעל, אָבגערופען דער לעבענס־קאַמף, די דאגות, די פריידען און שטרעבונגען פון דער גאנצער מענשהייט.

ביים עק־גאס איז צו א דין־פערטריקענט בוימעל געוועזן צוגעבונדען א שווארצער אָפענער שירם איבער'ן קאָפּ פון א שווארץ־געקליידעטער פרוי, וועלכע איז דאָ געזעסען שטיל און בעשיידען פון פריהמאָרגען ביז נאַכט סיי־זומער, סיי־ווינטער. קומענדיג אויפ'ן

פלאַץ האָט זי ניט געאײַלט, אװעקגעשטעלט אין דער רײַהע צװײ פלאַכע קױשלאַך, װאו אופ׳ן דעק זענען געלעגען שװאַרצע זאָקען פינקטלעך צונױפגעלײגט צום פּאָר. דערנאָך האָט זי ארױסגע־שלעפּט פון בױדעם די גרעסטע פּאָר ברילען, װעס עמיצער האָט נאָר װען עס איז געזעהן, און האָט אײנגעשפּאַנט אין זײ איהר דינע לאַנגע נאָז. זי האָט װירדיג און שטרענג אָנגעקוקט דאָס אידישע געסעל פון אײן עק ביז׳ן אנדערען און, װען זי האָט געזען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג און בײ די שטעלען איז שױן יעדערער אױף זײַן פלאַץ גרײט צו פערזיינגען דאָס קרעמער־לידעל פון טאָג, דאַן האָט זי ארױסגענומען פונ׳ם קױשעל אנ׳אָנגעהױבענעם זאָק און האָט אָנגעהױבען געשװינט צו דרעהען מיט די שפּיזלעך. אזױ פיעל גדלות און אכטונג צו זיך אַלײן זענען געװען אױף איהר פעסט־געשלאָסענע ליפּען, אזױ ערנסט האָבען געקוקט די גרױס־קײַלעכדיגע גלעזער פון איהרע ברילען, אזױ פיעל טרױעריגע קנײטשען האָבען זיך איהר געלײגט ארום די אױגען — אז די גרעסטע פּלאַפּלערין פון אַלע איהרע שכנות האָבען ניט געװאַגט מיט איהר אָנהױבען צו רעדען, װען ס׳איז דערצו קײן נױטװענדיגקײט ניט געװען. אזױ איז זי געזעסען, װי א פארשטײנערטע, — באַװעגענדיג נאָר מיט די הענד און שפּיזלאַך, אזױ האָט זי געארבײט דעם זאָק, ניט אױפהױבענדיג די אױגען, װען זי האָט אפילו געענטפערט איהרע קונים, װעלכע האָבען בײ איהר סחורה געדונגען — דרײַסיג קאָפּיקעס אַ פּאָר, מײן ליבע אידענע, איך קאָן נישט װעניגער אפילו קײן אײן קאָפּיקע. זעכצעהן, זיבעצעהן, אכצעהן, — האָט זי געצײלט די אױגלעך פונ׳ם זאָק — װאָס מאכט אײער מאַן? געזונד? דרײַצעהן, פערצעהן, פופצעהן,. דאנקען גאָט. ניט אַלע זענען װערט בײ דעם אױבערשטען צו עלטערען זיך מיט די מאנען. פינף, זעקס, זיבען, אכט. ניט װע־ניגער, װי דרײַסיג קאָפּיקעס.

פונקט צעהן אַ זײגער פלעגט קומען איהר טאָכטער, אנ׳אײדע־לינקע, אַ פערװעלקטע מיט גרױסע שװאַרצע אױגען. דאָס מײדעל האָט געבראַכט א טשײַניקעל טהײ מיט א שטיקעל ברױט און מרים פלעגט זיך גלײַך נעמען עסען פרישטיק. אַ פערטראַכטע און אַ שװײַגענדע האָט זי ניט געאײַלט געטרונקען און צוגעביסען און, אז דער מאָלצײַט איז געװען געענדיגט, האָט זי דער טאָכטער יעדען טאָג געפרעגט דאָס אײגענע מיט די װײַסע און צאַרטע טענער פון

יעדען וואָרט, וואָס זענען געווען אַזוי וואונדערליך אין איהר שטרענ־
גער ערנסטקייט פון פּנים:

— הערשעלע איז געזינט?

און ווען די שווארצע אויגען פון׳ם מיידעל פלעגען ענטפערען מיט אַ באוועגינג פון די ברעמען, אַז ער איז געזונט, האָט מרים ווידער איינגעשפּאַנט די נאָז און די ברילען און געגען דער זון האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען בעוועגען איהרע שפּיזלעך, ווי דיק־אָנגעשאַרפטע מעסערס. ווייעדר האָט זי זיך אַזוי פארטיפט אין דער ארבייט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, דאָס זי איז ניט בעשאפען געוואָרען צו זיין אַ מענש און לעבען, טראַכטען, פרעהען זיך און ליבען גאָט, נאָר בלויז צו זיצען אינ׳ם אידישען געסעל און ציילען די אויגלעך: איינס, צוויי, דריי, פיער. אינ׳ם משך פון טאָג און אָוונד האָט זיך ביי איהר די שטימונג ניט געענדערט. דער טומעל און די קולות זענען ארום איהר בּיסלעכוויים שטילער געוואָרען און לאַנגזאַם האָט זיך אָנגערוקט דאָס פערדריסלעכע שטום־שוויינעניש פון מיט׳ן טאָג. די גאַס האָט איינגעדרעמעלט, ווי אַ שלעפעריגע און אַ פער׳חלום׳טע, מיד האָבען זיך די שכנות איינס דאָס אנדערע דערצעהלט זייערע מעשות. קינדער האָבען הילכיג געפּלאַפּעלט ערגעץ אין שאָטען פון די ווענד, מיט ברייט־געעפענטע מיילער האָבען די הענט פויל געגענעצט און נאָכגעקוקט גלייכגילטיג די קוואָקענדע הינער. ווארעמענדיג זיך געגען דער זון האָבען די פליגען קוים געזשומעט און אין דער דאָזי־גער פערגליווערטקייט האָט זיך נאָך מעהר אָנגעזעהן די פעראומערטע ארבייטסזאמקייט פון דער זאָקען־פערקויפערין, ארום דריי־פיער אַ זייגער האָט זיך אַזוי ווי אַ ווינד פון די וואָלקענס ווידער אַ ריס־געטאָן דאָס ארומיגע לעבען, ווידער האָט זיך אלסדינג אָנגעהויבען צו בעוועגען און זי האָט אלס געדרעהט מיט די לעבעדיגע הענד פון איהר פערשטיינערטי געשטאַלט. און די זון האָט, ווי אַ געטרייער שומר, פּינקטלעך ארומגעקרייזט דעם שווארצען שירעם, וואגענדיג קוים אַ בליק צו ווארפען אויף מרים׳ס פּנים. זי האָט געקוקט, אָהן ליידען, אָהן קולות און אָהן טרעהרען.

אויף דער נאכט האָט זי צונאנד געלייגט די סחורה אויפ׳ן דעק פון׳ם קוישעל, דער נאָך האָט זי צוגעמאַכט דעם שירם און, ווארפענדיג אַ בליק אויףביידע עקען פון דער גאַס, איז זי מיט שטילע טריט אוועק אַ היים.

אזוי האָט געלעבט דאָס אידישע געסעל ביי די שטעלען. טאָג־טעגליך איז אזוי געגאנגען דאָס לעבען פון דער זאָקען־פערקויפערין, און אזוי האָט זיך געענדיגט דער טאָג אין דער גאנצער וועלט, ניט וויסענדיג צוליעב וואָס ער איז אוועק.

* * *

מען דאַרף ניט מיינען אז מרים'ס פערצאומערט פּנים האָט כאראקטעריזירט דעם אמת'ן מהות פון איהר נשמה. אזוי ווי אַ שילד איז ניט אַלע מאָל פּינקטליך, נאָר זי ווייזט וואָס פאַר אַ קלייט אונ־טער איהר געפינט זיך, אזוי האָט מרים'ס אויסזעהן עדות געזאָגט, אז אונטער איהר שטעהט א מענש בעהאַלטען. דאָס צאָרענדיגקייט און צער האָבען בלויז געוויזען דעם וועג צו דעם רעטעניש פון איהר פערשטיינערטקייט, נאָר זיי האָבען ניט אַרויסגעזאָגט דאָס גוטעס, וואָס עס איז געווען ביי איהר אין הארצען בעהאַלטען פון מענשען. אין דער ווירקליכקייט איז מרים געווען אַ שטילע אַ דערנידערטע און אַ אונטערגעגעבענע פרוי מיט אַ צערטליך־גאָלדען הארץ, וואָס האָט געקאָנט, ווי אַ פידעל, ארויסברענגען פון דעם אַלע ציטערענדע טענער פון ליעבע און טרויער, וועלכע ס'האָט נאָר געהערט דאָס אויער פונ'ם מענשען. און ווען מען זאָל דערצעהלען, ווי אזוי פּופציג יאָהר נאָכ'אנאנד האָט זי דאָס לעבען געפּייניגט, וואָלט עס געווען אַ טראגישע געשיכטע וועגען דעם, ווי אזוי דאָס הארץ פון פרייד און אייביגען ליבעס־געפיהל ווארפט לאנגזאם אראָפּ פון זיך די צערטליכקייטען פון איהר נאַטור, ריין צו וואַשען זיך פון הבל, וואָס רייצט אזוי דעם לעבעדיגען נאַרישען מענשען, וועלכער פערגעסט, אז שכל און געפיהל זענען איהם נאָר אויף חוזק געגעבען געוואָרען. צו זעכצעהן יאָהר האָט מען זי מיט געוואלד חתונה געמאַכט פאַר אַ מענשען מיט א ספר אין האנד, וועלכען האָט ניט געוואָלט זעהן די ווירקליכקייט. דערצו איז ער נאָך געווען א שווינדזיכטיגער און דעם גאנצען לעבען האָט זי פערבראכט אין קאמף פאַר'ן שטיקעל ברויט, פאַר א חיה־שעה דעם רוקען און די הענד אויסצורוהען און נאָך פאַר אַ זעלבע קליינינגקייטען, וועלכע פעלען יעדען איינציגען אָרימאַן. נאָך אזא גיהנם ־ לעבען פון גאנצע צוואנציג יאָהר, איז פון דער פאַמיליע געוואָרען אַ תל, דער מאַן איז געשטאָרבען און

פון ניין קינדער איז געבליבען א שוואך אויסגעבלייכט טעכטערל און אזא קרענקליך דרייצעהניעהריגע אינגעל, וועלכער האט זיך קוים אויף די פיס געהאלטען. דאן איז זי שוין אינגאנצען געווען א שטילע און אנ׳אויסגעגעבענע. דעמאלס איז דאס גאנצע לעבען, וועלכעס האט פאר איהר קיין ווערט ניט געהאט, געווען די ליעבע צום קראנ־קען אינגעל. צוליעב איהם האט זי אבגעגעבען איהרע לעצטע כחות ער זאל ניט פיהלען דאס שווערקייט פון דער לעבענס־נויט, אזוי האט אויך געפיהלט און געטאן דאס שווינדזיכטיגע מיידעל. ניט זעהענדיג פאר זיך קיין פרייד אין לעבען, האט זי פערשטאנען אז עפעס צוליעב א מיספערשטענדעניש געפינט זי זיך צווישען די לעבעדיגע. מיט זיי האט נאך אויך געוואוינט זייער עלטער־זיידע, א זקן פון ניינציג יאהר, ווי ער וואלט סימבאליזירט מיט זיך דעם לעבעדיגען פראטעסט געגען דעם, וואס זיצט אויבען און פיהרט די וועלט, דערלאזענדיג דעם אלטען, וואס טויג צו גאר ניט, זיין אנגע־ווארפען אויף דער פאמיליע, ווי אויף להכעיס האט ער געלעבט און געלעבט און פאר קיין אופן האט ער ניט געקאנט שטארבען. ער האט איבערגעלעבט זיינע זיהן, זיינע טעכטער, זיינע אייניקלעך. ער האט אלץ געלעבט, ווי ער וואלט איינגעזויגען אין זיך די לעבענס־זאפטיגקייט פון זיין גאנצער משפחה, איבערגעבענדיג די קינדער און קינדס־קינדער בלויז די ארימע רעשטלעך פון זיין געזונד און אריכות־ימים. און זיין לעבען איז געווען טרויעריג, ווי דאס לעבען פון אנ׳אויסגעוועבטען און ניט נוציגען מענשען, וועלכער האט שוין פערלוירען אלע לעבעדיגע פון זיין דור און האט איבער־געלעבט אלסדינג, וואס האט געהאט פאר איהם א צוועק און א טרייסט. איצט איז ער געווען אנ׳אנגעבויגענער זקן מיט א אייביק־פערשטיינערטען רוקען און דער שכל האט זיך איהם יעדער מינוט געקאנט אומקערען אין דעם צושטאנד פון א קליין קינד, אפט פלעגט ער זיך אנצינדען מיט אנ׳אנמעכטיגען צארן און, איינהאל־טענדיג זיך פון א קללה, האט ער געשטאמעלט אין כעס!

— אלעמען איבערגעלעבט, אלעמען, אלעמען!

און הערשעלע, א פערטראכטער און א דארער מיט איינגעפאל־לענע בעקלאך, האט געקוקט אויפ׳ן אלטען און געפרעגט:

— מאמע, פאר וואס טראכט ער?

אין זיינע ווערטער האָבען זיך תמיד געהערט עפּעס ווייטע גערדאנקען, וועלכע האָבען מרים׳ן געשראָקען.

— ער איז דאָך א לעבעדיגער מענש — האָט זי געענטפערט פּאָרזיכטיג — און דער וואָס לעבט דארף טראַכטען.

— נאָר צו וואָס לעבט ער? — איז דאָס אינגעל ניט אבגע־שטאנען, ווי ער וואָלט געפרעגט זיך אליין — ווער דארף איהם? דאָס לעבט ער, ווייל ער האָט געדארפט האָבען קינדער און אייניקלעך, און אור־אייניקלעך און דערנאָך זיי איבערלעבען אלעמען? נאָר דאָס איז דאָך עפּעס אַ ווילדע זאך, אָדער מען דארף עס אפשר צוליעב דעם, אז איך מיט דער זאָלען ביידע פרעגען וועגען דעם? איז דאָך ווידער עפּעס אַ ווילדע זאך. נאָך וואָס דארף ער לעבען און מיר זאלען דארפען פרעגען? מאַמע, וועגען דעם דארף מען זעהר און זעהר גוט ארומרעדען.

און אָנשפּארענדיק די עלענבויגען אויף די קניה, האָט ער אַוועקגעלעגט דעם קאָפּ אויף ביידע הענד און איז אזוי געבליבען זיצען פּארטיעפט אין זיינע געדאנקען, וועלכע זענען תמיד געווען אזוי שרעקלעך פאר מרים׳ן, ווען ער האָט זיי איהר ארויסגעזאָגט.

— נאָך וואָס דארף איך עסען? — האָט ער געפרעגט, אַוועק־רוקענדיג פון זיך דאָס מאכל, וואָס מרים פלעגט איהם דערלאנגען. ער האָט געקוקט אויף דער מוטער, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם און האָט געוואַרט נאָך צו געבען איהם זיינע פערלאָנגען.

און, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, האָט ער גלייך צונויפ־געלעגט די הענד אונטער צו שפּארען מיט זיי דעם קאָפּ.

נאָר מרים האָט מיט אַ געבעט צוגעוואונקען צו דער טאָכטער און יענע האָט אַנ׳אויפגערעגטע, אזוי ווי די מאַמע, מיט א גע־מאכטער פרייד געענטפערט:

— עסען, הערשעלע, דארף מען כדי צו זיין געזונד. אז דו וועסט זיין געזונד וועסטו אויסוואקסען א שענער בחור. דעמאָלס וועסטו געהן פערדינען און די מאמע וועט זיין אין דער היים. דעמאָלס, הערשעלע, וועסטו זי האָדעווען פונקט, ווי זי האָדעוועט דיר איצט. דאָס אינגאלע.

— אודאי אזוי — האָט צו גענעבען מרים — נאָר פריער פון אלם דארפסטו זיין געזונד און א שטארק אינגעל, ווי יענע קינדער, וואָס לויפען ארום אין גאס. זיי שרייען, זיי לאכען און זיי שפּרינגען.

— און צו וואָס, מאַמע, דאַרף איך זיין געזונד? — האָט ער געפרעגט מאַנאָטאָן מיט זיין צאַרט זינגענדיג קול'כעל — צו וואָס דאַרף מען עס אַלעס? ס'געהט אוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און דער נאָך קומט דער טויט. ווי אַזוי פערשטעהט מען דאָס?

— עס זשע, טייערער — האָט מרים געבעטען, ציטערענדיק פון פּחד. אַ פערלוירענע האָט זי ווידער געוואונקען צו דער טאָכטער און איז נאָך אַ מאָל צו געפאַלען מיט תחנונים צו דעם קראַנקען הערשעלען — דו האָסט דאָך נאָך צום מיטאָג אפילו זיך ניט צו־געריהרט. עס זשע, מיין קינד.

נאָך די אַלע בקשות און איינרעדענישען האָט ער נאָכגעגעבען, נאָר געגעסען האָט ער גלייכגילטיג, ווי אַנ'אָקס קייט אַ ביסעל היי.

און נאָכמיטאָג, ווען ער איז איינגעשלאָפען ביי זיך אויפ'ן בעטעל, האָט מרים אין דער שטיל גערעדט מיט דער טאָכטער, ווי אַזוי זי ציטערט איבער'ן אינגעל'ס לעבען און ווי אַזוי עס פּייניגען זי זיינע געדאַנקען, זיין דאַרעניש און זיין שוויייגקייט און נאָר גאָט אַליין, וואָס אין זיינע הענד איז דאָס לעבען פון אַלע בעשעפענישען, קאָן איהם היילען. אַרום האָט זיך געהערט דער קורץ־איילענדיגער אָטעם פונ'ם זיידען, וועלכער האָט פאַר קיין אופן ניט געקאָנט אָנשעפּען דאָס ביסעל לופט אין די לונגען אריין און אין דער פרום־איינגעהאַלטענער שטילקייט האָט זיך געהערט דאָס געמורמעל פונ'ם מיידעל וועגען הערשעלען, וואָס פאַר אַ טייער קינד ער איז. כדי ניט אויפצוואוועקען איהם האָט זי גערעדט אויפן וואונק. ער איז קלוג, האָבען דערצעהלט איהרע אויגען, נאָר די פינגער, וועלכע האָ־בען זיך שנעל געשניטען אין דער לופט, זענען אין ציטערניש פער־שטאַרט געוואָרען אויף דעם טרויעריגען אמת, אַז אַזעלכע זענען געסט דאָ אויף דער זינדיגער ערד און די הייליגע נשמות נעהמט דער אייבערשטער אוועק צו זיך אין הימעל אריין.

---

אַ מאָל, ווען דאָס וועטער איז געוועזען וואַרעם און טרוקען, פלעגט דאָס גאַנצער געזינד אַרויס געהן אַ ביסעל שפּאַצירען. געוועזען איז עס פאַר'ן זונען ־ אונטערגאַנג, ווען דער טאָג האָט, וואַרפענדיג דעם לעצטען בליק אויף דער וועלט, זיך אַ ביסעל פערהאַלטען אונטער

די הימלען איידער פערזונקען צו ווערען אין דער אייביגקייט, ווי אלע אנדערע טעג. פאראוים איז געגאנגען דאס מיידעל מיט אַ קוישעל אין די הענד, וואו עס זענען געלעגען עטליכע שטיקעלעך ברויט, אָנגעשמירט מיט פוטער. אונטער איהר איז געגאנגען מרים אָהן די ברילען, פיהרענדיג הערשעלען פאַר אַ האַנד און נאָך זיי האָט זיך מיט אַ שווערער טריט געשלעפט דער זיידע אונטער׳ן יאָך פון זיין קיילעכדיג־אויסגעבויגענעם רוקען. אָנשפאַרענדיג זיך מיט ביידע הענד אויף זיין גרויסען שטעקען האָט ער זיך יעדען מאָל אבגעשטעלט צו כאפען דעם אָטעם.

אַלע זענען זיי געגאנגען שווייגענדיג, ניט אומקוקענדיג זיך אויף די פארבייגעהענדע, וועלכע האָבען זיי נייגעריג בעגלייט מיט די בליקען. צו קומענדיק צום גרויסען און פוסטען פלאץ, וועלכער איז מיט גראָז געוועז בעוואַקסען, האָבען זיי זיך אויסגעזעצט אויפ׳ן גראניט־שטיין, וואָס איז דאָ געלעגען פון צעהנדליגער יאָהרען. און דער זיידע האָט זיך נאָך אלס געשלעפט און געשלעפט. מיט זיין קיילעכדיגען רוקען און איינגעצויגענעם האַלז האָט ער פון ווייטען אויסגעזעהן, ווי א גרויסער פראָש, וואָס קריכט אויף אלע פיער.

— נו, אָט זענען מיר שוין דאָ — האָט מרים געזאָגט אַ דער־פרעהטע, אוועקזעצענדיג דאָס אינגעל ווי ווייט עס איז נאָר מעגליך בעקוועם — און איצט קען מען עפעס א בים טהון, יאָ, ליעבע?

— הערשעלע איז שוין אוודאי הונגעריג, ווי אַ העלפאַנט — האָט געענטפערט דאָס מיידעל אינ׳ם זעלבען טאָן, ווארפענדיג אַ בליק אויף דער מוטער.

— ווי אַ העלפאַנט — האָט הערשעלע געלאכט און פון דעם דאָזיגען געלעכטער האָבען די ביידע פרויען אויפגעשיינט מיט גליק אין די אויגען — נו גיב, מאַמע, איך וועל עפעס עסען.

נאָר ער האָט קוים עטוואָס צוגעביסען. דאָס פרעהליכקייט האָט זיך איהם אין פנים ניט געהאַלטען, און ער האָט זיך אומגעקערט צו זיינע געדאנקען:

— איך טראכט, מאַמע — האָט ער אָנגעהויבען און זיין מאָנאָ־טאָן־זינגענדיג קול׳כל האָט געפרואווט איבערייסען די דערשראָקענע מוטער, ווי זי וואָלט נויטיג געדארפט דער טאָכטער עפעס צו דער־צעהלען — איך טראכט היינט אַ גאַנצען טאָג, וואָס איז עס א זוינס ליעבע — ער איז אַ ווײלע שטיל געבליבען — איך זיץ מיט אייך

און דאָ אין האַרצען עפּעס פּיהל איך, פּיהל איך אַ זוינס, און איך ווייס, אז פאר אייך וואָלט איך מעהר גוטעס געטאָן, ווי פאר'ן זיידען, כאָטש איהם האָב איך אויך זעהר ליעב. וואָס זשע איז דאָס אזוינס, אָט דאָס פּיהלען און צו וואָס דארף מען עס? אויב ס'איז צוליעב דעם איך זאָל אייך גוטס טהון, צו וואָס זשע דארף מען איהר זאָלט זיך נויטיגען אין מיין גוטסקייט? אויב אזוי, מאמע, איז עס אַ ווילדע זאַך, וואָס מען קען ניט פערשטעהן. נאָר ליעבע איז דאָך פאַרהאַן און דער שטיין וואָס מיר זיצען אויף איהם, ווייסט ניט פון קיין ליעבע. און די ערד אונטער אונזערע פיס ווייס אויך ניט פון קיין ליעבע און מיר, אז מיר וועלען שטארבען, וועלען מיר אויך ווערען מיט דער ערד צו גלייך און מיר וועלען שוין מעהר ניט ליעב האָבען. וואוהין זשע וועט עס אהין קומען די ליעבע, וואָס איז פארהאן און מען ווייסט ניט צוליעב וואָס? וועגען דעם, מאַמע — האָט ער געענ־דיגט מיט זיין טיפזיניגען טאָן, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אין דער לופט — דארף מען זיך בעטראַכטען, בעטראַכטען, בעטראַכטען.

ביז וואנען ער האָט גערעדט האָבען די מוטער מיט דער טאָכטער געשמועסט צווישען זיך אויפ'ן וואונק אוןביידע האָבען זיי געוואוסט, אז ווען מען קאָן, וואָלטען זיי דאָ אויפ'ן אָרט געשריען און געבראָכען זיך די הענט פון צער און שרעק.

— מאַמע, און דערנאָך — האָט ער ווידער געזאָגט מיט זיין מעלאנכאָליש־דין קול'כל, ווען ער האָט אויסגעטרונקען אַ ביסעל וואַסער — איך טראכט נאָך פון עפּעס אַזוינס. איך געדענק מיינע שוועסטערלעך און איך האָב זיי ליעב. איך געדענק דעם פעטער שאול און די מומע סימע. זיי זענען געשטאָרבען און איך האָב זיי נאָך אלס ליעב. וואָס זשע האָב איך ליעב? די ערד? נאָר די ערד איז דאָך אומע־טום אלס איינס און אפשר טרעטען מיר איצט מיט די פיס דעם פעטער שאול'ן? און ווי אזוי קען די ערד זיין מיין שוועסטער, מיין פעטער, אָדער מיין מומע? אז איך וועל שטאַרבען און דו, מאַמע, וועסט אויך שטאַרבען, וועלען מיר ביידע ווערען ערד. ווי אזוי זשע קאָן איין שטיק ערד זיין אַ מאמע און דאָס אנדערע שטיק ערד אַ זוהן? דאָס אלסדינג קען איך ניט פערשטעהן און וועגען דעם, מאַמע, דארף מען זעהר גוט אַרומריידען.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט צו מרים'ס אקסעל און, זיפצענדיג שטיל, האָט ער זיינע ערנסטע בליקען געווענדעט צום הימעל.

— א, הערשעלע — האָט איהם די מוטער צאַרט געענטפערט, איינהאַלטענדיג קוים דאָס געוויין, האָט זי איהם געקושט דאָס בלייך־איינגעפאַלענע־בעקעל — דו טראַכסט אַלץ פאַר וואָס און צוליעב וואָס, וואָלסט בעסער געווען פרעהלאַך, ווי אַלע אינגלאַך אין דיינע יאָהרען. אַזעלכע זאַכען, הערשעלע, טאָר מען גאָר ניט פרעגען, ווייל מיר, זינדיגע מענשען, קענען דערויף ניט ענטפערען. מיר, הערשעלע, דאַרפען זיין בלינד, און טויב, און נאַריש און אַלסדינג, וואָס מיר בענעהמען ניט מיט אונזער מענשליכען שכל. מיר דאַרפען, הערשעלע, שטיל אבלעבען אונזערע יאָהרען, וואָס זענען אונז געשענקט פון גאָט. ער זיצט אויבען און פיהרט די וועלט און מיר דאַרפען אַרבייטען, ניט צו פערנעהמען אומזיסט קיין אָרט אויף דער וועלט. מיר דאַרפען ליעב האָבען מענשען, זיין גוט און רחמנות האָבען אויף אַלעמען. און דאָס איבעריגע, מיין קינד, וועט שוין אַליין פון זיך זיין גוט, ווייל פאַר אַלסדינג און פאַר אַלעמען טראַכט שוין אונזער פאָטער אין הימעל, וואָס זיצט אויבען און פיהרט די וועלט!

— און וועגען דעם, מאַמע — האָט ער געענטפערט פעראוּמערט — דאַרף מען זיך אויך בעטראַכטען, בעטראַכטען און בעטראַכטען.

און דער זיידע זיצענדיג לעבען זיי, האָט אַלס געשעפּט דאָס ביסעל לופט צו זיך אין די לונגען אריין. זיינע אויגען, וועלכע האָבען שוין צעהנדליגער יאָהרען ניט געזעהן די הימלען און די שיין פון דער זון, האָט ער געווענדעט צו דער ערד, וועלכע האָט איהם געצויגען צו זיך, ווי אַ מאַמע. אַ מידער פון יאָהרען און לעבענס־נויט האָט ער זיך אַלס נידעריגער געבויגען צו דער ערד, ווי ער וואָלט געבעטען נעהמען איהם צו זיך ער זאָל זיך אויסגלייכען און אָברוהען אויף דער ווייך־ערדישער ברוסט איהרער. און פון דער שטאָט האָט זיך געטראָגען אַ שטילער וועה פון אונטערדריקטע מענשען און אַרום איז געווען אזוי פיעל צער און אומעט, וואָס וועגען אַלסדינג האָט מען זיך געדאַרפט בערטראַכטען, בעטראַכטען און בעטראַכטען, אַז עס האָט זיך געוואָלט וויינען אויפ׳ן גורל פונ׳ם מענשען.

און דאָס אַרומגיע האָט זיך געטונקט אין שטילקייט, ווי די שטערען אין דער פינסטערניש פון דער אָנקומענדער נאַכט.

---

איין מאָל האָט זיך דאָס קראַנקע אינגעל אַוועגעלעגט צום בעט. דאָס איז שוין געווען דער לעצטער טראָפּען אין דער איבערפולטער מאָס, די לעצטע מדרגה פאַר'ן ליידענדען האַרץ איז געווען דער טויט. הערשעלע איז געלעגען אָנגעטהון אין קלאָרע וועש, וועלכע האָבען געבלאַנקט מיט'ן ווייסקייט פונ'ם ערשט־געפאַלענעם שניי. מיט זיין בלוטלאָז־פערטראַכט פּנים און טיף איינגעפאַלענע אויגען האָט ער אויסגעזעהן, ווי א מלאך, וואָס איז צופעליג אַראָבגעפאַלען אויף דער ערד.

מרים איז ניט אָבגעטראָטען פון זיין בעט. מיט א נייעם קנייטש פון פּיין אויף די ליפּען איז זי געשטאַנען לעבען איהם אנ'אָנגע־עלטערטע און א פארשטאַרטע, ווי אַ שטיין. דער זיידע איז געלעגען אויפ'ן אויווען אויך אהן אַ סימן פון לעבען.

די טעג זענען געגאַנגען לאַנג און אויסגעצויגען, אָדער איילענדיג און קורץ, נאָר קיין בעסערונג איז ניט געווען. וואָס ווייטער איז איהם נאָך ערגער געוואָרען, מיט יעדען טאָג און מיט יעדער שעה, האָט הערשעלע אַלץ ווייניגער גערעדט, ווייניגער געגעסען און אָפט איז ער אריינגעפאַלען אין א פער'חלש'טען צושטאַנד, וואָס ער האָט קיין מענשען ניט דער קענט.

— וואָס איז דיר, מיין טייערער? — האָט מרים געפרעגט אין צער, ווען דאָס אינגעל איז אין אַ מינוט געקומען צו די געדאַנקען — וואָס טוט דיר וועה? פאַר וואָס רעדסטו ניט מיט מיר? פאַר וואָס פרעגסטו מיר ניט, ווי אַ מאָל: פאַר וואָס, מאמע, איז דאָס, פאַר וואָס, מאמע, איז יענץ!

— איך ווייס ניט — האָט ער געענטפערט פערטומערט — איך פיהל גאָר ניט. מיר טהוט גאָר ניט וועה, איך וויל גאָר ניט. און ווען וואָס טראַכט איך — איך געדענק ניט, איך ווייס ניט. אין זיך, מאמע האָט ער צו געגעבען, ווייזענדיק מיט'ן פינגער — דיר האָב איך זעהר און זעהר ליעב.

ווען ער האָט צו איהר געשמייכעלט, פלעגען זיך דערפרעהען אַלע שטומע און פערשטיינערטע שאָטענס פון שטוב און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז עס שמייכלען אויך די טונקעלע בענקלעך, דער טיש און די שטרענגע, גרויס־הילצערנע בעט פון מרים'ן.

— ווייסט מאַמע — האָט ער איהר איין מאָל געזאָגט — ווען אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט וואָלטען געקומען אהער און גע־

בעטען מיר איך זאָל זיין געזונד, וואָלט איך זיך אָבגעזאָגט דערפון. דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלען, ווי אזוי מיר איז גוט, ווען איך ליג אָט אזוי ווי א פער'חלש'טער, ס'ווילט זיך גאָר ניט טראכטען, ס'ווילט זיך גאָר ניט וויסען. און אז איך כאפ זיך אויף און דער זעה אלסדינג אזוי, ווי פריער, אלסדינג, וואָס איך ווייס ניט און איך פארשטעה ניט, ווילט זיך מיר צוריק פאלען אין חלשות איך זאָל ניט פיהלען דאָס אלסדינג. ווייז ניט. איך האָב דאָך דיר אזוי ליעב. און בערעכען זיך, מאַמע — האָט ער זי איינגערעדט רוהיג — צו וואָס דארף איך לעבען? צו וואָס האָסטו געלעבט? פון ערד איז געוואָרען אַ מענש און פון אַ מענשען ווערט ערד צוריק. ווי אזוי נארעש דאָס איז! דו וועסט אויך ווערען ערד און ס'וועט ניט זיין קיין מאַמע, ניט קיין זוהן. און דעריבער, מאַמע, וואָס גיכער איך וועל זיך אומקערען צוריק, וועט זיין בעסער און מען דארף זיך פרעהען דערמיט.

און ווען ער האָט דערפיהלט, אז איהרע וואַרימע הענט גלעטען איהם דאָס פּנים, האָט ער זיי געקושט און איז איינגעשלאָפען.

איין מאָל האָט עמיצער פון די שכנים געראטען מרים'ען אריבערצופאָהרען מיט הערשעלען הינטערען שטאָדט, וואו די פרישע לופט וואָלט איהם אויסגעהיילט.

מרים האָט גלייך אויספערקויפט און פערזעצט, וואָס זי האָט געהאט און, איבערלאָזענדיג די שטוב אויפ'ן זיידען, האָט זי אריבערגעפיהרט הערשעלען אינ'ם נאָהנטען דאָרף אריין. ס'איז אוועק אַ וואָך, די אנדערע און איהם האָט אָנגעהויבען אזוי ווי בעסער צו ווערען. נאָר די פרייד האָט ניט לאַנג געדויערט. אין איין טאָג האָט זיך מיט א מאָל אלס געענדערט און ער האָט שנעל אָנגעהויבען צו פערלירען זיינע כחות. ס'האָבען שוין ניט געהאָלפען מרים'ס תפילות און טרעהרען. דאָס אינגעל האָט גע'גוס'עט. איין מאָל שפּעט אין אָווענד האָט מרים איינגעדרעמעלט לעבען איהם און פלוצלונג האָט זי זיך אויפגעכאפט אַ דערשראָקענע. ס'האָט זיך איהר גע'חלומ'ט, אדער אויסגעדאכט, אז עפּעס אַ פרעמד קול האָט זי געוועקט.

הערשעלע איז געזעסען אויפ'ן בעט און האָט גערופען די מאַמען. ער האָט געקוקט אויף איהר און אז זי האָט זיך באגעגענט מיט זיין בליק איז איהר מיט א מאָל עפּעס אלסדינג אזוי אימה'דיג קלאָר געוואָרען, נאָר זי האָט איינגעהאלטען אין זיך דאָס געשריי ניט צו דערשרעקען איהם און, ציטערענדיג, האָט זי געפרעגט:

— וואָס איז, הערשעלע?

— אַ טרונק, אַ טרונק — האָט ער געבעטען — אינעווייניק ברענט מיר אזוי.

אָנגעטרונקען זיך, האָט ער זיך אזוי ווי בערוהיגט און געזאָגט האָט ער שטיל:

— צו וואָס, מאַמע, דאַרף מען ליידען? ווייין ניט. זעץ זיך אָט דאָ און נעהם מיר ארום. דו ווייסט צו וואָס מען דאַרף ליידען? מאַמע, פאַרהאַן עמיצער אויף דער וועלט, וואָס הערט אונז איצט און האָט אויף אונז רחמנות? אומעטום אַלע שלאָפען און ביי אונז אין גאס וויים אויך קיינער ניט, ווי אזוי מיר ליידען דאָ. דער טאַטע וויים ניט, דאָס שוועסטערל איז געשטאָרבען און וויים ניט. אַלס איז דאָ אזוי ניט פערשטענדליך, אלס איז דאָ אזוי איבעריג.

— נאָר די ליידען גיבען אונז אויך אַ ביסעל גליק — האָט זיך ארייגעמישט דאָס מיידעל, וועלכע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אונז איז דאָך אַזוי גוט. דיר ליעב צו האָבען, דיר צו קושען און אכטונג געבען אויף דיר!

— ניין. ס׳איז אַלס איינס. דאָס געהט דאָך אויך אוועק! וואו איז דאָס גליק פון אַלע מענשען, וואָס האָבען געלעבט אויף דער וועלט? — האָט ער, זעצענדיג זיך, מיט אַ מאָל אַ געשריי געטהון — ווען ס׳איז געווען, וואו זשע איז עס? און אויב ס׳איז ניט געווען, פאַר וואָס האָט עס אונז אָבגענאַרט? אַלסדינג איז דאָס גאָר נישט, אַלסדינג איז נאַריש. מען קען עס ניט פערשטעהן. און וועגען דעם דאַרף מען שוין מעהר ניט טראַכטען — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט, וואַרפענדיג אַ קרומען בליק צו דער ערד.

די פערצווייפעלטע מרים האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהם.

— טרינקען, טרינקען! — האָט ער געבעטען, כאַפּענדיג עפּעס מיט׳ן האנד אין דער לופט.

ליבע איז שוין געשטאַנען לעבען דער מוטער און מיט אַ שטומען פּחד האָט זי איהר אין היילעניש געהאָלפען.

נאָר ס׳איז שוין געווען אומזיסט: ער איז אויסגעגאַנגען.

אין פענסטער האָט אריינגעקוקט די פינסטערניש מיט איהרע סודות׳פולע אויגען, ווי זי וואָלט זיך איינגעהערט צו עפּעס און דער ווינט האָט זיך אַראָבגעריסען פון ערגעץ. צוקלאַפּענדיג האסטיג

מיט דער הינטערשטער טהיר, איז ער אנטלאָפען אין פעלד יאמערען און זיפצעהן. א קליין מענשעלע האָט אויפגעהערט צו לעבען און, ווערענדיג א מענש פון ערד, האָט ער זיך צוריק אין ערד פערענ־דערט.

---

ביי מרים׳ן איז גלייך פערפאַלען געוואָרען די שטימע. דער פערצווייפעלטער טאַטער, וועלכער האָט זיך געוואָרפען אויפ׳ן טויט׳ען קערפּער פונ׳ם אינגעל, האָט זי א געשריי געטאָן מיט א געמורמעל, זי זאָל ניט וויינען.

מען דאַרף ניט קיין טרערען, מען דאַרף ניט קיין וויינען.

פאַרהאַן מאָמענטען, וואָס דער צעבראָכענער ווילען דערגעהט ביז דער לעצטער מדרגה פון אונטערדריקונג און דאָך וואַקסט אויס מיט א מאָל דאָס אמת׳ע גרויסקייט פונ׳ם מענשליכען גייסט און דער מעכטיגער בעגריף פון זיין הערשאַפט איבער דער וועלט ווערט קלאָר און פערשטענדלעך.

וועלכע געדאַנקען האָבען מרים׳ען באַהערשט אין דער מינוט?

א, נישט דאָס, וואָס מיט׳ן טויט פונ׳ם קינד איז אָבגעשטאָרבען איהר אייגען הארץ און ס׳האָט זיך מיט א מאָל איבערגעריסען דער שטאַרקסטער פאָדים, וואָס האָט זי צו געבונדען צום לעבען. נאָכ־דעם וואָס די נשמה פונ׳ם זוהן האָט צו גענומען דער פאָטער אין הימעל, וואָס זיצט אויבען און פיהרט די וועלט, האָט מען נאָך דאָ אויף דער ערד געדאַרפט אָבהיטען דעם כבוד פונ׳ם טויטען גוף. נאָר ווי אזוי? ווייט פון שטאָט, אָהן א צייגניש פון א דאָקטאָר, האָט מען דעם מת געדאַרפט מקבר זיין אין דער שטיל און דאָס וואָלט פאר איהם קיין כבוד ניט געוועזן. ווייט פון שטאָט האָט די לויה גע־דאַרפט זיין א קליינע און א שטילע און פאר׳ן מת איז א בעליידיגונג, ווען עס באַגלייטען איהם ווינציג מענשען. און פיהרען ביי נאַכט דעם טויטען אין שטאָט אריין וועט זיכער ניט זיין קיין בעלן דערויף, וואָס האָט זי געזאָלט טהון? וויינען און אויסקלאָגען זיך וועט זי קענען שפּעטער, נאָר איצט האָט זי דאָס ערשטע געדאַרפט אין זינען האָבען כבוד־המת... מיט א מאָל איז איהר איינגעפאַלען א געדאַנק אָבפיהרען דאָס קינד אין שטאָדט אריין אלס א לעבעדיגס....

און פערשטיקענדיג אין זיך דעם צער, איז זי אוועק געלאָפען צו אַ בעקאַנטען פויער דינגען אַ פוהר. זי האָט עס געמאַכט זעהר געהיילט און שווין איז זי געקומען צו לויפען אָנטאָן דאָס אינגעל צו לאָזען זיך אין וועג אריין. ביידע מיט ליבען האָבען זיי אויף איהם ארויפגעוואָרפען די גרויעס שאַל און, אָנהאַלטענדיג דעם מת פאר די הענט און רוקען, האָבען איהם די מוטער מיט דער שוועסטער פּאַמעלעך געשלעפּט פאָראויס עס זאָל אויסזעהן, אַז ער געהט אַליין אויף די פיס.

— דיר איז ניט גוט? — האָט מרים געפרעגט הויך, ווענדענדיק זיך צום טויטען אינגעל — ליבע, שפּריץ איהם אָב מיט אַ ביסעל וואסער. האָסט דעם ווייַן גענומען מיט זיך? איצט איז דיר גרינגער? נו, דאנקען גאָט, כאָטש וואָס גיכער קומען אַ היים. איהר זעהט, איוואַן, ווי מיין אינגאַלע איז געפעהרליך? איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת. דעם קינד איז געוואָרען זעהר שלעכט און איך האָב באַ־שלאָסען גלייך פיהרען איהם אין שטאָט אריין, ווייל ביז'ן פריה מאָרגען איז נאָך ווייט. איוואַן, געבען אייך אַ ביסאלע ווייַן? ליבע, גיב איהם דאָס פלעשעל.

זי האָט גערעט נאַטירלעך און פּשוט און ס'האָט זיך געדאכט, אַז עס איז גאָר ניט געשעהן, נאָר זי מיט'ן מיידעל האָט אַ פיבער געטרייסעלט און ביידע האָבען זיי זיך אין ציטער־קראַמפען געדריקט די הענט ביז וועהטאָג און משוגעת.

זעהר שפּעט איז געווען אריינצולעגען איהם אין וואָגען, פון אָנשטרענגונג האָט זיי פערפעלט לופט צום אָטעמען און גרויסע טראָפּענס שווייס זענען געפאַלען איבער זייערע פּנים'ער נאָר דער ביי האָט איינע ניט פערגעסען צו וואָרנען די צווייטע:

— זיי פּאָרזיכטיק, וועסט איהם, חלילה, דער שטיקען, זייַ רוהיג, ריהר איהם נישט אָן! הערשעלע, דיר איז בעסער? בעשפּריץ איהם מיט אַ ביסעל וואסער. איוואַן, איהר האָט גענומען אַ קאַפּאַלע? גוט מיר דאָס פלעשעל, וועל איך פּרואווען געבען אַ ביסעלע דאָס קינד, אפשר וועט עס איהם קרעפטיגען אַ ביסעל.

לסוף האָבען זיי זיך אריינגעזעצט אין וואָגען מיט'ן טויטען אינגעל צווישען זיך און דאָס טייערע קינדערשע קעפּעל איז אַנ־מעכטיג געפאַלען אַ הינטער, אָנקלאַפּענדיק זיך אין מרים'ס אקסעל.

אַ, קינד מיינס, קינד מיינס — האָט זי ארויס געשטאַמעלט אין דער שטיל און גלייך האָט זי געזאָגט הויך — איהר קענט פאַהרען מיר זיצען שוין גוט. — און האַלטענדיק זיך אַלץ ביי די הענט, האָבען מרים מיט ליבען געדריקט זיי איינס דאָס אנדערע מיט די לעצטע כחות איינצוהאלטען אין זיך דאָס געוויין, וואָס האָט זיי גע־שטיקט.

פרישע און דופטיגע כוואַליעס פון ווינד האָבען, ווי המונים מענשען, יעדעס מאָל אָנגעיאָגט דעם וואָגען ווי זיי וואָלטען די ערשטע געאיילט אָבצוגעבען דעם מת זייער לעבעדיגען חוב, האָ־בען זיי געזונגען אין פערשיעדענע שטימען זייערע געזעגענונגס־ליעד דעם אומשולדיגען קינד. די צייטיגע זאנגען האָבען נידעריג גע־בויגען די קעפּ, מורמלענדיג עפּעס צווישען זיך, ווי זיי וואָלטען אויסגערעדט זייערע זיפצען און וועהען. די לבנה האָט זיך בעהאלטען אונטערען וואָלקען, ווי זי וואָלט קיין כחות ניט געהאַט נאָך צו קוקען, די טויטע עגלה צווישען די ברויט־פעלדער און זי האָט ארויסגעבליקט נאָר מיט אַ ברעג אין דער זייט אריין, וואו ס'האָבען זיך שוין גע־צונדען די מאָרגען־שיין און נאָר דאָס סקריפּען פונ'ם וואָגען איז, ווי אַ שווערער זיפץ, געפאַלען אין דער ארומיגער שטילקייט מיט אַ שארפען ווידער־קויל, וועלכע האָט זיך אָבגערופען יעדעס מאָל אינ'ם זעלבען אָרט.

— אַ, ווי עס ס'ווילט זיך מיר שרייען — האָט ליבע ארויס געשטאַמעלט אין טרעהרען — ער איז דאָך שוין געשטאָרבען און קיין מאָל וועלען מיר איהם שוין ניט זעהן.

— מען דארף ניט — האָט זיך אָבגערופען מרים — טוליע זיך צו איהם, אזוי ווי איך, קוש איהם. דער צעהל איהם אויפ'ן אויער, ווי אזוי אונז טהוט וועה און זעגען זיך מיט איהם. אין דער היים וועלען מיר זיך אויסוויינען. אַ, ליבע, ווי אזוי גוט איז, וואָס מענשען דארפען שטאַרבען. אינגיכען וועלען מיר אויך שטאַרבען און מיר ווע־לען זיך שוין ניט מעהר צושיידען. דאָרטען וועט ניט זיין קיין קרענק, וואָס זאָל איהם אַוועקלייגען אין די קינדערישע יאָהרען. ער וועט דאָר־טען זיין פרעהליך און געזונד און מיר וועלען דאָרטען זיין אלע אינ'־איינעם. דער טאַטע איז שוין דאָרטען ניט קיין חולה און די שוועסטערליך דיינע וועלען אונז אויך דאָרט בעגעגענען, און אלע

צרות ווערען מיר לאזען דאָ אינ׳איינעם מיט׳ן זינדיקען גוף, וואָס איז אונז געגעבען געוואָרען נאָר אויף צו ליידען.

אזוי האָבען זיי גערעדט צווישען זיך, טרייסטענדיג איינס דאָס אנדערע. מיט אַ מאָל האָבען זיי זיך דערמאָנט אין דער ווירקלעכ־קייט און דער געוויין האָט זיך זיי געריסען פון די הערצער ארויס אינ׳איינעם מיט די ווערטער, אָנגעוועהטאָגטע און ריהרענדע, וועלכע זענען, ווי שווערע שטיינער געלעגען אויף זייערע צו בראָכענע געמיטהער. און פּלוצלונג האָבען זיי זיך געווענדעט צו דעם מת ער זאָל טרינקען א ביסעלע וויין, בעטענדיג דערביי דעם פויער ער זאָל וואָס גיכער פאָהרען. און דאָס פערד האָט זיך געשלעפּט מיט אַ שטיל־טרויעריגען גאַנג, ניט קיין צופרידענס, וואָס מען גיט עס ביי נאַכט אויך ניט קיין רוה און ס׳האָט האָפּערדיג אָבגעשנאָרכעט יע־דעס מאָל, ווען דער בעל־הבית האָט עס מיט׳ן בייטש געשמיסען איבער׳ן רוקען.

ווען זיי זענען אריינגעפאהרען אינ׳ם אידישען געסעל, איז דאָרטען געווען אזוי שטיל, אז אלע ארומיגע הייזער האָבען אויסגע־זעהן, ווי אַ צייטווייליקער בית־עולם, וואו מענשען האָבען געשלאָפען אין דער ווארטונג ביז מען וועט זיי אריבער פיהרען אין זייער איי־ביגער רוה, וואו עס זענען נישטאָ קיין זאָרגען, קיין ליידען און קיין שום געפאהר, וואָס זאָל זיי באריהרען.

די פוהר האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען דעם הויז, וואו מרים האָט געוואוינט און מיט די זעלבע מאטערנישען און ציטער־קראמפען אין אלע גלידער האָבען זיי אראָבגענומען הערשעלען פון וואָגען און האָבען איהם אוועק געשלעפּט אין הויף אריין. נאָר אזוי ווי זיי זענען אריין געפאלען צו זיך אין שטיבעל, האָט מרים אָנגעצונדען אַ ליכט און גלייך האָט זי געזאָגט ליבען אויפ׳ן אייער:

— איצט שרייה, וויין, וועק אויף די שכנים. מען דארף אלע זאָלען וויסען, אז ער איז איצט נאָר וואָס געשטאָרבען.

און זי האָט די ערשטע זיך געגעבען א קלאַפּ מיט ביידע הענד אין קאָפּ אריין און איז זיך פערגאנגען איבער׳ן מת אין אנ׳אויגע־צויגענעם גרויזאם־טרויעריגען געזאנג...

# אידיש גליק

א מאנאלאג פון א אידענע.

איך בין עס טאקע די אידענע, וואס האט ליעב א סך צו ריי־דען. טאקע אויף אזוינער האט איהר אנגעטראפען. גיט נאר א קוק אויף מיר. פערגינט זיך אזא קליינעם פערגניגען. וואס, ס'איז א שעהנע קארטינע? ווער קען דא ריידען און וואס קען דא ריידען? א קראנקע, א קראנקע און א קראנקע, און פארט אזא אידענע ווי איך בין גליקליך...

איך בין אזוי גליקליך, אז כ'וואלט זיך אפילו ניט געביטען מיט מאדאם רובינשטיין... איהר קענט ניט מאדאם רובינשטיין? ווער קען זי ניט. פריינד מיינע, אויף אן אמת? און איהר האט זי קיינמאל ניט געזעהן? ביי איהר איז דאך וואו איהר ווילט בריליאנטען. טאמער מיינט איהר, אז ביי איהר איז דער האלז שעהנער פון מיינעם, אדער עפעס גאר אנדערע אויערען? א גע־וועהנליכער האלז, געוועהנליכע אויערן, נאר בריליאנטען אויף זיי, אז איך וואלט זיך און אייך געוואונשען צו פערמאגען אזוינע כאטש אין פינף יאהר ארום. און פון דעסטוועגען וואלט איך זיך נאך פארט מיט איהר ניט געביטען. וואס איז אזוינס? וואס איז מיר אזוינס די מאדאם רובינשטיין? אויך מעהר ניט ווי א אידענע, אן אלמנה, און אפשר מוטשעט זי זיך ניט ווע־ניגער פון מיר... מ'ווייס שוין, מיר ווייסען שוין דאס גליק פון אט די דאזיגע רייכע.

טאמער ווילט איהר מיך איבערשרעקען מיט ראטשילד'ן, האב איך פאר אייער ראטשילד'ן אויך ניט קיין מורא. ס'איז מיר איצט שוין אביסעל בעסער פון איהם. דארף איך האבען זיינע קאפ־דרעהענישען? און אפשר וועט איהר נאך וועלען זא־

גען, ער איז ניט קיין איד. אויך נעבאַך א איד און קען אודאי ליעגען אין דר׳ערד ניט בעסער פון מיר. — און קינדער, נעבעך, האָט ער דאָך אויך. וואו זשע איז דאָס גליק? אפשר איז זיין זוהנדעלע אויך ווי מיין נאר, וויל ניט זיין קיין שניידער...

ווער בין איך, און וואָס בין איך? וואָס האָב איך, וואו האָב איך, און ווען האָב איך, אויב איך וואוין אין אַ פינסטער דירה׳לע, מיט דריי קינדער, און וואו גאָט אליין האָט געהייסען, אַז ס׳זאָל רינען פון די ווענט. אליין האָב איך אַ פּאָר טויזענד קראַנקהייטען, און גאָר פערשיעדענע. וואָס איהר ווילט וועט איהר ביי מיר געפינען. אז ס׳זשומעט א שטייגער אין קאָפּ, מיינט איהר, אז ס׳שטעכט ניט אין דער זייט? באַלד האָט איהר טאַקע געטראָפען. אי ס׳זשומעט, ס׳שניידט, אי ס׳ברענט, אי ס׳שטעכט. אי עס רייסט, אי ס׳בויערט, וואו איהר ווילט נאָר. מיר דוכט זיך, אז איך וואָלט געקענט איינע אליין פערנעהמען א גאנצען שפּיטאָל... אַלע דאָקטוירים וואָלטען זיך מיט מיר געמוטשעט, און פונדעסטוועגען וואָלט קיינער קיינמאָל ניט דערגאַנגען, וואָס פאַר אַ קרענק איך האָב. גאָרניט...

אזוי איז עס שוין. און אָט אַזא אלמנה, פריינד מיינע, ווי איך, דאַרף האָבען דריי קינדער, און וואָס הייסט קינדער? טאַקע קינדער...

די עלטערע טאָכטער מיינע צילענקע איז געבוירען געוואָרען: אַ מאָגערע, הוילע הויט און ביינער. אזוי האָט זיך גאָט פאַרוואָלט, אויב ס׳געפעהלט אייך ניט, טאָ געהט צו איהם און פרעגט ביי איהם פאַרוואָס...

ווייסט איהר, וואָס כ׳וועל אייך זאָגען, כ׳וואָלט איהם געוואָלט כאָטש אויף איין טאָג מאַכען פאַר אַ מאמע פון מיינע קינדערלאך און אנידערזעצען איהם אויף א פּאָר טאָג מיט מיין צילענקען. נו, נו, ער וואָלט שוין גיך פערגעסען ווער ער איז, און וואו ער איז דאָ אין דער וועלט.

ס׳קינד — אַ גאָלד, און געדאַרפט געבוירען ווערען נאָר ביי אַ קיסר. זאָל איך אייך נאָך דערצעהלען? זי איז שוין איצט דרייסיג יאָהר, און כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, אַז זי זאָל כאָטש אמאָל צו אימעצען געבען א וואונק מיט די אויגען. גיב א וואונק, כאָטש איין מאָל, וואָס ארט דיך, נאַריעלע, פרואוו...

איז האָקט זי, און בראָקט זי, און ס'וועט אַלץ זיין ניין. שטיל, פיין, און די אויגען זענען אַראָפּגעלאָזט... האַקט זי און בראָקט זי, די אויגען זענען אַראָפּגעלאָזט...

ווען איהר איז געוואָרען דרייסיג, האָב איך זיך צוגעזעצט צו איהר, און פּאַוואָליע, ווי איהר קענט זיך אליין פאָרשטעלען, געזאָגט:

— צילינקע, וואָס־זשע וועט זיין ווייטער? ס'איז דאָך שוין נאָך דרייסיג. אָט די ראָזע בעקלאָך, — לאָמיר זאָגען, אז זיי זענעז אזוי ראָז ווי מיינע, — וועלען שוין אין גיכען אויפהערען בליהען, און דאָס ביסעל פעטס וואָס אויף דיר וועט דאָך אויך אַוועקגעהן... וואָס־זשע וועט בלייבען?....

כ'רעד צו איהר, און די נשמה וויינט אין מיר... נאָר וויינען טאָר מען דאָך ניט. מען טאָר איהר דען ווייזען אַ טרער. גאָרניט...

די צווייטע מיינע, הייסט ראָזעלע. און ס'איז טאַקע אַ ראָזעלע. פינף און צוואַנציג יאָהר, הייסט עס, לאָמיר זאָגען האָבען מיר איהר נאָך פאַר אַ יאָהרען אָפּגעצעהלט. אַ נאָז האָט זי.... אפשר מיינט איהר עפּעס א לאַנגע, אָדער עפּעס אזוי אַ מיאוס'ע נאָז?... גאָט אָפּהיטען!... זי איז נאָר אביסעל א קורנאָסע.

נאָר ווער קוקט אויף אַ נאָז, אַז עס איז דאָ אַזעלכע פּלייצעס, אָט אזא האלז, א פּאָר אויגען, וואָס קענען א מענשען פערברע־נען... ס'איז דען א מיידעלע? ס'איז דאָך פּשוט האָניג... חתנים פון דער וועלט. וויפיעל איהר ווילט אליין, צוויי, דריי און טאקע באַלד. זי ארבייט... וואו מיינט איהר א שטייגער ארבייט זי? אויפ'ן זאוואָד וואו מען מאַכט פּראָבקעס... דער וויל זי, און דער וויל זי, און יענער מיינט איהר וויל זי ניט? נאָר כ'האָב עפּעס אמאָל א קוק געגעבען, און א צרה איז מיר, דאָס מיידעל איז שוין פאַרטיג... כ'האָב זיך גאָר געוואָלט קוילענען... נאָר גאָרנישט... גע'פּטר'ט. דאָס הייסט זיך גוט אָנגעמוטשעט. מיר האָבען אלצדינג געטאָן... אי געלד געקאָסט, ס'מיידעל שיער ניט פון דער וועלט געגאנגען... איבערגעקומען. גאָרנישט...

און דער זיהנדעלע מיינער וויל ניט זיין קיין שניידער, פאַר וואָס „וויל ניט"? געהט, פרעגט איהם... וואָס־זשע דען ווילסטי זיין? שריי איך, אַ גענעראַל, א גראַף, דו פינסטערע־ נאַר.

— אַ פּראָוויזאָר.

— וואָ סהייסט א פראָוויזאָר, און וואָס פאר א פרנסה צי־
זיין א פראָוויזאָר, און ווי אזוי ווערסטו ווערען א פראָוויזאָר?
נאָר האקט איהם און בראָקט איהם, ער וויל זיך זיינס....
איז אזוי. דער וויל ניט זיין קיין שניידער. ראָזעלע, נו, איה־
ווייסט דאָך שוין וואָס מיין ראָזעלע טוט... ביי מיר איז טויזענטער
קראַנקהייטען, און צילענקע געהט אוים ווי א ליכט, כאָטש סס
זיך...
דאָך האָבען מיר דאָך אַ גרויסען גאָט... האָט ער עפּעס אויף
מיר א קוק געטהון פון אויבען, און האָט זיך אַ קרום געגעבען:
ס'האָט איהם עפּעס ניט שטאַרק געפעלען.... אין דער אמת'ן, ווי־
פיעל איז דער שיעור צו מוטשען אן אלמנה, נאָך ־ישט נענוג פון
איהר בלוט־זויגען?... האָט ער געהייסען, אַז .צו אונז אין הויז
זאָל זיך אַריבערציהען אַ יונגעטשקער סאָנטשיק מיט זיין מאַמע.
מען האָט זיך איבערגעצויגען. דער יונגער מאַן... כ'האָב נאָך
ניט געזעהען אזא יונגען מאַן... אַ פּאָר אויגען ווי א פּאָר גרויסע
באַרען, און שוואַרצע וואָנצעלאך, וואָלטען דוכט זיך געקאָנט אַ
טויט מיידעל שטעלען אויף די פיס... גוט, לאָז שוין זיין שוואר־
צינקע וואָנצעלאך, לאָז שוין זיין באַרען, אבי כ'זאָל שוין זעהן
א תוך...
ווי אזוי און פארוואָס, און צו וואָס און צו ווען? פרעגט ניט.
מ'האָט זיך בעקענט. ער לויפט צו ציליטשקען, ציליטשקע לויפט
צו איהם. ער ווידער צו צילעטשקען... זיין מאַמע צו מיר, איך
צו איהר, ראָזעלע אין מיטען... דער פראָוויזאָר שווייגט אויך ניט.
אַ יאַריד. די מאַמע איז א שלאַנג, נאָר א אמת'ע שלאַנג. אוי, פון
איהר דערמאָנט מיר גאָר ניט. שלינגט דאָך מענשען... סאָנטשיק
איז אַ גאָלד... אַ בריליאנט איז בלאָטע געגען איהם. פיין, שטיל,
קיין הויך וואָרט קען ער ניט זאָגען. איהר קענט זיך אַליין שוין
פאָרשטעלען, וואָס ס'איז פאַר אַ נשמה, אז ער האָט זיך פערליעבט
אין מיין צילינקען. אריבער דרייסיג איז זי דאָך שוין, אָבער די
שעהנקייט, וואָס ער האָט אויף איהר דערזעהען. גאָרניט....
ס'ערשטע האָט מיין צילינקע אנטליגען ביי דער וואָכערניצע
געלד און געקויפט דעם טייערען סאָנטשיק'ל א קאָסטיומטשיקל.
ער האָט איהם אָנגעטהון, גאָר אַ גראַף!... דערנאָך האָט זי איהם
געקויפט א פּאָר שיך, איהר מיינט אבי שיך? מיט קנעפּלאַך...

געקויפט אַ פּאָר קאַלאָשען, אַ טייערע שליאַפּע, אַ פּאַלטאָ, אַ שטע־קעלע און איהר וואָלט אייך געוואונשען זיי צו זעהן, זיי ארויסגעהן אויפ׳ן שפּאַציר.

טאָמער וועט איהר מיר זאָגען, ווי אַזוי מיין נאַר איז געוואָ־רען אַ פּראָוויזאָר? כ׳האָב עפּעס געגעבען אַ קוק, אוי וועה, עס שמעקט שוין פון איהם מיט אפּטייק.... וועו, ווער, וואָס, ווי אזוי?

— שאַ מאַמע, דו שווייג. כ׳בין שוין געוואָרען פּראָוויזאָר, און מען צאָהלט מיר פינף רובעל אַ חודש... פרעג ניט מאמא. און אַ גאַנץ טאָג האָב איך איין געשעפּט שמעקען... און איך שמעק. ווארט אוים מאמא. אפשר וועל איך אַמאָל האָבען אַן אַפּטייק. וועסטו ביי מיר זיצען פאַר דער קאַסע.

כ׳בין דאָך אַ מאַמע, און שווייג, און דאָס פּנים איז ביי איהם אזוי ווי ביי מיין מאַן ע״ה אַנ׳אויסגעגאָסענער נאר... נאָר פינף קערבלאַך איז דאָך פינף קערבלאַך. און א חוץ דעם וועל איך כאָטש ניט זעהן פאַר זיך אַ גאַנצען טאָג דאָס נארישע פּנים.

איז הייסט עס געוואָרען אזוי. יענע האָט זיך אַ חתן געפונען. דער נאַר איז געוואָרען אַ פּראָוויזאָר. ראָזעלע... נו, איהר ווייסט דאָך אליין, וואָס מיין ראָזעלע טוט... כ׳האָב זיך ארומגעקוקט.... און זעה נאָר, ס׳איז מיר דאָך עפּעס צו גוט געוואָרען. כ׳צעגעה פון גליק....

וואָס־זשע טוט גאָט?

אוי, האָט ער געזאָגט צו זיך, מיין סימען איז דאָך עפּעס געוואָרען צופיעל גוט. איך הער שוין לאַנג ניט זי זאָל זיפצען. מען דאַרף איהר אַ שנעל טאָן.

איהר פערשטעהט, מיר דאַרף מען טאַקי אַ שנעל טאָן... כ׳בין אזא רייכע, אזא געזונדטע, אזא שטאַרקע, אַז ס׳פעהלט מיר נאָר אַ שנעל.

נו, נו, האָט ער מיר געגעבען אַ שנעל.

איך האָב עפּעס געגעבען אַ קוק אויף מיין ראָזעלען... אוי וועה, זי איז שוין ווידער פאַרטיג... וואָס, ווער, וועו, פאַרוואָס?

— כל־בו׳ניצע, זאָג איך איהר, וואָס האָסטו אויפגעטהון? דו ווייסט ניט, אז דער חתן האָט אַ מאמע? זי שלינגט דאָך מענ־שען... דו ווייסט ניט, אַז אונזער צילע וועט עס ניט איבערטראָגען? דו מעגסט איהר שוין געהן קויפען תכריכים....

און שריי ווידער צו איהר:

קראַנק ביזטו געווען כאָטש איבערוואַרטען די חתונה? דער רוח וואָלט דיר צוגענומען ווען דו טוסט דאָס אָפּ נאָך דער חתונה?...

איך זאָג, פריינד מיינע, כ'האָב זיך נאָר געוואָלט קוילענען. אידען, וואָס איז עס? אין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיין אַנדער ראָטשילד א חוץ מיך? ווילסט רייסען די הויט פון וועמען עס איז, געה צו ראָטשילד'ען, ער האָט געזונטע פּלייצעס, א געזונט האַרץ... וואָס איז עס פאַר א חכמה צו מוטשען א קראַנקע אַלמנה?...

און ווי אויף צו להכעיס, האָט די שלאַנג טאַקע באַלד זיך דערוואוסט פון דעם, טאַקי באַלד מיט איהרע אויגעלאָך, זאָלען זיי נאָר איהר ארויסקריכען, זיסער גאָט, אַלצדינג בעמערקט. כ'גיב א קוק, זי לויפט אריין, מיט א געשריי, מיט אַ גערואַלד, מיט א רעש, פונקען זענען געפלויגען פון איהרע אויגען.

אָט אזעלכע צדיקים זענט איהר? מזל טוב אייך. איהר וועט טאַקע האָבען א ליכטיגען גן־עדן. כ'האָב דיר געזאָגט טייערער סאַנטשיק מיינער: קריך ניט אין בלאָטע. מען דאַרף ניט קיין כלה, וואָס איז עלטער פון דיר אויף צעהן יאָהר. זעהסט, די שוועסטער איז שוין א צולאָזענע... כ'האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט, אז אזוי וועט עס זיין, און דו האָסט מיר ניט געוואָלט הערען. איצט קוק און זאָג, בין איך ניט קיין חכמה?....

פערשטעהט זיך איך בין אַנגעצונדען געוואָרען, און איך האָב אויך אָנגעהויבען צו שרייען. איך שטעה און שריי, צילענקע שרייט, ראָזעלע שרייט און די שלאַנג שרייט...

זענען זיך צונויפגעלאָפען די שכנים און האָבען איוך אָנגעהויבען צו שרייען....

מיט אמאָל הער איך ווי די שלאַנג זאָגט:

— קום אוועק פון דאַנען, טייערער סאָנטשיק, דיין פוס וועט דאָ שוין מעהר ניט זיין. קום זונעלע מיינס, קרוין מיינער... פאַרנעם אַלץ וואָס איז דיינס: דעם קאָסטיום, דעם פּאַלטאָ, די קאַלאָשען, שליאַפּע, דאָס שטעקעלע, אלצדינג... גאָר ניט. זענען אוועקגעגאַנגען.

איך זיץ, און דער מח דרעהט זיך ביי מיר. כ'פּיהל, כ'וועל באַלד פון זינען אַראָפּ. איינע ליגט אין חלשות, ניטאָ קיין חתן,

ניטאָ קיין מלבושים. יענע מעוברת, כאָטש נעהם און דער׳הרג׳ע זיך. און מיט אמאָל הער איך נאָך א געשריי ביי דער טהיר:

— שא, שא, שרייט ניט, זייט רוהיג, ס׳איז ניטאָ קיין סכנה.... שוין, שוין.... ער האָט זיך ניט דער׳הרג׳עט, ער האָט זיך ניט גע׳סם׳ט, ער האָט זיך נאָר א ביסעל אונטערגעריסען.... ער האָט זיך גענומען, דער נאַר, איבערטראָגען איינער אליין א שאפע אין דער אפטייק.... מען האָט איהם דען געבעטען?.... איצט איז ער אין שפיטאָל, און טאקע באלד וועט מען איהם מאַכען אן אָפעראַציע.

כ׳האָב דערהערט דאָס וואָרט אָפעראַציע, פריינד מיינע, האָב איך אָנגעהויבען צו שרייען, האָב איך אָנגעהויבען זיך שלאָגען מיט׳ן קאָפּ אָן דער וואַנד.... זעה נאָר וואָס גאָט האָט אָנגעטאָן אין איין מינוט. נאָר וואָס איז מיר געוועזען אזוי גוט, ס׳איז געוועזען א חתן, ס׳איז געוועזען מלבושים און מיט אמאָל איז גאָרניט גע־בליבען...

די מיידלאך קוקען אויף מיר ניט.... זיי זענען אַוועקגעלאָפען אין שפיטאָל, אויב ס׳איז איהם בעשערט צו שטאַרבען... איך זיץ, וויין און פערגעה זיך פון טרעהרען. ווער קאָן מיר איצט העלפען? רופט גאָט אליין, וועט ער זיך אָפּזאָגען. קען ער דען מאַכען, אַז מיין זוהן זאָל זיך ניט אונטעררייסען, אַז ער האָט זיך שוין אונ־טערגעריסען? קען ער דען מאַכען, אַז מיין ראָזעלע זאָל ניט זיין מעוברת... אז סאָנטשיק זאָל ניט אַוועקגעהן, ווען ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען. איך זיץ און וויין און ווינש זיך דעם טויט און לאַך שוין צו זיך אליין:

— שעהן האָסטו זיך אויסגעפיינט, סימע? האַ? גוט? אויס־געצייכענט, מען קאָן טאַקע דיר מקנא זיין.... האָסט זעהר געדארפט חתונה האָבען, מוטשען זיך דאָס גאנצע לעבען, מיט א מאַן א נאַר... גאָרניט.

אָט אזוי האָט זיך געצייגען דער אומגליקליכער חודש ווי א גוט יאָהר. כ׳וויים גאָרניט פון וואנען ס׳האָט זיך גענומען אזוי פיעל טרערען. מיר האָבען גאָרניט געטרונקען אַזוי פיעל וואסער...

אך, פריינד מיינע, טייערע פריינד מיינע, אָבער, פאָרט, האָבען מיר דאָך א גרויסען גאָט... ער קען טאַקי צוברעכען א זאַך,

נאָר ער קען דאָך זי פאַרריכטען אויך. צי דען איז פאַראַן פאַר'ן אייבערשטען עפּעס שווערס? גאָטעניו, קאָנסטו דען ניט נעמען אזא סימען, ווי איך און דערהויבען זי?

אָט צוביסלעכווייז הויבען מיר אָן צו הערען פון שפּיטאָל גוטע נייעסען, אז דעם נאָר מיינעם ווערט בעסער און וועט זיך גיך אויסשרייבען... וואָס הייסט גיך? טאָקע באַלד. די מעוברת'טע? כ'האָב עפּעס אַמאָל א קוק געטאָן אויף איהר, און געגעבען א פּליעסקע מיט די הענד: וואָס איז דאָס אזוינס? וואו זענען מיר דאָ אין דער וועלט? אַהאַ, ס'איז שוין גאָרניטאָ, גלאַט, פיין, א מחיה צו קוקען....

ווען, ווי אזוי? משוגענע? — שווייג מאַמע, פרעג ניט, שוין געענדיגט, ווידער א מיידעל, שווייג.

און דערווייל געהט אַוועק נאָך א פּאָר טאָג... מיר הויבען אָן צו טענה'ן, שמועסען, מען הערט שוין עפּעס א לעבעדיג וואָרט אין שטוב. דער פּראָוויזאָר איז ארויס פון שפּיטאָל... אין דער אַפּ־טייק האָט מען איהם פאַר'ן אומגליק געהעכערט מיט א קערבעל און ער האָט אָנגעהויבען צו קריגען ניט קיין פינף, נאָר זעקס קערבלאַך א חודש. די אויס מעוברת'ע האָט אָנגעהייבען ווידער צו געהן אויפ'ן זאַוואָד... כ'האָב זיך ארומגעקוקט, זעה נאָר, ס'איז מיר עפּעס שוין ווידער גוט געוואָרען... ס'הייסט א גוטע גוטס־קייט, דאָס אַלעס האָב איך דאָך געהאַט... נאָר ווען פרעהט זיך א איד? איהר ווייסט דאָס גוט אַליין, ווען ער געפינט דאָס, וואָס ער האָט פאַרלאָרען... גאָרניט...

איך טהו עפּעס אַמאָל א קוק, אָהאָ, מיין טייערער סאָנטשיק שפּאַצירט זיך שוין אונטער אונזער פענסטער. שפּאַצירט איין טאָג, שפּאַצירט דעם צווייטען, דריטען... וואָס שפּאַצירסטו דאָרטען נאַ־רעניו? מיינסט מען פערשטעהט דיך ניט? און פאַרוואָס ניט? די מעוברת? ווער מעוברת? ווען מעוברת?...

קומט אריין א שכנה, מיט ליפּלאַך ווי שנירעלאַך, און זאָגט:

— סימע, נאָך ניט גענוג? צו וואָס דאַרפט איהר זיך קריי־גען? — איהר הערט? איך קריג זיך? — זי האָט אייך ניט פער־שטאַנען. איהר האָט זי ניט פערשטאַנען... וואָס הייסט, איהר דאַרפט זיך קריגען, וואָס געהט זיך דאָס אָן מיט'ן מיידעל. גיט

נאָר א קוק אויף איהר, ס'איז דאָך פון איהר, נעבאַך, א שאָטען געוואָרען, און פון איהם, נעבאַך, איז שוין געבליבען א דריטעל.

קומט אריין אַן אנדער שכנה מיט א פּיצעלע אויף די הענד.

— נאָך ניטאָ קיין שלום? וואָס צאַפּט איהר די קינדערס בלוט? ס'איז נאָך אייך ווייניג? און פאר וואָס ניט? אי, הערט אויף, איך בעט אייך, זי האָט אייך ניט פערשטאַנען, און איהר האָט איהר ניט פערשטאַנען.... רופט אריין דעם יונגענמאַן, און לאָז שוין זיין אַן עק!

קומט אריין נאָך איינע און נאָך איינע, און נאָך איינע, קורץ, פריינד מיינע, דריי שכנות האָבען זי געבראַכט. דריי שכנות זע־נען געשטאַנען אין טהיר, און דריי זענען געשטאַנען אין דרויסען און דורכ'ן פענסטער אריינגעקוקט אין שטוב....

איין שכנה האָט מיך גענומען־פאר א האנד, די אַנדערע איהר, און די דריטע האָט אונז צונויפגעפיהרט... אפשר מיינט איהר, אז כ'האָב זיך ניט צוקושט מיט איהר? כ'האָב זיך צוקושט. איכ'ל קוקען אויף א שלאַנג, אויב ס'געהט ווענען מיין צילינקען? מען האָט אריינגערופען דעם טייערען סאָנטשיק, מען האָט אריינגע־בראַכט די מלבושים, און אין איין מינוט איז געוואָרען ווי פריער....

נו, זאָג, האָבען מיר א גרויסען גאָט, צי ניין? דאַרף איך מקנא זיין עפּעס א מאדאם רובינשטיין? אָדער א וועלכען עס איז ראָטשילד? איך וואָלט טאַקע געזאָגט: א אידיש גליק... נאָר וואו־זשע וועל איך נעמען אַנדערש? און וואָס איז מיר אזוי שלעכט, א שטייגער? די טעג איז צילינקעס חתונה. איהר מיינט עפּעס אזוי זיך א חתונה'קע? ניין, טאַקע א חתונה! מען וועט טרינקען ווי מען האָט נאָך קיינמאָל ניט געטרונקען.... מען וועט שפּרינגען, ווי מען האָט נאָך ניט געשפּרונגען, און איך מיט דער שלאַנג אין מי־טען... נו, וואָס איז אזוי, אַז מיט דער שלאַנג? און אפילו מיט'ן רוח וואָלט איך דען ניט געטאַנצט צוליעב מיין צילינקען, אַבי כ'זאָל זעהן דעם תכלית...

טאָמער ווילט איהר זיך בעקענען מיט מיינע קינדער? וועל איך אייך באלד בעקענען... צילינקע, סאָנטשיק טאַטע, קום נאָר אהער, נו געהט שוין געהט, לאָז מען אויף אייך א קוק טאָן... דאָס איז ער און דאָס איז זי... זיי לאַבען, זיי מעגען לאַבען. ראָ־

זעלע, געה אויך אריין, טייערינקע... פּראָוויזאָר, געה שוין, וואָס האָסטו זיך דאָרטען בעהאַלטען, מען וועט דיר ניט אויפעסען... און אָט דאָס איז זי — די שלאַנג... נו, גיט נאָר אַ קוק אויף אונז אַלע... אָ? אָ? אַ שעהנע קאַרטינע, וואָס?... איך לאַך שוין אליין... אַ אידיש גליק...

# דאס משוגעים־הייזעל

א פינסטערער, געל־ברוינער פאריזער טאג. ווי ליכט ביי א לויה ברענען די עלעקטרישע קיילעכדיגע לאמפען. אלץ ליעגט אין א שאטען. דער מאנמארטר איז דורכגעווייקט אין רעגען־וואסער. ווי נאסע פויגלען שטעהען אויף די עקען פון די גאסען ביי זייערע וועגעלאך די פארקויפערינס פון גרינס. אויף די טראטוארען איז א שטארקע בעוועגונג. פון די גרויסע געשעפטען קוקען ארויס באר־נעס, פלייש, פערלען, שאקאלאד, בריליאנטען, הענדטשקעס, מאר־נעקענען... פון דעם פענסטער־גלאז קייקלען זיך אראב רעגען־טרעה־רען. ווי שפיעלצייג פאר קינדער שטעהען אין א הויפען צעהנדלי־גער אווטאמאבילען פון פארשיעדענע קאלירען. לעבעדיג און איינ־גאנצען פארטהון איז דער פארקויפער פון קאשטאנעס. עס איז פרעהליך און טומעלדיג אין די שענקען און באר׳ען...

איינמיטען פון דעם המון דרעהען זיך דא ארום, אזעלכע מערק־ווירדיגע און פרעמדע און אונמעגליכע דא, די צוויי ניקאלאיעווער נאטאנסאן און שמירער, נאטאנסאן אין א הוט, שמירער אין א היטעל. זיי האבען זיך אריינגעקוועטשט אין דאס שענקעל „דער גאלדענער הארן”, געפונען א פריי טישעל און האבען באשטעלט אויף א צוקאלעטשעטען פראנצויזיש „קאפע־קרעם”, א הייסען, אבער טאקי גאר א הייסען און האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם צווייטען מיט פארוואונדערטע און פרעהליכע אויגען.

— נו, מען באגעגענט זיך! און וואו? אין פאריז, אויפ׳ן מאנמארטר, דער טייוועל זאל עס נעהמען. פשוט אויף דער גאס!

נאטאנסאן האט געשטראהלט. צוויי מאל א שמחה! ערשטענס: האט ער היינט געקויפט כמעט אומזיסט מעבעל צו אנ׳עסצימער ביי א פראנצויז, וואס האט געמאכט פליטה. דאס גאנצע געלד

האָט ער, פּאַרשטעהט זיך, ניט געהאַט ביי זיך, אָבער ער וועט עס שוין קריעגען ביי בערזאָן׳ען — און ניט ביי בערזאָן׳ען איז ביי צירעלסאָן׳ען. און צווייטענס, — שמירער! העָ? געפּאַקט שמירער׳ן, אונזער שמירער פון ניקאָלאַיעוו, און וואו? אין פּאַריז! שוין געמיינט, אז שמירער איז לאַנג ניטאָ אויף דער וועלט, אז מען האָט איהם דאָרט דערשאָסען אָדער ער איז געשטאָרבען פון הונגער. און ער לעבט גאָר, שפּאַצירט זיך ארום אזוי אויף „ריו בלאַנש“. וואָרהין געהט עס א איד? אין האָטעל דרואָ. וואָס איז אזוינס? א אנטיקהענדלער! שמירער, דער סוחר פון שיך — אנ׳אנטיק הענדלער! אידיאָטסטווא, אָבער עס איז דאָך אויסגעצייכענט...

— נו, שמירער, האָט אָנגעהויבען נאַטאַנסאָן נאָך דעם ווי דער גאַרסאָן האָט געבראַכט צוויי שעהנע גלעזער מיט קאַפּע, לאָמיר אָבזופּען א ביסעל קאַפּע, ביז עס איז נאָך היים. איהר פאַרשטעהט, דאָס איז ניט אונזער קאַפּע, ניקאָלאַיעווער...

— פאַרשטעהט איהר מיך, האָט געענטפערט שמירער, נעהמענדיג דאָס גלאָז מיט צוויי דאַרע לאַנגע פינגער, טאַקי ניט קיין ניקאָלאַיעווער, — הע־הע, האָט ער שטילערהייד געשמייכעלט, — אָבער מען ווערט צוגעוואוינט ביסלעכווייז...

— נו, האָט געפרעגט נאַטאַנסאָן, ניט פאַרשטעהענדיג יענעם און געעפענט ברייט א מויל מיט גרויסע, שוואַרצע און קליינע גאָלדענע ציין.

— יאָ, דאָס איז עס דאָך טאַקי, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט אונקלאָר געענטפערט שמירער. ניקאָלאַיעוו איז דאָס אודאי ניט. ע־הע־הע, האָט ער ווידער ווי אַ זיפץ געטהון.

— נו, און ווי געהען עפּיס די געשעפטען, האָט נאַטאַנסאָן געפרעגט און האָט זיך בשעת מעשה דערמאָנט, וואָס פאַר אַ גוט געשעפטל ער אַליין האָט היינט אָבגעטהון...

— פאַרשטעהט איהר מיך — עס איז ניט שלעכט, אודאי איז עס ניט שלעכט, האָט געענטפערט שמירער און האָט זיך אזוי ארומגעזעהען ווי ער וואָלט ניט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך און אפשר גאָר דערפאַר, וואָס ער געפינט זיך דאָ, — אָבער, פאַרשטעהט איהר מיך, עס איז דאָך ניט ניקאָלאַיעוו!...

— נו, און וואָס איז אויב דאָס איז ניט ניקאָלאַיעוו, האָט

געפרעגט מיט פארוואונדערונג נאטאנסאָן און אריינגעגאָסען אין זיך א האַלבע גלאָז קאַפע.

— דאָס איז עס דאָך, פארשטעהט איהר מיך, האָט געענט־פערט שמירער און געגלעט דערביי מיט זיינע שפּיץ פינגער דאָס גלאָז. ניין, טאַקי נישקשה, אָבער נאַטאַנסאָן, מען האָט ארויסגע־ריסען ביי מיר פון הארצען די שטאָדט! הא? וואָס איז אזוינס פרעג איך ביי אייך — אנ׳אנטיקען־הענדלער געוואָרען! איהר גע־דענקט מיין שיך־געשעפט אין ניקאָלאַיעוו? איצט בין איך אנ׳אנ־טיקען־הענדלער און געה מיר אין האָטעל דרוא. נישטאָ וואָס צו באַקלאָגען זיך, אָבער וואָס זאָגט איהר דערצו, נאַטאַנסאָן, א? ווען איך בין אָנגעקומען אהער פון רומעניען בין איך געווען א גוט פערד — מען האָט מיך איינגעשפּאַנט אין א וואלד־מסחר און איך בין באלד אויפ׳ן אָרט דערטרונקען געוואָרען. ווער, פרעגט איהר? וואָס הייסט ווער, אונזערע אייגענע אידעלאך! אָבער נישקשה, איך האָב ניט קיין פאראיבעל, פארשטעהט איהר מיך. וואָס איז אזוינס געלד? בלאָטע!

נאַטאַנסאָן האָט ברייט געעפענט זיין מויל — ניט ווימענדיג אליין צוליעב וואָס: כדי צו ענטפערען עפּיס אָדער כדי צו שמייב־לען, און אויסדריקען א מיטגעפיהל און באלד א טראכט געגעבען:

— דאָס שעהנע געשעפטל פונדעסטוועגען געמאַכט היינט.

אמת, עס רעגענט, עס איז פינסטער און שווער אויפ׳ן הארצען, אָבער זאָל עס דער טייוועל נעהמען!

דער קאַפע איז געוואָרען קאַלט. ארום דעם שענקער האָבען געזשומעט פראנצויזען, וואָס זענען אויף גיך ארומגעגאנגען אָנצו־ווארימען זיך און אויסטרינקען אנ׳אפּעריטיף.

— פארשטעהט איהר מיך, האָט גערעדט שמירער, נעהמט למשל א קאָפּ פון א מענשען. וואָס איז אזוינס א קאָפּ פון א מענ־שען? א משוגעים־הייזעל, פּשוט א הייזעל פון א משוגענעם, צווי־שען אונז גערעדט? א? וואָס מיינט איהר? זאָגט מיר, נאַטאַנסאָן, וואָס מיינט איהר, איז מיר שלעכט? וואָס פעהלט מיר, דער טיי־וועל זאָל מיך נעהמען, וואָס? איך שלאָג זיך מיט זיך אליין. וואָס וויל האָבען פון מיר דער משוגה׳ענער, וואָס זיצט ביי מיר אין הייזעל? נו, גוט, בין איך ניט קיין שיך־הענדלער, בין איך אנ׳אנטיקען־הענדלער. בין איך ניט אין ניקאָלאַיעוו, בין איך אין פּאריז. אָבער

דער משוגה'ענער אין מיר ארבייט מעשים און דרעהט און לאָזט ניט צו רוה....

— ביי מיר איז אויך דאָ מיין משוגענער, האָט געענטפערט נאַטאַנסאָן, און אויסגערעכענט דערביי א צופריעדענער, אַז ביים מסחר קאָן ער פארדיענען א צוויי הונדערט פראַנק. און אפשר טרינקען מיר נאָך א קאַפע?

— זאָל זיין אזוי, איז מסכים געווען שמירער און אוועק־געלעגט אויפ'ן טיש זיינע צעהן אויסגעצויגענע פינגער. דאָס, וואָס מיין משוגענער וויל, קאָן איך, נאַטאַנסאָן, איהם סיי ווי סיי ניט געבען, אויב מען זאָל מיר אפילו ברענגען אהער דעם רבונו של עולם. קען איך איהם געבען ניקאָלאַיעוו? ווי קען איך איהם גע־בען ניקאָלאַיעוו?

— טאַקי שווער, איז טרויעריג געוואָרען נאַטאַנסאָן, פיהלענ־דיג, ווי א פינסטערער קלעביגער שאָטען הויבט אָן אָנצוואַרפען אויף איהם א מרה שחורה.

— אָט האָט איהר, גיט א קוק, האָט ווי אָבגעזיפצט שמירער. איך בין אין פּאַריז, אויפ'ן מאָנמאַרטר, האָב אַ גוטע דירה, דריי צימער. נו? אינדערפריה שטעהט א פלאַש מילך ביי דער טהיר, ברויט ביי דער טהיר. מיין באָבע האָט זיך אזוינס ניט גע'חלום'ט, א „פּאָם דע מענאַזש” — אליין אנ'אנטיקען־העגדלער, די טאָכטער איז שוין א דאַקטילאָגראַפּקע, דער זון דיענט ביי א אידען אין א פּעלץ - געשעפט. וואָס דאַרפסט דו נאָך האָבען שמירער? ניקאָ־לאַיעוו, דאַרף איך האָבען, דער טייוועל זאָל מיך נעהמען! און מיין ווייב זאָל אויפ'ן מאַרק געהען און דערצעהלען מיר ביים טיי אינ־דערפריה אלע ניקאָלאַיעווער נייעס. נו! ווי געפעלט אייך מיין אַריסטאָקראַט, דער משוגענער? ע־הע, האָט ער א זיפץ געטהון! איהר מיינט, נאַטאַנסאָן, אז מיין ווייב איז דאָ ניט געגאַנגען אויפ'ן מאַרק? געגאַנגען, — אָבער ניט דאָס. ס'איז אָהן א גע־שמאַק! און וואָס קומט ארויס דערפון, אז ווען מען טרעט אריבער די שוועל פון מיין הויז שלאָגט אייך אנטקעגען דער דאָזיגער אי־דישער, ניקאָלאַיעווער ריח פון געפילטע פיש און פעפער און די פּארע פון קאַרטאָפעל? עס ווערט נאָך ביטערער, פאַרשטעהט איהר מיך? עס ווערט א געוואַלד אין משוגעים־הויז. און וואו האָט איהר דאָ די שוסטער־שול? גיב איהם די שוסטער־שול! עס איז דאָך

דאָ אויך פאַרהאַן א שול, אָבער עס איז ניט דאָס, ניט דער געשמאַק! אין ניקאָלאַיעוו בין איך געוועזן קאַזנאַטשיי און וואָס בין איך דאָ? אָט שטעהט א קופּע פראַנצויזען, יעדער פון זיי האָט דאָ עפּיס א ווערט. אָבער איך? קומט נאָר ארויס אויף דער גאַס — ווער בין איך דאָ? אָט זעהט איהר די קאַץ, וועט מען זי אייך ניט געבען פאר הונדערט שמירערס. אין ניקאָלאַיעוו אָבער בין איך דאָך געוועזן עפּיס א שטאָדט בעל הבית, א, נאַטאַנסאָן?

נאַטאַנסאָן איז געוואָרען אומעטיג און האָט אָנגעהויבען צו פאַרגעסען וועגען זיין גוטען געשעפטל. עפּיס האָט געצויגען אונטער דעם האַרצען.

— איך פרעג אייך נאָר, ווער האָט מיך ניט געקענט אין ניקאָלאַיעוו און וועמען האָב איך ניט געקענט? געקויפט דעם ווייב א מאַנטעל — ווייסען דאָ[illegible] שוין אלע, מען גיט איהר אָב מזל טוב, אין יעדען הויז רעדט מען וועגען דעם, אז שמירער האָט געקויפט זיין ווייב א מאַנטעל. און דאָ? איך מעג דאָך דאָ ארומגעהען אויף די הענד, ווער וועט עס באַמערקען. אָבער צו וואָס, פרעג איך, דאַרף עס מיין משוגענער האָבען, אז מען זאָל מיך קענען. איך הרג'ע זיך מיט איהם, ס'העלפט ניט. ניקאָלאַיעוו זאָלסט דו איהם געבען, גיב איהם דעם ניקאָלאַיעווער מאַרק, די שול, די פריינד, די גאַסען, דעם בית עולם; אויך מיר א בית עולם, פאַרשטעהט איהר מיך? שטעלט אייך פאָר, איך בין געשטאָרבען. וואו וועל איך דאָ ליגען? דאָרט, אין ניקאָלאַיעוו, איז שוין געוועזן אנ'אייגענע קאָמפּאַניע: דער פאָטער, די מוטער, דער זיידע, די באָבע, קרובים, דאָקטאָר נחומאָוויטש און בכלל אייגענע מענשען, פאַרשטעהט איהר מיך. און מיט וועמען וועל איך דאָ זיין? ווער וועט קומען צו מיר אין דער ווילדער שטאָדט, ווער האָט דאָ צייט צו געהען אויף אַ בית עולם?...

— יאָ, האָט טיעף אַ זיפץ געטהון נאַטאַנזאָן, א שעהנע כוסא האָבען מיר מיט אייך געמאכט צוליעב מיין געשעפטל. מיט אייך קאָן מען אויך שעהן אַראָב פון זינען.

— ניין, זאָגט עס ניט, האָט שמירער געענטפערט פאַרשעהמט און בעהאלטען זיין פנים אונטער דעם היטעל, ביי אייך אין קאָפּ זיצט אויך מסתמא אייער משוגענער. פרעגט איהר זיך דען ניט אָן ביי זיך, צו וואָס האָט מען געדאַרפט האָבען דעם גאַנצען באָל־

שעוויזם? ווען האָט עס געשאַדט, אז איך האָב געהאט אין ני־קאָלאַיעוו אַ געשעפט פון שיך? האָט מען געדאַרפט האָבען צו דער רעוואָלוציע מיין געשעפט מיט שיך? דאָס איז דאָך א ריינע אי־דיאָטסטווא, אויב מען זאָל עס גוט באַטראַכטען, פאַרשטעהט איהר מיך. גוט, דער זון האָט זיך שוין געפונען א כלה! אָבער צו וואָס דאַרף איך האָבען א פראַנצויזקע, זאָל זיין אַ אידיש קינד, אַ כלה! צו וואָס זאָל איך זיין אַנ׳אַנטיקען־העגדלער, אז איך בין אליין א שטיוועל? איך בין דאָך געוועזען א שטיקעל ניקאָלאַיעוו און ניקאָ־לאַיעוו — א שטיקעל פון מיר. מיין משוגענער שרייט: אהיים! אָבער וואוהין אהיים? וואו איז דאָס היים? ווער איז אינדערהיים? דעם האָט מען דערשאָסען. דער איז געשטאָרבען פון הונגער, דער — פון קרענק. יענער איז ענטלאָפען אזוי ווי איך און ווי איהר. קיין שול איז שוין נישטאָ. דער בית עולם איז חרוב געוואָרען. ניטאָ מעהר קיין ניקאָלאַיעוו, פאַרשטעהט איהר מיך! אָט אזוי געהען מיר זיך א מאָל מיט׳ן ווייב און קינדער אין אַ רעסטאָראַנטשיקל צום עסען. זעץ זיך אַוועק נעבען די פראַנצויזען — איך, פון ניקאָ־לאַיעוו! — און איך פרעג זיך אַליין: איך בין דאָס אָדער ניט? וואו בין איך? דעם אמת געזאָגט, פאַרשטעהט איהר מיך, עס ווילט זיך וויינען, נאַטאַנסאָן, ווען דער גאַרסאָן פרעגט מיך, וואָס וויל איך עסען. דעם טויט וואָלט איך ליעבער אויף מיר געווינשט, אָבער ווער ג ט מיר איהם? יאָ, דעם זון, דער טאָכטער, דער כלה, זיי געפעלט עס. און איך דערמאָן זיך בשעת מעשה, ווי מען פלעגט עס דעקען אין ניקאָלאַיעוו אַ טיש מיט א ווייסען טישטוך, ווייס ווי שניי, דאָס ווייב האָט געהאלטען אין איין ארומלויפען מיט איהר פארטוך פון עסצימער אין דער קיך, פון קיך אין עסצימער, און דער אידישער ריח, דער ווייסער קוילעטש, און די געהאַקטע לעבערלאַך מיט הינער־שמאַלץ און אַ קאפעטשקע בראנפען — און אָט גיסט דו א קוק אין דער טהיר, וואָס איז געגאנגען פון עסצי־מער אין געשעפט, זאָג איך אייך... נאַטאַנסאָן, אויב דער גאַרסאָן זאָל מיר גאָלד אוועקלעגען אויפ׳ן טעלערל, וואָלט עס מיר גאָר ניט געוועזען אזוי זיס ווי דאָס ניקאָלאַיעווער עסען. פאַרשטעהט איהר מיך, דעם גאַנצען מאָנמאַרטר, אָט דעם גאַנצען פאַריז וואָלט איך אייך אוועקגעגעבען פאר א שטיקעלע פון מיין ניקאָלאַיעווער גאַס. א, דער משוגענער אין דעם הייזעל! ער פייניגט מיך, ער שטורעמט,

אָבער, צווישען אונז גערעדט, איז ער דען ניט גערעכט? דאַרף מען זיך ניט אריינוואַרפען אין וואַסער אריין?... איהר ווייסט —
— אַט אַזוי וועל איך זיך א מאָל ארויסרייסען און פּשוט ענטלויפען פון דאַנען. איך וועל לויפען און לויפען, אַט אַזוי ווי איהר זעהט מיך, ביז איך וועל קומען צו לויפען קיין ניקאָלאַיעוו. וועל אָנקומען אהין און ווי אַ קליין קינד א קוק טהון כאָטש אויף דעם, וואָס איז געבליבען. איך וועל אוועקגעהען צו מיין טייערער גאס, וואו ס'איז געשטאַנען מיין געשעפט, איך וועל זיך אוועקלעגען ביי דער שוועל און איך וועל וויינען און קיינער וועט מיינע טרעהרען ניט אָבשטעלען... נאָר זאָגט עס ניט אוים מיין ווייב. שווייגט, נאַטאַנסאָן, שווייגט....

נאַטאַנסאָן איז ווי א שטומער געבליבען. אנ'אומעט איז אָנגעפאַלען אויף איהם.

— אַט זיצט ער אין זיין שטילען ליעבען ניקאָלאַיעוו. ער זעהט איהם, ער אָטעמט איהם איין... ער הערט גאָר ניט די פּראַנצוויזען. ארויסגענומען שטיל זיין טיכעלע און צוגעלעגט צו די אויגען...

— פאַרשטעהט איהר מיך, האָט גערעדט שמירער, יעדער קאָפּ איז אַ הייזעל פון א משוגענעם. צי איז ער אָבער טאַקי משוגע?

שטיל, פאַרטיעפט אין געדאַנקען, האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן זיין שוואַכער האַנד.

נאַטאַנסאָן האָט אַלץ געהאַלטען דאָס טיכעלע ביי די אויגען...

# דער מערדער

— יאָ, — האָט נאָך אַ לאַנגען שווייגען אָנגעהויבען רעדען דער מאַן פון בית עולם מיכעל — אָט אַזוי האָט עס געטראָפען:

— צווישען אַ סך אַנדערע משונה'דיגע זאַכען אין אונזער שטעדטעל, וואָס האָט דעמאָלסט ערשט גענומען לעבען, פּונקט אינמיטען גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען דער אידישער שפּיטאָל, איז פון אַלטע צייטען אָן געבליבען אַ ברונעם.

אַלטע מענשען פלעגען דערצעהלען, אַז דעם ברונעם האָבען אַמאָל אויסגעגראָבען גאָטספאָרכטיגע טערקען לכבוד פון זייער איינעם, זעהר אַ גרויסען און וויכטיגען טערק. אָבער נאָך דעם ווי די גייע באַפעלקערונג האָט ארויסגעשטויסען די טערקען פון שטעדטעל האָט דער ברונעם באַקומען גאָר אַ שלעכטען נאָמען. עס האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס האָבען דערצעהלט, אַז זיי האָבען מיט אייגענע אויגען געזעהען, ווי דער וואַזשנער טערק, וואָס מען האָט באַגראָבען אונטער דעם שפּיטאָל, פלעגט ארויסגעהען ביי נאַכט, קומען צום ברונעם, קרעכצען און בלייבען דאָ ביז איינ־דערפריה. פאַרשטעהט זיך, אַז נאַרישע מענשען האָבען אויפגע־הערט צו נעהמען וואַסער פון דעם ברונעם און פלעגען אפילו ביי טאָג געהען פאַרביי מיט אַ שרעקען. אָבער צווישען דער חברה וואַ־סערטרעגער איז אין יענע צייטען געווען איינער, אַנ'אַלטער מאַן, וואָס מען האָט איהם ניט געקענט אָנשרעקען מיט אַזעלכע מעשיעות. דאָס איז געווען דער בעקאַנטער וואַסערטרעגער נוחים, אַ ליטוואַק, געזונד ווי אַ בער און בייז ווי אַ הונד אויף אַ קייט. ביי דעם דאָזיגען נוחים איז געווען איין איינציגער זון פון אַ יאָהר פופציג. ווי אויף צו להכעיס האָט מען איהם געגעבען אַ נאָ־מען לייב. שפּעטער האָט מען דעם טעות פאַריכט און אַז ער איז

שוין אַלט געווען פופציג יאָהר האָט מען איהם אַלץ גערופען ניט לייב, נאָר לייבעטשקע. איך מוז אייך זאָגען, אז אזא מין אומ־גליקליכען שלימזל האָב איך ניט פריהער און ניט שפּעטער ניט געטראָפען אין מיין לעבען. צו זיין פאָטער, דעם גבור, איז ער מיט גאָר נישט ניט געווען עהנליך. נוחים איז געווען אַ שטאַר־קער, אַ מוטיגער מאן, פאר וועלכען אַלע פלעגען ציטערען. פון זיין דונער־שטימע זענען בלייך געוואָרען די געזונדעסטע מענשען. לייבעטשקע אָבער איז געווען א קליין, אָרים מענשעלע, אַ פּחדן ווי א דריי־יעהריג קינד. עס איז אין איהם גאָרנישט געווען פון בעדייטונג: קליינע אויגעלאך, וואָס האָבען שטענדיג געפינטעלט, קליינע הענדטעלאך, שיטערע, קורצע הערעלאך אויף'ן פנים, אַ קליין העלזעל אויף צוויי קרומע פּלייצעס. דער פאָטער האָט מיט אַלץ געהאַט מזל און ביי לייבעטשקע האָט אפילו דאָס ווייב גע־האט אַזאַ כאראקטער, אז איך וועל עס ניט ווינשען מיין ערגסטען שונא. קינדערלאך האָט לייבעטשקע געהאט 11 שטיק. ניט אומ־זיסט האָט דאָס שטעדטעל געקוקט אויף דעם הויזגעזינד ווי אויף אביישפּיעל פון דעם ווי א מענש קאָן געשטראָפט ווערען, אויב ער איז אפילו מיט גאָרנישט ניט שולדיג.

א לעבען האָט לייבעטשקע געמאַכט דערפון וואָס ער האָט גע־שפּיעלט אויף אַ פיעדעל, דערביי האָט ער געשפּיעלט מיט דער לינקער האַנד, ווייל אזוי איז ער שוין געבוירען געוואָרען אַ לינ־קער. ווי אזוי לייבעטשקע האָט געשפּיעלט דאָס איז שוין אנ'אנ־דער פראגע, אָבער איך קאָן אייך שווערען ביי אַלץ וואָס איז היי־ליג, אז אויב לייבעטשקע וואָלט ניט געשפּיעלט, טאַקי מיט זיין לינקער האנד, וואָלטען מסתמא א העלפט פון אונזערע אידישע טעכטער געבליבען אַלטע מוידען עד היום.

לייבעטשקע איז געווען דער ערשטער פיעדעל־שפּיעלער אין דעם חתונה־אָרקעסטער ביי שמערעל דעם קרומען, אויך אין זיין מין אנ'אויסגעצייכענט מענשעלע. שמערל דער קרומער איז געווע־זען דער איינציגער איד אין אונזער שטעדטעל, וואָס האָט געקוקט אויף גאָט'ס וועלט מיט דער רעכטער העלפט פון זיין פנים ניט מיט אנ'אויג, נאָר מיט א שטיק שווארצען, שמוציגען פלאסטער.

אָט ביי דעם דאָזיגען שמערעל, וואָס איז געווען שטענדיג אין כעס, ווייל דער פלאסטער האָט פארדעקט פון איהם אין משך

פון 25 יאָהר א גאנצע העלפט פון דער שעהנער וועלט, ביי דעם
דאָזיגען שמערל האָט געארבייט לייבעטשקע. עס איז באמת גע־
וועזען אַ קאַטאָרזשנע ארבייט. דריי א זייגער ביי טאָג איז מען
געזעסען אין דעם פוסטען זאַל און געווארט אויף דער כלה. פון
דעם מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעהויבען דאָס שפּיעלען, וואָס פלעגט
זיך ענדיגען אויף מאָרגען, אַ מאָל ערשט מאָרגען אָוונד. די גאַנ־
צע צייט האָט מען געמוזט, נאָר עפּיס וואָס צובייסענדיג, פידלען
מיט אַזאַ אימפּעט, אז מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז דאָס מאָל
וועט שוין שמערל ניט אָבלעגען דאָס באַצאָהלען אויף שפּעטער,
נאָר וועט זיך מאַכען ברייט טאַקי באַלד נאָך דער חתונה. אַ זייגער
12 ביי נאַכט, איידער מען פלעגט געהען צום טיש, פלעגט זיך אָנ־
הויבען די גרעסטע פייערליכקייט. ווי זאָל איך אייך אויסמאָלען
ווי דער בכבוד'ער שמערל פלעגט זיך אויפהויבען פון זיין הוי־
כען שטול, פון וואנען ער פלעגט ווי אנ'אָדלער אָנקוקען מיט איין
אויג די פרעהליכע אידעלאך און געמאכט אין דער לופטען מיט'ן
סמיטשעק א באוועגונג, וואָס האָט געהייסען, אז מען זאָל שפּיעלען
די „שער”. און נאָך דעם? נאָך דעם פלעגט ער אָבווישען דעם
שוויים פון זיין צוהיצטען פּנים מיט א רויטער פאטשיילע און גע־
בען לייבעטשקע א צייכען מיט זיין אויג, א צייכען, וואָס האָט גע־
הייסען אַלץ וואָס איהר ווילט: אי יאָ, אי ניט; אי געה צו אַל־
די־רוחות, אי זעץ זיך אַוועק, לייבעטשקע, אויף מיין אָרט. ליי־
בעטשקע האָט גענומען דעם סמיטשעק מיט זיין לינקער האנד,
שטילענקערהייד אוועקגעזעצט זיך אויף דעם שפּיץ שטול פון זיין
בעל הבית און דער בארוהיגטער שמערל פלעגט אוועקגעהען צווי־
שען די צוהיצטע יונגע לייט מיט זיין הוט אין דער האנד, כדי
צו מאכען א ביסעל געלד — אָ, וואָס פאר זיסע געפיהלען זענען
דענסטמאָל געוועזען אויסגעגאָסען אויף זיין פּנים. אין דער מינוט
האָט עס אויסגעזעהען אזוי ווי ער וואָלט פארגעסען, אז ער
האָט לונגען — דאָס העמד איז גוט געלעגען אויף זיין ברייטער
ברוסט און מען האָט געקאָנט מיינען, אז דאָס גאַנצע לעבען זיינס
איז אריבער איבער זיין איינציגען אויג, וועלכער איז געוועזען גרייט
ארויסרייסען זיך פון דעם פּנים און אריינפליהען אין דער קע־
שענע פון יעדען קאַוואַליער... אין דער צייט האָט לייבעטשקע, אַ
הונגעריגער, א האלב - פארשלאָפענער, נעשפּיעלט עפּיס טרויערי־

געֶם, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אָלעמען דערצעהלען מיט די שטי־לע, אומעטיגע טענער פון זיין ליעד, ווי אומעטיג און שרעקליך עס איז זיין לעבען...

א מאָל אין אנ'אָווענד — איך געדענק דאָס איז געוועזען סוף זומער, ווען די לבנה איז גרויס און קקאָר — זענען אויף א באַנק ביים אַפּטייק פון שפּיטאָל געזעסען דער עקאָנאָם, דער פּער־וואַלטער און דער אַפּטייקער און האָבען זיך שרעקליך געלאַנגוויי־ליגט! איך, דער דיענער ביים טויטען־שטיבעל פון'ם שפּיטאָל, בין געזעסען ווי דער שטייגער איז צוזאַמען מיט זיי, מחמת קיינער האָט זיי ניט געקאָנט, די דאָזיגע פריינד, אזוי פרעהליך מאַכען ווי איך. אין יענע צייטען האָב איך אויסגעצייכענט גוט געקענט טאַנצען, אויסטראַכטען מעשיות, געקענט א סך וואונדערליכע אי־דישע לידער און האָב זיי געזונגען אזוי ווי קיין שום איד אין דער וועלט האָט עס ניט געקאָנט טהון. אָבער אין דעם אומגליק־ליכען אָווענד בין איך עפּיס ניט געוועזען אזוי גוט אויפגעלעגט און האָב זיי בשום אופן ניט געקאָנט לוסטיג מאַכען. אלע דריי זענען געזעסען בייזע און האָבען געשוויגען, האָבען זיך גענודיעט, קוקענדיג אויף די וויסטע און אויסגעשטאָרבענע גאַסען. האָב איך זיך שוין געהאַלטען וויטליך פון זיי, מורא האָבענדיג פאַר זיי. איך האָב אַלץ אָנגעקוקט דעם עקאָנאָם, וועלכער פלעגט ווערען פּשוט ווילד, ווען עס איז איהם געוועזען נודנע אויף'ן הארצען.

— צי זאָלען מיר ניט אפשר אָבשמייסען מיכעלן? האָב איך פּלוצלונג דערהערט זיין ברוטאַלען קול, און דערזעהען, ווי ער בע־וויזט אויף מיר מיט'ן פינגער.

איך בין פּשוט אויפגעשפּרונגען פון שרעק. „אָבשמייסען מיך! בַיי דעם דאָזיגען משוגענעם, האָב איך מיר געטראַכט, קאָן זיך אַלץ טרעפען. — און געוואוסט האָב איך, אז עס איז בעסער אריין צווישען די פליגעל פון א ווינד־מיהל, איידער אין זיינע הענד".

— צו וואָס זאָלט איהר מיך שלאָגען, — האָב איך פאָרזיכטיג געזאָגט און דערוויייל וואָס אָבגערוקט זיך א ביסעלע צוריק.

— דאָס וועט מיך מאַכען פרעהליך, האָט ער געענטפערט, איך שטאַרב פון אומעט.

— אפשר ווילט איהר ה' עקאָנאָם, האָב איך אָנגעהויבען ווי־

דער מיט חניפה, אז איך זאָל אייך זינגען: „ווי דער קבצן איז אויף'ן אויוון געזעסען".

— דיינע לידער זענען מיר נמאס געוואָרען. ניסענזאָן, האָט ער זיך געווענדעט צום אַפּטייקער, וואָס זאָגט איהר צו מיין גע־דאַנק וועגען אַבשמייסען מיכעל'ן?

— וואַרט, בין איך געבליבען א דערציטערטער, ווילט איהר, וועל איך אייך דערצעהלען, ווי איך האָב זיך אויסבעהאַלטען פון סאָלדאַטשינע, ווען איך בין געווען נאָך 10 יאָהר אַלט און האָב אָבגענאָרט צוויי סאַמע קלוגע אַנענטען.

— שוין געהערט די מעשה. ניין, איך וועל דיר געבען קלעפּ.

— איך בין אַליין גרייט צו וואַרפען זיך אויף דעם ערשטען וואָס זאָל זיך מיר טרעפען, האָט זיך אריינגעמישט דער אַפּטייקער און געריבען זיינע הענד.

— וואַרט נאָר, איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען דער עקאָנאָם, א גליקליכער פון עפּיס א נייעם געדאַנק, — איך האָב אַנ'איינפאַל. אויב מיכעל וועט גאָר נישט אויסטראַכטען אין פינף מינוט ארום וועל איך איהם אָבשניידען די באָרד. מיכעל, נעהם דעם זייגער און צעהל, האָט ער מיר קאַלט געזאָגט און אויסגעשטרעקט צו מיר זיין האַנד.

עס איז געוואָרען גאָר מאוס. דער עקאָנאָם האָט אין אַזעלכע פאַלען נישט געמאַכט קיין קונצען. נאָך זיינע אויגען האָב איך גע־זעהען, אַז איך וועל האָבען א ביטערען סוף.

— ה' עקאָנאָם, האָב איך זיך גענומען בעטען און בין פּלוצ־לונג געבליבען שטעהען און האָב זיך צוגעהערט.

— וואָס איז? האָט ער געפרעגט און געוואַרט.

— דוכט זיך, אז עמיצער געהט, איהר הערט?

אַלע האָבען זיך צוגעהערט. עמיצער איז טאַקי געגאַנגען. אין א פּאָר מינוטען ארום האָבען מיר דערזעהען, — ווי א מענש געהט אוועק פונם ברונעם און דערנעהנטערט זיך צו אונז מיט שטילע, אונזיכערע טריט.

— צי איז דאָס ניט דער טערק? האָב איך זיך אָנגעפרעגט אונשולדיג.

— געה צום טייוועל, איז בייז געוואָרען דער אַפּטייקער, דער פּחדן.

דער מענש איז צוגעקומען נעהענטער צו אונז און איך האָב איהם תיכף דערקענט.

— לייבעטשקע! האָב איך אויסגעשריען, א פארציטערטער.

— לייבעטשקע! האָבען אין איין קול אויסגעשריען דער אַפּ־טייקער, דער עקאָנאָם און דער פערוואַלטער. ווי קומסט דו אַהער?

— יאָ, לייבעטשקע, האָט אומעטיג געענטפערט און אַ דרעה געטהון מיט'ן קאָפּ דער פידעל־שפּיעלער אַזוי ווי עפּיס וואָלט איהם געשטיקט.

— וואָס מאַכסט דו דאָ? האָב איך איהם געפרעגט, שפּיעלסט דו דען ניט היינט?

— איך בין געקומען, מיכעל, בעטען עפּיס א רפואה, וואָסער ניט איז רפואה, ווייל מיין צווייטען קינד איז געוואָרען זעהר שלעכט.

— וואָס הייסט „דעם צווייטען", האָב איך איהם אָנגעקוקט. איז דען שוין דעם ערשטען געוואָרען בעסער.

— יאָ, בעסער, האָט מיט אַ זיפץ געענטפערט לייבעטשקע און געצופּט זיין בערדיל, — נעכטען אינדערפריה איז עס אויסגעגאַנגען.

— וואָס, לייבעטשקע, ביי אייך איז א קינד געשטאָרבען? האָט געפרעגט דער פערוואַלטער.

— געשטאָרבען, הער פערוואַלטער, דאַנקען גאָט געשטאָרבען. אפשר איז דאָס בעסער, האָט ער צוגעגעבען.

ער האָט געערעדט ווי פון שלאָף, מיעד, איינטאָניג. מען האָט געזעהען, אז ער איז שרעקליך מיעד און האַלט זיך קוים אויף די פיס. אָבער מיט יעדען נייען וואָרט האָט ער ווי אויפגעלעבט. דער־וואַרימט פון דעם, וואָס דער פערוואַלטער האָט זיך ביי איהם אָנ־געפרעגט, האָט ער אָנגעהויבען דערצעהלען מיט אַ ציטערנדיגער שטימע וואָס איז אַזוינס ביי איהם געשעהען.

— אויף וואָס פאר געדאַנקען נאָר ברענגט אַ מענשען דאָס אומגליק, האָט ער ארויסגעזאָגט מיט טרויער. דאָס איינציגע אין לעבען, וואָס איך האָב ליעב, זענען מיינע קינדער, אָבער איך האָב זיך אַזוי פיעל אָנגעליטען איידער מיין מיידעלע איז געשטאָרבען, אַז איך בין גרייט צו דאַנקען גאָט פאר איהר טויט. אָ, הער פער־וואַלטער, אויב איהר וואָלט נאָר געזעהען, ווי זי האָט געליטען, ווי זי האָט זיך געריסען צו מיר מיטביידע הענדטעלאך, איך זאָל איהר העלפען. אָט איז זי געשטאָרבען און איך ווייס פאָרט ניט,

וואָס איך זאָל טהון, וואָס זאָל איך טהון, גאָט מיינער, ווייטער? מיינע פּערדיענסטען ביי שמערל׳ען זענען נישט גענוג אויף אויסצוהאַל־טען אונז, איצט מוז מען מקבר זיין דאָס מיידעלע, און אין הויז, שוועך איך אייך, איז ניטאָ אפילו קיין קופּערנער גראָשען. פון דעם מיידעלע געהט שוין אזא ריח, אז מען קאָן ניט זיין אין שטוב, זיצען מיר אין הויף. ניטאָ מיט וואָס מקבר צו זיין. איצט איז קראַנק געוואָרען די צווייטע. וואו זאָל מען נעהמען די רפואה? שבעה דאַרף מען אויך זיצען 7 טעג. ווער זשע וועט פּערדיענען? איך זאָג אייך דעם אמת: עס איז אזוי ביטער, אז איך וואָלט זיך אריינ־געוואָרפען אין ברונעם.

— מיר האָבען אלע געשוויגען. לייבעטשקע האָט זיך אונטער־געשפּאַרט מיטביידע הענד און געקוקט אויף דער ערד, וועלבע האָט אויסגעזעהען ווי געל פון דעם שיין פון דער לבנה.

פּלוצלונג האָב איך דערזעהען ווי דער עקאָנאָם איז אויפגע־שטאַנען, אַ קלאַפּ געטהון דעם אַפּטייקער אין דער פּלייצע און, ארויסנעהמענדיג פון דער קעשענע 10 רובל, געזאָגט:

— דאָ זענען, לייבעטשקע, צעהן רובל און עס ווענדט זיך אָן דיר, אז זיי זאָלען זיין דיינע.

— הער עקאָנאָם, האָט ער אויסגערופען.

— אָן דיר ווענדט זיך דאָס, האָט יענער איבערגע׳חזר׳ט. איך וויים, אז דו ביזט ניט קיין פּחדן און געהען זיי נעהמען אין טוי־טען־שטיבעל, וואו מיכעל וועט זיי אוועקלעגען, איז פאַר דיר אַ גאָרנישט. ווילסט דו?

— דאָס איז אַ געדאַנק, איז פרעהליך געוואָרען דער אַפּ־טייקער און אַ קלאַפּ נעטהון דעם עקאָנאָם איבער דער פּלייצע. מעגסט זיך שעהמען מיכעל. אָבער לייבעטשקע, דו דאַרפסט דאַנ־קען גאָט פאַר אזא גליק. איך פון מיין זייט וויל דיר זעהר העלפען און איך וועל דערפאַר געבען צו שטייער נאָך אַ דרייערל.

ער איז געוואָרען פרעהליך און גענומען עפּים זוכען אין דער קעשענע. דער פערוואַלטער האָט דערביי געזאָגט:

— לאָמיר זאָגען, אז דאָס איז ניט זעהר פיין, אָבער אזוי ווי צו געהען אין טויטען־שטיבעל איז פאַרט ניט קיין קלייניגקייט בין איך אויך מסכים און וועל געבען כדי אויסצוגלייכען די רעכ־נונג נאָך 7 רובל.

איך בין פּשוט אונטערגעשפּרונגען. צוואַנציק רובל! איך וואָלט פאַר איין רובל אַוועק נעכטינען אויף׳ן בית עולם. לייבעטשקע אָבער איז פון אויפרעגונג געוואָרען אוים מענש.

— צוואַנציג רובל, האָט ער געמורמעלט, געצויגען זיינע הענד צום עקאָנאָם און באַלד גענומען זיי צוריק. אַנ׳אומגליקליכער מענש בין איך!

געהען אין טויטען־שטיבעל איז פאַר איהם אַזוי שרעקליך, אַז אַנ׳אמת׳ער פּראָסט וואַרפט זיין גאַנצען קערפּער און רופט ארויס אַ טויט־אומעט אין האַרצען. און פונדעסטוועגען מוז מען געהען — מורא האָבען און געהען, ווייל דאָס איז דאָך אַנ׳אוצר, וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל אין זיין לעבען אין די הענד ניט געהאַט. דאָס הייסט דאָך מקבר זיין ווי עס דאַרף צו זיין דאָס קינד, קויפען אַ רפואה דעם קראַנקען מיידעלע, אָבזיצען רוהיג די זיעבען טעג שבעה, האָדעווען זיך עטליכע טעג מיט וואַרימע עסענס, קויפען פאַר די אייגענע וואַרימע קליידער אויף ווינטער...

— אפשר... אפשר... האָט מיט אַ מורא געפרעגט לייבעטשקע, וועט איהר מיר געבען פינף רובעל און אָבלאָזען. איך האָב מורא, הער פּערוואַלטער, איך בין, זייט מיר מוחל, אַ טרוס און האָב מורא צו בלייבען אין שטוב אפילו מיט מיין מיידעלע. איך קוק גאַר ניט אַהין, וואו זי ליעגט. צו וואָס דאַרפט איהר האָבען מיין שרעק? העלפט אַ מענשען, וועט ער אייך בענשען. ניין, בעסער גיט ניט. איך וועל דאָך זיך שפּעטער אויפהענגען פון צער, וואָס איך האָב פאַרלוירען 15 רובעל. גיט מיר 10 רובל און לאָזט מיך אָב. ביי מיר ליעגט דאָך אַ טויט קינד און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס עס צו באַגראָבען. צו וואָס דאַרפט איהר האָבען מיינע ליידען? גיט מיר צעהן רובל און טרייבט מיך ארויס. נעהמט אַ שטעקען און שלאָגט מיך, איך זאָל אַוועקגעהען. איך וועל דאָך דאָרט שטאַרבען פון שרעק.

— ניין, גיט ניט, האָט זיך ארויסגעריסען ביי איהם מיט אַ קלאַנג. איך וועל געהען. זאָל מיכעל אַוועקלעגען דאָרט דאָס געלד. איך וועל זיך שטאַרקען.

ער איז געבליבען שטעהען, ווידער אָנגעהויבען רעדען, אויפ־געהערט און האָט אַזוי אומגליקליך אויסגעזעהען מיט זיינע בע־וועגונגען און זשעסטען. דער עקאָנאָם האָט אפילו ניט געהערט,

וואָס ער האָט גערעדט, האָט מיר געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין אויער און אַלץ איז געוועזן פאַרטיג. ווען איך בין געקומען פון טויטען־שטיבעל, וואו איך האָב אַלץ איינגעאָרדענט אזוי, ווי מען האָט עס מיר געזאָגט, האָט לייבעטשקע אויסגעזעהען ווי א משוגענער. ער האָט געציטערט, עפּיס געמורמעלט און אזוי ווי געקריגט זיך מיט א פיינד, וואָס ער האָט גאָר ניט געזעהען.

— קאָנסט איצט געהען, לייבעטשקע, האָב איך געזאָגט און א טרייסעל געטהון איהם ביי די פּלייצעס, דיין געלד וואַרט אויף דיר. עס ליעגט אויף׳ן פענסטער, באלד אויף רעכטס ווי דו קומסט נאָר אהין אריין!

ער האָט אַ קוק געטהון אויף מיר מיט א טיעפען דורכדרינ־גענדען בליק אזוי ווי ער וואָלט וועלען ארויסלייענען אין מיינע אויגען זיין גורל.

— געה, געה, האָב איך איבערגע׳חזר׳ט און האָב אָבגעדרעהט פון איהם מיין פּנים.

איך האָב איהם ארומגעפיהרט דורך דער הינטערשטער טהיר פון אַפּטייק און האָב איהם באוויזען דעם וועג, וואָס פיהרט צום לאַנגען און פינסטערען, ווי אַ קבר, גאַרטען.

— מיכעל, טייערער מיכעל, האָב איך דערהערט ווי זיין קול ציטערט, און צוויי קאַלטע הענד האָבען זיך אַוועקגעלעגט אויף מיינע פּלייצעס.

— געה, געה, האָב איך קאַלט געענטפערט און זיך ארויסגע־דרעהט פון זיינע הענד.

ער האָט אַ זיפץ געטהון און איז אוועק. אין אַ מינוט ארום זענען מיר שוין געוועזן אין גאַרטען און נאָכגעפאָלגט יעדע זיינע בעוועגונג.

— אַ שלעכטע מעשה האָבען מיר דאָ אָנגעטהון, האָט פּלוצ־לונג געזאָגט דער פערוואַלטער, פאַרלירענדיג דעם געשמאַק צו דעם שפּיעל. דער אָרימער וועט משוגע ווערען, דאָס איז ניט מענשליך.

— ע, האָט אָהן הארץ געענטפערט דער עקאָנאָם, עס איז פּשוט ניט אויסצוהאַלטען פון אייערע בעמערקונגען. ניטאָ מעהר קיין צוריק!

מיר זענען געבליבען שטעהן מיט א שווערען געפיהל. וואָס מאַכען מיר עס דאָ? צו וואָס זאָל מען פּייניגען דעם

אומגליקליכען מענשען? אָבער לייבעטשקע האָט צוגעצויגען אונזער אויפמערקזאַמקייט און מיר האָבען זיך ניט געקענט פאַרטיפען אין אונזערע געדאַנקען. ער איז געשטאַנען ערגיץ אין דער פינסטער־ניש און האָט אויף גיך געזאָגט: „שמע ישראל...״

— דער אָרימער, האָט ווידער געמורמעלט דער פערוואַלטער. דאָס איז פּשוט אונמענשליך.

— שווייגט דאָך, האָט ניט מיט זיין קול אריינגעזאָגט איהם אין אויער אריין דער עקאָנאָם.

איצט האָט מען דערהערט לייבעטשקע׳ס טריט אין אַנ׳אַנדער אָרט און עס איז געוועזען אזוי משונה זיין ציטערענדער קול, וואָס איז אַלץ ווייטער פערשוואונדען אין דער פינסטערניש.

— גאָט מיינער, האָט מען פּלוצלונג דערהערט א זיפץ און ווידער דערזעהען זיין שפּרינגען אין גאָרטען.

אינמיטען גאָרטען איז ער ווידער געבליבען שטעהען. מיר זע־נען געשטאַנען הינטער א קוסט מיט בלומען, גאָר ניט ווייט פון איהם און געקוקט. וואָס האָט ער געטהון? וואָס איז פּאָרגעקומען אין זיין האַרצען? וועגען וואָס האָט ער נאָר געטראַכט?

פון דעם שטילען ווינט האָבען די בוימער זיך צערטליך גע־שושקעט, אזוי ווי אויבען אויף די צווייגען וואָלט מען אויפגע־וועקט מערקווירדיגע פויגלען ניט פון דער וועלט. זאמד און טרו־קענע בלעטער האָבען טרויעריג אָבגעזיפּצעט אונטען ביי די פיס, גענומען זיך קייקלען און דרעהען זיך ווי פאר א שטורם און זע־נען צוזאמען אוועקגעפלויגען ערגיץ־וואו פון גאָרטען, וואו עס איז געוועזען פריי און ניט געמיטליך.

— גאָט מיינער, טייערער נאָט, האָט זיך דערטראָגען צו אונז זיין קול און זיינע טריט אין דער פינסטערניש. מיר האָבען זיך צוגעאיילט, כדי נאָכצוקוקען איהם. געשוויגען און צוגעהערט. אָט איז שוין דער סוף פון גאָרטען. אָט איז אַ שטיק פּוסטע פעלד און צווישען איהם און דעם גאָרטען א קליינע, אַלטע וואנד מיט א קעמערל אינמיטען, און דאָרט ווייטער, אין דער טיעפעניש, דאָס טרויעריגע טויטען־שטיבעל.

מיר האָבען זיך קוים געקאָנט צואיילען, אזוי שנעל האָט זיך לייבעטשקע אומגעקעהרט צוריק. עס זענען אוועק עטליכע שווערע אויגענבליקען. וואָס האָט ער געטהון? אָט איז ער ווידער ביים

טהירעל. ער שטעהט, טראַכט ארום און רייסט זיך דאָס בערדעל.
פלוצלונג גיט ער זיך אַ דרעה און געהט אויף'ן פעלד. מיר שטע־
העז שוין ביים טהירעל און קוקען אויף איהם. מיט שטילע טריט,
וואָס מען האָט קוים געהערט, ארומגעקוקט זיך אין אַלע זייטען,
געהענדיג פאָראויס און באַלד צוריק, איז ער סוף כל סוף אַנגעקו־
מען צום שרעקליכען אָרט. ביי דער טהיר פון דעם טויטען־שטיבעל
איז ער ווידער געבליבען שטעהען און פלוצלונג האָבען מיר דער־
הערט, ווי ער האָט מיט א מאָל האסטיג געעפענט די טהיר. אָבער
באַלד נאָך דעם האָט מען דערהערט א אונמענשליכען געשריי. לײַ־
בעטשקע איז אָבגעשפרונגען פון דער טהיר און, אויסשטרעקענדיג
די הענד, געבליבען שטעהען ווי איינגעגראָבען... פון טויטען־שטי־
בעל איז ארויסגעגאַנגען א מענש... מען האָט ווידער דערהערט אַ
געשריי, אָבער שוין אַ געבראָכענעם, אַ ווייטען. לייבעטשקע האָט
זיך א שאָקעל געטהון און איז אַנידערגעפאַלען... ווען מיר זענען
צו איהם צוגעגאַנגען האָט ער שוין גע'גוס'עט.

דער אַלטער מיכעל האָט פארענדיגט די געשיכטע, איז ענט־
שוויגען געוואָרען און זיך פערטראַכט. אין צימער, וואו מיר זענען
געזעסען, איז געוועזען שטיל. מיין חבר האָט א הוסט געטהון און
דער צויבער איז פערשוואונדען.

— ווי אזוי זשע איז אריין אהין דער מענש, וועלכען ער האָט
דערזעהען? האָט איינער פון אונז געפרעגט.

מיכעל איז געוואָרען פינסטער. ער האָט ארויסגענומען פון דער
קעשענע אנ'אַלטע טאַבאַק־פושקע, אַ קלאַפּ געגעבען מיט צוויי פינ־
גער און, ארויסנעהמענדיג פון דאָרט א שמעק טאבאק, אריינגע־
צויגען איהם טיעף, טיעף צוערשט אין איינע פון די נאָזלעכער
און נאָך דעם אין דער צווייטער.

— ווי אזוי איז ער אריין אהין?... ווי אזוי איז ער אריין?

מיר האָבען געשוויגען. דער מערדער איז געוועזען צוזאַמען
מיט אונז.

---

# אינהאלט

# ס ע מ י א ז

# יושקעוויטש

געזאמעלטע שריפטען
אויף אידיש

I. אידען און אנדערע ערצעהלונגען.

II. פיעסען.

III. עפּיזאדען.

